י. ד. בערקאָוויטש

# אונדזערע ראשונים

## זכרונות־דערציילונגען וועגן שלום־עליכם און זיין דור



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשכ"ו

ל נ ש מ ת  ט י ס י
מקור אורי וישעי
למן שחר נעורינו
ועד יומה האחרון

שלום־עליכמס בריוו געשריבענע אין רוסיש צו זיין פאַמיליע, אָדער צו אַנדערע פּערזאָנען, וואָס ווערן דאָ געבראַכט איגאַנצן אָדער טיילווייז, ווי אויך די, וואָס ער האָט געשריבן אין העב־רעאיש, ווערן דאָ איבערגעזעצט פון דעם דערציילער. די יידישע ווערטער, אָדער פראַזעס, וואָס וואַרפן זיך דורך אין די דאָזיקע בריוו, ווערן דאָ געגעבן מיט גרעסערע אותיות.

אַזוי ווי דער צוועק פון די בריוו, וואָס ווערן דאָ געבראַכט, איז נאָר דערציילעריש, ניט עפּיסטאָלאַריש, ווערט דאָ דער אויסלייג פון די אָריגינעל־יידישע בריוו געגעבן ניט אויטענטיש, נאָר לפי די אָנגענומענע כללים פונעם מאָדערנעם יידיש.

כדי לייכטער צו מאַכן דאָס לייענען, ווערן דאָ די באַמער־קונגען און דערקלערונגען פונעם דערציילער געגעבן ניט אונטן, אָדער צום סוף פונעם בוך, נאָר גלייך אויפן אָרט, אינעם טעקסט, איינגעפאַסט אין פּירקאַנטיקע קלאַמערן.

אויסגעלאָזטע ווערטער אינמיטן אַ פּסוק ווערן באַצייכנט מיט דריי פּינטעלעך אין פּירקאַנטיקע קלאַמערן. אַן אויסגע־לאָזטע פראַזע, אָדער אַ גאַנצער אָפּשניט, וואָס איז ניט פּאַסיק, אָדער ניט וויכטיק פאַרן ענין, ווערט באַצייכנט מיט דריי געדאַנקען־שטריכן און מיט אַ פּונקט נאָך זיי (— — —.).

# אַריינפיר

באַלד נאָך שלום־עליכמס טויט, מיט קאַרגע פופצן יאָר צוריק, האָבן מיך נאָענטע מענטשן גענומען אויפפּאָדערן, איך זאָל געבן אַ בילד פון שלום־עליכמען, פון זיין לעבן און שאַפן, דורך שרייבן מיינע זכרונות וועגן אים. מיר איז באַשערט געווען צו קענען שלום־עליכמען גאָר פון דער נאָענט פולע עלף יאָר נאָכאַנאַנד, זינט ער איז אַרויס־געפאָרן פון זיין באַזעסענער היים אין קיִעוו און האָט אָנגעהויבן ברייט באַקאַנט צו ווערן מיט דער יידישער וועלט און אין דער יידישער וועלט — ביז צו זיינע לעצטע טעג. דערביי בין איך העכער צען יאָר פון די עלף געווען איינער פון זיינע בני־בית, געזעסן דאָס רוֹב מיט אים אין איינעם, געזען אים אין אַלערליי לאַגעס און זעלישע צושטאַנדן, געווען אינטים אַריינגעצויגן אין זיין שאַפן און אין זיינע פאַרבינדונגען מיט דער אַרומיקער וועלט. און אַפילו אין צייטן, ווען מיר זענען געווען צעשיידט, האָט ער אונדז, מיך און מיין פרוי, זיין עלטסטע טאָכטער, געהאַלטן אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אַלצדינג, וואָס קומט־פאָר ביי אים: מיט זיין אַרבעט, מיט זיינע פּלענער און חלומות, מיט אַלע זיינע פריידן אוןליידן. ער האָט דאָס געטאָן דורך לעבעדיקע און דורכזיכ־טיק־קלאָרע בריוו, וואָס ער פלעגט אונדז שרייבן כמעט יעדן טאָג, און אויף וואָס ער איז געווען אַ זעלטענער קינסטלער — איינער פון די מייסטערהאַפטע בריוו־שרייבער, וואָס די וועלט־ליטעראַטור קען. און וויבאַלד איך בין אפשר דער איינציקער צווישן שרייבער, וואָס האָט געהאַט די מעגלעכקייט שלום־עליכמען אַזוי נאָענט צו קענען, איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס מענטשן האָבן דערוואַרט פון מיר, איך זאָל פאַרן יידישן לייענער עפענען אַ טיר, דורך וועלכער ער זאָל קאָנען בעסער זען און באַטראַכטן די ליבע, האַרציקע און חנוודיקע געשטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס הייסט שלום־עליכם.

דעמאָלט אָבער, באַלד נאָך שלום־עליכמס טויט, האָב איך אַזאַ אַרבעט ניט געקאָנט טאָן. שלום־עליכם איז פאַר מיר געווען ניט נאָר אַ נאָענטער מענטש, פול מיט פאָטערלעכער, ליכטיקער און וואַרעמער גוטסקייט, וואָס האָט באַשטראַלט מיינע בעסטע יונגע יאָרן, נאָר אויך אַ נאָענטער שרייבער — דער נאָענטסטער פון אַלע אונדזערע ערשטע קינסטלער־וועגווייזער אין דער יידישער ליטעראַטור. איך בין חדשים־לאַנג, און אויך יאָרן נאָך דעם, געווען אַ טאָפּעלער אָבל, טיף געטרויערט נאָך אים און פּיינלעך געבענקט נאָך זיין לויטערן שעפערישן שמייכל, וואָס איז אַזוי פּריצייטיק אויסגעלאָשן געוואָרן פון אונדזער גרויער ליטעראַרישער סביבה. ביי אַזאַ נשמה־צושטאַנד איז שווער געווען צו פאַרוואַנדלען מיינע באַטראַכטונגען פון שלום־עליכמס לעבן און מיינע באַציאונגען צו זיין פּערזענלעכקייט אין אַ ליטעראַרישער טעמע. נאָך מער: איך האָב געהאַלטן, אַז אַזוי פרי טאָר איך דאָס ניט טאָן. צו נאָענט איז פאַר מיר דעמאָלט נאָך געשטאַנען זיין איבערגעריסן רייך און פאַרביק לעבן, איך זאָל עס קאָנען זען אין קלאָרן, געלייטערטן ליכט, און צו שטאַרק איז געווען מיין פּערזענלעכע בענקשאַפט נאָך זיין פאַר־שווונדענער געשטאַלט, איך זאָל זי קאָנען באַטראַכטן מיט דער גע־העריקער געלייטערטער רואיקייט. ווי איך וואָלט מיך אין יענער צייט ניט באַמיט צו זיין אין מיינע דערציילונגען אמתדיק, וואָלט מיין אמת דאָך געווען איינגעהילט אין דעם הייסן אָטעם פון פּערזענלעכע איבער־לעבונגען און פון משפּחה־סענטימענטן. פאַר דעם לייענער וואָלט דאָס אפשר געווען אַ טשיקאַווער ענין — פאַר מיר, אַלס שרייבער, וואָלט דאָס געווען אַ גרויסע שטערונג צו דער אַרבעט.

נאָך די יאָרן לויפן, און אָט זענען שוין ביסלעכווייז פאַרלאָפן באַלד פופצן יאָר זינט שלום־עליכם איז אַוועק. פאַר דער צייט האָט מען ביי אונדז וועגן שלום־עליכמען אָנגעשריבן אַ גאַנצע ליטעראַטור. די דאָזיקע שלום־עליכם־ליטעראַטור איז אָבער כמעט דורכויס פון יענעם מין, וואָס גיט זיך אָפּ מיט דער פאָרשונג און באַלייכטונג פון שלום־עליכמס ווערק; צו זיין עצם־פּערזאָן, צו זיין מענטשלעכן וועזן, פון וועלכן עס איז אַרויסגעוואַקסן אויך זיין קינסטלעריש וועזן, איז זעלטן־

ווער ביז אַהער צוגעטראָטן. אויב עס געפינען זיך ביי אונדז אַזעלכע, וואָס שפרינגען אַרויס פון צייט צו צייט מיט „דערינערונגען וועגן שלום־עליכם", זענען די דאָזיקע דערינערונגען, צום מייַנסטן, עפּיזאָדישע, איינזייטיקע און גאַנץ אָפט אויבערפלעכלעכע, אויפגעכאַפּט ערגעץ אויף איין פוס פון אַ באַגעגעניש מיט שלום־עליכמען, פון אַ שמועס מיט אים, פון אַ נייגעריקן קוק אויף זיין אויסטערלישן דרויסנדיקן אויסזען. דאָס מערקווירדיקע דערביי איז, וואָס ביי אונדז שרייבן זכרונות וועגן שלום־עליכמען ניט דווקא שריפטשטעלער, וואָס ווייסן אַ טאָלק אין שרייבן, נאָר אויך מענטשן זייטיקע, פונעם פאָלק. עס איז מערקווירדיק דערמיט, וואָס שלום־עליכם איז, דאַכט זיך, דער איינציקער אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס דאָס פאָלק האָט אים נאָך ביים לעבן אָנגעהויבן באַפּוצן מיט פליטערלעך פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע, און דערהויפּט איז דאָס צו באַמערקן נאָך זיין טויט: יעדער איינער, ווער עס איז אויסגעקומען צופעליק אַ מאָל אים צו באַגעגענען, און ער קאָן האַלטן אַ פען אין דער האַנט, האָט שטאַרק חשק צו דערציילן פון אים פאַר דער וועלט עפּעס „שלום־עליכמדיקס — פון וואָס מע דאַרף, פאַרשטייט זיך, „פּלאַצן פון געלעכטער". עס וואַקסט ביי אונדז אויס אַזוי אַ טשיקאַווע שטיק ליטעראַטור, וואָס ביי אַנדערע פעלקער אין היינטיקע מאָדערנע טעג איז דאָס ניט צו זען: אַ פאָלקסטימלעכע באַלייכטונג פון דעם פאָלקסטימלעכן דיכטער, אַ מין „שלום־עליכמיאַדע". די כוונה פון אַזעלכע פאָלקס־דערציילער און פאָלקס־באַלייכטער איז אַוודאי זייער אַ גוטע: זי שטאַמט פון אמתער, קרובישער ליבשאַפט צום גרויסן יידישן הומאָריסט, צו „אונדזער שלום־עליכמען"; די רעזולטאַטן זענען אָבער שלעכטע: די פיגור פון דעם גרויסן יידישן הומאָריסט ווערט דורך דעם ניט אַלע מאָל ריכטיק באַלויכטן, נאָר מערסטנס אַרומגעשטעקט מיט פרעמדע פעדערן. באַלייכטן אין רעאַלן מענטשלעכן ליכט די טיף־מענטשלעכע פערזענלעכקייט פון שלום־עליכמען, דערציילן, ווי אַזוי ער האָט געאַרבעט, ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף דער אַרומיקער מאַטעריעלער און גייסטיקער וועלט, ווי אַזוי ער האָט דורכגעמאַכט גוטע און שלעכטע צייטן — דאָס האָט מען נאָך ביי אונדז אויף אַ געהעריקן אופן ביז אַהער ניט געפּרוּווט טאָן.

און דאָס וויל איך איצט פּרוּוון. איך מיין, אַז איצט איז שוין געקומען די צייט דערויף. נאָך מער: איך מיין, אַז איך טאָר דאָס שוין ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער. וואָרעם וואָס ווייטער די יאָרן גייען, אַלץ טונ־קעלער ווערן אין זכרון בילדער און געשעענישן פון אַמאָל. אמת, טונקל ווערן נאָר זאַכן אומוויכטיקע; דאָס, וואָס איז געווען וויכטיק, איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל אײַנגעקריצט געוואָרן אין מוח אַזוי, אַז די צייט קאָן עס ניט אויסמעקן. ביי דער אַרבעט פון פאָרשן און פאַרשטיין אַ פּער־זענלעכקייט דינט אָבער דאָס אומוויכטיקע, ווי אַ נייטיקער אונטער־שלאַק צום וויכטיקן. איך אײַל מיך דעריבער צו פאַרשרייבן מיינע זכרונות פון שלום־עליכמען, כל־זמן זיי זענען נאָך אַלע גאַנץ אין מיין געדעכעניש, כל־זמן שלום־עליכם אַליין שטייט נאָך אַ לעבעדיקער פאַר מיינע אויגן.

איך דאַרף דערביי באַמערקן, אַז תחילת האָב איך געהאַט אין געדאַנק צו באַגרענעצן זיך נאָר מיט שלום־עליכמס פּערזענלעכקייט אַליין, דאָס הייסט: דערציילן אין כראָנאָלאָגישן סדר אַלץ וואָס איז וויכטיק כדי צו לערנען און דערקענען זיין כאַראַקטער, ווי אַזוי איך האָב עס געזען און געלערנט אין פאַרלויף פון די יאָרן, וואָס איך האָב מיך געפונען נאָענט צו אים. אָבער אַז איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, האָט דאָס לעבעדיקע מאַטעריאַל מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז די ראַם האָט זיך פאַרברייטערט פון זיך אַליין. איך האָב געזען פאַר זיך די סביבה, אין וועלכער שלום־עליכם האָט געלעבט און זיך באַוועגט, אַ באַזונדערע וועלט פון שרייבער און פאַרלעגער, צייטונג־מענטשן און טעאַטער־לייט, אויך פון די וואָס דרייען זיך אַרום דער דאָזיקער וועלט, „חובבים" און „ליבע לעזער", און סתם חשובע בעלי־בתים — די זעלבע סביבה, אין וועלכער אויך איך האָב דערקענט די וועלט, — און האָב ניט געקאָנט אײַנהאַלטן דעם יצר־הרע, איך זאָל מיך ניט אָפּשטעלן אויף דעם און באַטראַכטן עס אין זיין פולן ליכט. אויך די פאַרשיידענע יידישע צענטערס אין אייראָפּע און אַמעריקע, ווו שלום־עליכם האָט דורכגעוואַנדערט אין אומגעוויינלעכע טעג, טעג פון רעוואָלוציע און פּאָגראָמען, פון יידישער עמיגראַציע און וועלט־מלחמה, האָב איך ניט געקאָנט אויסמיידן. האָב איך דעריבער גענומען שלום־עליכמען ווי דעם הויפּט־פאַרשוין פון מיין

דערציילונג, און אַלע איבעריקע ווי זיינע באַגלייטער, און דאָס וואָס אַרום אים — ווי די לופט, אין וועלכער ער האָט געאָטעמט. אמת, דורך אַזאַ צוגאַנג צום ענין איז מיין ראָל געוואָרן שווערער: איך האָב באַדאַרפט דערציילן בהרחבה וועגן אַ באַוווסטן מענטשן, דערצו אַזאַ, וואָס איז מיר באַזונדער נאָענט און ליב, ווי אַזוי ער האָט צו טאָן מיט אַ וועלט מיט מענטשן, און דערביי זיין געהיט פון סוביעקטיווער איבערטרייבונג, אָדער פון פרייער דערציילערישער פאַנטאַזיע. נאָר פון דעסטוועגן קאָן איך באַשטימט זאָגן, אַז די פאַקטן, וואָס איך דערצייל דאָ, זענען אַלע גענומען פון דערווירקלעכקייט, און די באַפּוצנדיקע פאַנטאַזיע האָט זיך דאָ ניט אַריינגעמישט. איך בין ניט ערב פאַר דער פינקטלעכקייט פון די גע־שפּרעכן, וואָס ווערן דאָ געבראַכט אינעם לויף פון מיין דערציילונג: מיט אַזאַ געניטן זיכרון קאָן זיך קיינער ניט באַרימען. אַ מענטש קאָן אפּהיטן אין זיכרון דעם אינהאַלט פון ווערטער, וואָס ער האָט געהערט מיט יאָרן צוריק, אָבער ניט געדענקען די ווערטער אַליין. דעריבער וועט דער לייענער אויפנעמען די געשפּרעכן ווי אַזעלכע, וואָס ווערן איבערגעגעבן נאָר על־פּי זיכרון — אומגעפער. הגם וואָס ס'איז שייך שלום־עליכמס לשון, ווי אויך מענדעלעס אָדער פּרצעס און ביאַליקס גע־שפּרעכן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אינדיווידועלער שאַרפקייט, מיט באַזונדערן סטיליסטישן שטייגער און מיט פּערזענלעכן חן, מיין איך, אַז זיי לעבן ביי מיר אין זיכרון עד היום אויטענטיש.

די שווערסטע שאלה פאַר מיר איז דאָ אָבער געווען: וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך אַליין ביים שרייבן מיינע זיכרונות וועגן שלום־עליכמען? צי זאָל איך דערלויבן מיין אייגענער פּערזאָן אויך זיך אַריינצומישן אין דער האַנדלונג פון די באַשרייבונגען, אָדער איך זאָל מיך בעסער האַלטן איינגאַנצן אין שאָטן, ווייט הינטער די קוליסן? וואָרעם איך שרייב דאָך דאָ זיכרונות ניט וועגן זיך, נאָר וועגן שלום־עליכמען — און זיך אַליין אַרויסצושטעלן אין דער עפנטלעכקייט האָב איך גאָר קיין חשק ניט. פון דער אַנדערער זייט האָב איך מיך אָבער ווידער באַטראַכט, אַז אין דעם לויף פון די אָנגעצייכנטע פּאַסירונגען וועט מיר גאַנץ אָפט אויסקומען צו זיין ניט נאָר אַ צושויער, נאָר אויך אַן אָנטיילנעמער, און אויב איך זאָל אַזעלכע

פּאַסירונגען דאַרפן שרייבן אומפּערזענלעך, ווי אַ „רואה ואינו נראה" — וועט דאָס פּאַר מיר טעכניש זיין זייער שווער דורכצופירן און וועט מיר אויך שטערן צו געבן אַ לעבעדיקן אויסדרוק צו דעם, וואָס איך האָב געזען און באַטראַכט. איז ביי מיר ענדלעך געבליבן — דאָס מאָל איינצושטעלן די אייגענע פּערזאָן, און דאָרט ווו דאָס וועט דורכויס זיין נייטיק פּאַר דער גאַנצקייט פון דער באַשרייבונג און פּאַר דער פולער כאַראַקטעריסטיק פון שלום־עליכמען, — לאָזן זיך אַליין אַריינפלעכטן אין דעם געוועב פון די קאַפּיטלען.

און שוין דאָ, גלייך אויפן אָרט, באַנוץ איך זיך מיט דער דאָזיקער גענומענער פּריווילעגיע, אום אַרויסצוזאָגן עפּעס, וואָס איז ריין פּערזענלעך: איך טרעט צו צו די באַשרייבונגען פון שלום־עליכמס לעבן מיט אַ באַזונדער אָנגעשטרענגטן געמיט. דאָס איז פּאַר מיר ניט נאָר אַ גרויסע שריפטשטעלערישע פליכט, נאָר אויך אַ גרויסע שריפטשטעלערישע אָנרעגונג. וואָרעם אויב ס'איז אָנרעגנדיק פּאַר אַ שרייבער צו פאַרטיפן זיך אין דער פּערזאָן פון אַ מענטשן פון דער גאַס, פון אַ סתם „יוסף בן שמעון", — ווי אָנרעגנדיק דאַרף זיין פּאַר אים צו פאַרטיפן זיך אין אַזאַ אָנצינדיקער פּערזאָן, ווי שלום־עליכם! וואָס מער איך טראַכט מיך איצט אַריין אין שלום־עליכמס לעבן, אין זיין עצם דערשיינונג צווישן אונדז, אַלץ מער וואַקסט ביי מיר דער געדאַנק, אַז מע וואָלט פון אים געקאָנט שאַפן אַ הערלעכן יידישן ראָמאַן — אַ ראָמאַן, אין וועלכן דער העלד, אַ ליכטיק יידיש פאָלקס־קינד, לערנט־אויס זיין טרויעריק פאָלק, אין די סאַמע טרויעריקע צייטן, הויך צו לאַכן, הויך אַריבערצולאַכן זיין טרויער. מיין אויפגאַבע איז ניט אַזאַ ברייטע און אַזאַ טיפע, ווי איבערדיכטן שלום־עליכמס לעבן אין דער פאָרעם פון אַ ראָמאַן. איך וועל נאָר שרייבן וועגן אים פשוטע זיכרונות, דערציילן ווירקלעכע זאַכן פון זיין לעבן. און פון דעסטוועגן פיל איך, אַז איך שטיי פּאַר אַן ערנסטן ליטעראַרישן פּרווו — על כל פנים, איז דער פּרווו זייער ערנסט פּאַר מיר, וואָס שלום־עליכמס גייסט שוועבט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג אַרום מיר אַ לעבע־דיקער, אַזוי לעבעדיק, אַז אָפט מאָל דאַכט זיך מיר, ווי ער בייגט זיך אָן איבער מיינע פּלייצעס און לייענט דאָס, וואָס איך שרייב וועגן אים...

וואָרעם, ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, שטייט נאָך שלום־עליכם אַ לעבעדיקער פאַר מיינע אויגן אַפילו איצט, פופצן יאָר נאָך זיין טויט. איך קאָן אים בשום אופן ניט פאַרשרייבן ביי זיך אין געדאַנק אין דעם בוך פון געשטאָרבענע. שוין זיין נאָמען אַליין, דער אייביק־באַגריסנ־דיקער, דערלאָזט דאָס ניט. עד היום קאָן איך ביי זיך ניט פועלן, איך זאָל נאָך דעם נאָמען „שלום־עליכם" שרייבן עליו השלום. אַפילו ניט: זכרונו לברכה — כאָטש זיין אָנדענק איז ביי מיר טאָפּל געבענטשט. אפשר נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס איך קער מיך אום אָפט צו זיינע ווערק, ווו עס קלינגט צו מיר אַרויס פון יעדן בלעטל זיין טיפע יונגע ליטעראַ שטים, זיין גוטער לויטערער געלעכטער?... און ניט נאָר אויף דער וואָר — אויך אין חלום זע איך אים תמיד אַ לעבעדיקן. מיט אַ מאָדנע עקשנות חזרט זיך ביי מיר איבער פון צייט צו צייט אַלץ איינ־און־דערזעלבער חלום, אין וועלכן עס ווערט מיר פּלוצעם קלאָר, אַז דאָס וואָס ער איז געשטאָרבן איז געווען אַ טעות — אין דער אמתן לעבט ער; ער איז נאָר אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און באַהאַלט זיך אויס פון מענטשן, זיי זאָלן אים ניט שטערן צו שרייבן. און ער פירט מיך אין די טונקעלע טיפענישן פונעם חלום צו זיין טיש און ווייזט מיר, אַז ער שרייבט, ער שרייבט... איך בלעטער גאַנצע בערג מיט פיין־איינגעבונדענע מאַנוסקריפּטן, געשריבן אויף פיינעם פּאַפּיר, מיטן פיינעם געפּערלטן שלום־עליכם־כתב, דאָס וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט אַמאָל, און איך פיל, אַז עס לויפן פאַר מיינע אויגן נייע ליטעראַרישע אוצרות, אַזעלכע, וואָס פירן צו אַ נייעם, נאָך ניט־געזאַנטן שלום־עליכם־געניוס, וואָס פירן־אַוועק ווייט אין אַ נייער, נאָך ניט־געזעענער שלום־עליכם־וועלט...

ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1931.

א

## ביי די טויערן פון שלום־עליכם

איידער איך הייב אָן צו באַשרייבן מיינע ערשטע באַגעגענישן מיט שלום־עליכמען, ווילט זיך מיר דערציילן עפּעס, וואָס האָט, אייגנטלעך, צו טאָן מער מיט מיר אַליין; עס האָט אָבער אויך אַ שייכות מיט מיינע שפּעטערדיקע באַציאונגען צו שלום־עליכמען און וועט וואַרפן אַ געוויסן שײַן אויף דעם כאַראַקטער פון די ווייטערדיקע דערציילונגען.

געווען איז דאָס אין דער צייט, ווען איך האָב נאָך רעכט נישט געוווּסט דעם באַטייט פונעם וואָרט „ליטעראַטור", כאָטש ביכער האָב איך שוין געהאַט איבערגעלייענט אַ וועלט. צום מייניסטן — העברעאישע ביכער, השכלה־ספרים, אָדער, ווי מע האָט זיי דעמאָלט גערופן אין מיין קרייז, „טריף־פּסולען".

איך בין געווען אַ בר־מצווה־בחור, געלערנט אין מיין אייגענער שטאָט אין אַ ישיבה, געשמאַכט איבער גמרא מיט תוספות און מהרש"א. האָט זיך מיר, אין מיין הונגער נאָך אַ לעבעדיקן וואָרט, פאַרשמעקט דער שאַרפער ריח פון די אַפּיקורסישע ספרים — בין איך צו זיי צוגעפאַלן, ווי צו אַ ניי־אַנטפּלעקטער וועלט, געשלונגען אַ ביכל נאָך אַ ביכל, פריער אויסגעלייענט אַלצדינג, וואָס איך האָב געפונען ערגעץ ביי אַן אָרעמען מוכר־ספרימניק אין אַ קעלער, דערנאָך אַריבער צו אַ לייטישערן בוכהענדלער און גיך פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע עטלעכע פאַליצעס ביכער — ביז איך האָב זיך ענדלעך דערשלאָגן צו ווערן אַ „פּאָדפּיסש־טשיק" (אַבאָנענט) אין דער יידישער „ביבליאָטעקע" פון מיין שטאָט אין יענע טעג. דער באַלעבאָס פון דער „ביבליאָטעקע" איז געווען אַן אַלטער ייד, אַ מלמד, אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר, אַ קליינוויקסיקער, מיט אַ גרויסער געדיכטער וואָרצלדיקער באָרד און מיט שאַרפע טונקעלע ברילן, אונטער געדיכטע שטרענגע ברעמען, אַ פרומער ביז גאָר און אַ משכיל ביז גאָר,

אַליין געקנעלט מיט אַ גרויסן חדר באַלעבאַטישע קינדער, געזונגען מיט זיי פרייטאָג די הפטורה, ווי מיט אַ גוט־איינגעשטודירטן כאָר, און זיינע זין געלאָזט שטודירן אַגראָנאָמיע און זיי געשיקט קיין ארץ־ישראל אַרבעטן ערד אין די ערשטע קאָלאָניעס פון די חובבי־ציון. פון זיין אָפּגעזונדערטן שלאָף־שטיבל, ווו ס'איז געשטאַנען דער גרויסער אַלמער מיט העברעאישע ביכער, האָט געשלאָגן מיט טיפער מיסטעריעזער שטילקייט פון אַ שאַצ־קאַמער, ווו עס ווערן אָפּגעהיט די טייערסטע אַנטיקן פון דער וועלט, און ער אַליין, דער קליינער באָרדיקער ייד, מיטן בינטל שליסלען אונטער דער לאַנגער ציכטיקער קאַפּאָטע, האָט מיר אויסגעוויזן, ווי דער שטרענ־גער און מיסטעריעזער וואַכמייסטער, וואָס פירט מיך יעדן טאָג געניסן דאָס פאַרבאָרגענע ליכט פון יענע אַנטיקן.

געלייענט די ביכלעך אין דער ישיבה האָב איך, פאַרשטייט זיך, בגניבה. אויבן, אויפן שטענדער, איז געווען אָפן די גמרא, און אונטן, אינעם פינצטערן שאַפקעלע פון דעם שטענדער, איז געווען אָפן סמאָ־לענסקינס אַ „התועה בדרכי החיים" („דער פאַרבלאָנדזשעטער אויף די וועגן פונעם לעבן" — אַ באַרימטער השכלה־ראָמאַן), אָדער ברוידעסעס אַ „הדת והחיים" („רעליגיע און לעבן" — אויך אַ ראָמאַן פון די השכלה־טעג). פון אונטן צו אויבן האָבן זיך געצויגן פאַרטאַיעטע געפערלעכע פייערלעך, וואָס האָבן געדראָט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ שריפה און פאַרניכטן אַלצדינג. ווען דער ראש־הישיבה זאָל דאָס געווען באַמערקן! ער האָט דאָס אָבער ניט באַמערקט. איך בין ביי אים געווען איינער פון די שטילסטע תלמידים — ווי אַזוי האָט ער מיך גאָר געקאָנט חושד זיין אין אַזאַ שרעקלעכער זאַך? מיינע חברים האָבן יאָ געוווּסט דערפון. זיי האָבן מיך אָבער ניט אַרויסגעגעבן, ווייל זיי אַליין האָבן געטאָן נאָך ערגערע זאַכן: זיי האָבן געשפילט אין קאָרטן. ניט אין אמתע קאָרטן, נאָר אין „למד־אלף־צעטעלעך". געשפילט האָבן זיי אָבער ווי עכטע קאָרטנשפילער — אויף געלט.

אין דער ישיבה פלעג איך נאָר מאַכן די התחלה פון יעדן בוך; דער עיקר לייענען ביי מיר איז געווען אין דער היים, ביי נאַכט. איך פלעג מיך ניט לייגן שלאָפן, איידער איך האָב דורכגעלייענט דאָס גענו־

מענע בוך ביזן סוף. מיין מאַמע איז אַזוי געוואָרן אַ גרויסער בעל־הוצאה אויף קעראָסין („גאַזע" האָט מען דאָס ביי אונדז גערופן). זי איז אָבער געוועזן צופרידן, וואָס איר זון איז אַזאַ מתמיד — ער זיצט איבער ספרים ביז האַלבער נאַכט. ניט אין גאַנצן צופרידן איז געווען מיין אַלטער ביבליאָטעקער. פון איין זייט האָט ער מיך טאַקע געלויבט, וואָס איך בין אַזאַ פלייסיקער לייענער; פון דער אַנדערער זייט האָט ער זיך אָבער אַרומגעזען, אַז פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס אַ חודש לייען איך ביי אים אויס כמעט דרייסיק ביכער. „בין־הזמנים", פּסח־צייט און סוכות־צייט, בעת די תלמידים זענען פריי פון דער ישיבה, פלעג איך קומען בייטן דאָס בוך צוויי מאָל אַ טאָג.

— דו וועסט דאָך מיך בדלות שטעלן! — פלעגט ער זאָגן, קוקן אויף מיר בשעת מעשה דורך די שטרענגע טונקעלע ברילן און שאָקלען מיט דער געדיכטער שטאַרקער שוואַרץ־גרוילעכער באָרד. איך האָב ניט רעכט פאַרשטאַנען, צי דאָס ווערטלט ער זיך אויף מיין חשבון, אָדער ער איז טאַקע אויף מיר פשוט אין כעס, וואָס איך דעקוטשע אים אַזוי.

דערווייל זענען די ניט־געלייענטע ביכער געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער, און אויפן האַרצן איז מיר געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער. וואָס וועל איך טאָן, אַז איך וועל אויסלייענען אַלע ביכער ביז איינעם? וווהין וועל איך זיך דעמאָלט ווענדן? פּוסט וועט מיר ווערן מיין יונגע איינזאַמע וועלט... און אָט האָט דאָס אומגליק שוין גענומען קוקן צו מיר גאָר נאָענט. די ראָמאַנען און דערציילונגען האָב איך שוין געהאַט אַלע איבערגעלייענט. איך האָב אויך דורכגעלייענט אַלע דיקע זאַמלביכער, די האַרבע ביכער פון היסטאָריע, פון געאָגראַפיע, פון חסידיש־מתנגדישער פּאָלעמיק, חיים זעליג סלאָנימסקיס אַסטראָנאָמיע, בערנשטיינס „ידיעות הטבע" (נאַטור־וויסנשאַפט). סמאָלענסקינס ראָמאַנען האָב איך שוין געהאַט איבערגעחזרט דריי און פיר מאָל... וואָס טוט מען ווייטער?

— דו וועסט היינט מוזן גיין אַהיים מיט גאָרניט! — זאָגט צו מיר איינמאָל מיין אַלטער ביבליאָטעקער, קוקט שאַרף מיט די טונקעלע

ברילן און מיט דער געדיכטער באָרד איבער די פּאָליצעס פון דעם אָפענעם אַלמער און געפינט פאַר מיר מער קיין טרייסט נישט.

עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן. גיין אַהיים אָן אַ בוך — דאָס האָט געהייסן פאַר מיר: אָפּשטעלן דעם גאַנג פון מיין לעבן, פאַרלירן אַלצדינג, בלייבן הענגען איבער אַ וויסטן אָפּגרונט. איך האָב זיך ניט געקאָנט רירן פונעם אָרט.

— שאַ! — זאָגט צו מיר פּלוצעם דער אַלטער ביבליאָטעקער און זיינע טונקעלע ברילן גיט אַ בליץ פאַר מיר אַ שטראַל פון האָפענונג. — אפשר ביסטו אַ בעלן צו לייענען זשאַרגאָן?

„זשאַרגאָן", האָב איך געוווסט, איז אַ מער געהויבענער, „געביל־דעטער" נאָמען פאַר פּראָסט יידיש, פאַר עברי־טייטש, וואָס ווייבער און מיידלעך לייענען דאָס. אַז אַ גמרא־בחורל, ווי איך, וואָס האָט זיך שוין אָנגעשמעקט מיט די פיינע געדאַנקען פון דער השכלה, זאָל מיט אַ מאָל אַראָפּלאָזן זיך פון דער הויך־פליענדיקער העברעאישער מליצה צו דער פּראָסטער שפּראַך פון תחינות — אַזאַ אויסגאַנג פון מיין שווערער לאַגע איז מיר עפּעס ניט געווען שטאַרק צום האַרצן. ווי באַלד אָבער מיין אַלטער ליטעראַרישער וועגווייזער רופט עס אָן בפירוש מיטן געהויבענעם נאָמען „זשאַרגאָן", ליגט מסתמא דערינען אַ באַזונדערער טעם, און מע דאַרף עס פאַרזוכן. בין איך אַרויס מיטן אַלטן פון זיין אָפּגעזונדערטער העברעאישער שאַצקאַמער און אַריין אין פירהויז פון זיין שטוב, דאָרט ווו ער האָט געהאַלטן אין שאַטן אַן אַלמער מיט „זשאַרגאָן"־ביכלעך, און האָב געמאַכט אַן אָנהייב מיטן ערשטן בעסטן ראָמאַן פון שמר.

איך האָב געוווסט, אַז ס'איז פאַר מיר אַ גרויסע ירידה, און פון דעסטוועגן האָב איך זיך צוגעכאַפּט צו שמרס ראָמאַנען מיט אַ פרישן הונגער און האָב זיי געשלונגען איינעם נאָכן אַנדערן. אין דער ישיבה אָבער האָב איך מיט זיי זיך ניט באַוויזן — עס וואָלט פּשוט געווען אַ חרפּה פאַר מיינע חברים, וואָס כאָטש זיי האָבן געזונט געשפּילט אין די פינצטערע שאַפּקעלעך פון די שטענדערס דאָס „למד־אלף־שפּיל", האָבן אַ סך פון זיי יעדן דאָנערשטאָג אַרויסגעוויזן חריפות אין אויס־

פשטלען אַ שאַרפן מהרש״א, צי אַ „פני־יהושוע״. וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט איך ביי זיי געהאַט אַנטקעגן דעם „פני־יהושוע״ מיט מיינע ווייבערישע תחינות?... האָב איך שמרס ראָמאַנען געלייענט באַהאַלטענער־הייט אין דער היים, אין די שפּעטע שעהן פונעם אָוונט. נאָר אויך אין דער היים האָב איך געהאַט מיט זיי גענוג צרות. מע האָט זיך דאָרט געכאַפּט, אַז די „ספרים״, איבער וועלכע איך זיץ גאַנצע נעכט, זענען גאָר קיין ספרים ניט, נאָר עפּעס פּוסטע מעשיות אויף עברי־טייטש, וואָס דינסטמיידלעך לייענען דאָס — סטייטש, אויף אָט־דאָס־אָ ברען איך דאָס אויס אַזויפיל „גאַזע״? און ווי פּאַסט זיך עס גאָר פאַר אַ ישיבה־בחורל, וואָס מע לייגט אויף אים האָפענונגען, ער זאָל, מיט גאָטס הילף, אפשר ווערן אַמאָל אַ רב, צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע ווילדע נאַרישקייטן? וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס?

איך אַליין האָב אויך געהאַט ווייניק נחת פון שמרס ראָמאַנען. איך האָב זיי טאַקע געשלונגען אָן אַן אָפּשטעל, נאָר נאָכן לייענען האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי איך וואָלט מיך אָנגעשלונגען מיט האַלב־רויע קאַר־טאָפּליעס. איך האָב געשפּירט נאָך זיי אַן אינערלעכע גייסטיקע שווערקייט און געבראָכנקייט. אָט די אַלע מעשיות וועגן מערדערלעכע יידן מיט גזלנישע הערצער, וואָס האָבן אַזוי האַמעטנע אָפּגעטאָן די ערגסטע זאַכן אין דער וועלט, און וועגן גוטע און פרומע לייט מיט גאָלדענע הערצער, וואָס זענען געשפּרונגען פון דער הויט צו שיינען ווי מלאכים אין דער געשטאַלט פון מענטשן, — האָבן ניט גערירט ניט מיין האַרץ און ניט מיין פאַנטאַזיע. ווי אומדערפאַרן איך בין ניט געווען מיט מיינע דרייצן־פערצן יאָר, האָט זיך מיר עפּעס ניט געגלייבט, אַז צווישן יידן אויף דער יידישער גאַס זענען מעגלעך אַזעלכע מערדער און אַזעלכע מלאכים. זייערע שטימען און זייערע גערעדערייען זענען געגאַנגען ווי פון אַ פּוסטן פאַס, אָן אַן אָפּקלאַנג אין דער יונגער בענקענדיקער נשמה. עס האָט זיי אין גאַנצן געפעלט די פיינע גייסטיקע אַטמאָספער און דער פייערדיקער פּאַטאָס פון סמאָלענסקינס אָדער ברוידעסעס העלדן, וואָס האָבן אין יענע יאָרן פאַרן יונגן בית־מדרשניק זיך דערהויבן צו דער הייך פון נביאים, פון הייליקע קעמפער און וועלט־דערלייזער.

און פון דעסטוועגן האָב איך זיך געלאָזט פאַרטשאַדן מיט דעם דאָזיקן ניט־גוטן טשאַד. איך האָב פשוט מורא געהאַט, אַז אָן דעם, בלויז מיט דער האַרבער טרוקענער גמרא, וועל איך גאָר בלייבן איינזאַם־פאַרלוירן אויף מיין טרויערדיקן יונגן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן פאַר מיר אַזוי אומבאַשטימט און אַזוי וויסט. האָב איך געלייענט אַ ראָמאַן נאָך אַ ראָמאַן, אַריבערגעגאַנגען פון שמרן צו די אַמעריקאַנער שונד־ראָמאַנען, פאַרקראָכן אַרום פסח־צייט צו עפּעס אַ „מענטשנפרעסער" אין עטלעכע און צוואַנציק טיילן, וועלכע איך האָב געביטן אין דער „ביבליאָטעקע", פאַרשטייט זיך, צוויי מאָל אַ טאָג — און דערמיט אַרויס־גערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט ביי מיין אַלטן ביבליאָטעקער.

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — מאַכט ער צו מיר איין מאָל אַ פאַרנאַכט, ווען איך בין צו אים געקומען בייטן דאָס בוך צום צווייטן מאָל. — עס הייבט מיר ניט אָן צו געפעלן, וואָס אַזאַ יונגערמאַן, ווי דו, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַזעלכע נאַרישע דרכים!... וואָס וועסטו דערלעבן פון דעם „מענטשנפרעסער"? דו וועסט זיך נאָר קאַליע מאַכן דעם מאָגן אויף אייביק!...

— וואָס זשע זאָל איך אַנדערש לייענען? — פרעגט אים דער טיף־געפאַלענער „יונגערמאַן" כמעט מיט טרערן. — אַז קיין בעסערע ביכער האָט איר דאָך ניט פאַר מיר!

— שאַ, — זאָגט ער, — דו ווייסט גאָר וואָס? אויב דו וועסט קיינעם ניט דערציילן, וועל איך דיר פּרוּוון געבן עפּעס אַ זאַך, פון וואָס דו וועסט זיך מחיה זיין...

און ער פירט מיך אַריין ווידער אין זיין אָפּגעזונדערטן שלאָף־שטיבל, אין זיין שטילער מיסטעריעזער שאַצקאַמער, פון וועלכער איך בין פאַר דער לעצטער צייט אַזוי אָפּגעפרעמדט געוואָרן, נעמט אַרויס פון אונטער דער קאַפּאָטע דאָס בינטל שליסלען, בייגט זיך איין מיט דער געדיכטער באָרד גאַנץ נידעריק צום אונטערשטן טייל פון דעם העברעאישן אַלמער און עפנט דאָרט אויף אַ באַהאַלטן שופלאָדל, פון וואַנען עס גיט אַ שיַין פאַר מיינע אויגן אַ רייכע שורה ביכער אין גוטע און שטאַרקע איינבונדן.

— אָט די ספרים, וואָס דו זעסט, — זאָגט ער צו מיר מיט אַ הייסן גלאַנץ אין די טונקעלע ברילן, — זענען געקליבענע אַנטיקלעך. איך גיב זיי קיינעם ניט אַרויס. איך האָב זיי באַהאַלטן פאַר מיינע קינדער אַ ירושה... נאָר פאַר דיר וועל איך מאַכן אַן אויסנאַם, ווייל איך זע, אַז דו גייסט נעבאַך אויס. זאָלסט דאָס אָבער היטן, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג — אַ שטויבעלע זאָל אויף דעם ניט פאַלן!... אָט דאָס־אָ — זעסטו? — איז סמאָלענסקינס אַלע „השחרס", דו וועסט זיי איצט ניט קריגן צו קויפן אַפילו פאַר טויזנט קאַרבן, סיידן ביי אַן אָנזעצער... און אָט דאָס־אָ, וואָס איך וועל דיר געבן צום לייענען, איז אויך אַ יקר־המציאות... נאָר מיט איין תנאי גיב איך דאָס דיר — דו הערסט? דו זאָלסט דאָס, למען השם, ניט איינשלינגען מיט איין מאָל — ס'איז דיר ניט דער „מענטשנפרעסער"!... דו זאָלסט דאָס זופּען פּאַוואָלינקע און זיך צוהערן צו יעדן זופּ, וואָרעם ס'איז גאָלד מיט זילבער... ס'איז טאַקע זשאַרגאָן, אָבער גאָר אַן אַנדער מין זשאַרגאָן!... דו וועסט דאָ געפינען פון פייגל־מילך און וועסט מיך אייביק געדענקען!...

איך האָב געעפנט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם דאָס אַנטיקל, וואָס דער אַלטער ביבליאָטעקער האָט מיר איבערגעגעבן מיט אַזאַ פייערלעכער הקדמה, — ס'איז געווען דער ערשטער באַנד פון שלום־עליכמס יאָרבוך: „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק".

## ב
## „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק"

וואָס פאַר אַ פלאַץ „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק" פון שלום־עליכם האָט פאַרנומען אין דער יידישער ליטעראַטור, און וואָס פאַר אַ ווערט זי האָט געהאַט פאַר איר אַנטוויקלונג — אַזעלכע זאַכן האָב איך דעמאָלט, אין מיינע יונגע בית־מדרש־יאָרן, בשעת זי איז צופעליק אַריינגעפאַלן צו מיר אין די הענט, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט. דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן ערשט העט־שפּעטער, אַז איך בין אויסגעוואַקסן און בין נאָענט באַקאַנט געוואָרן מיט ביידן — אי מיט דער יידישער ליטעראַטור, אי מיט שלום־עליכמען.

שלום־עליכמס „יידישע פאָלקסביבליאָטעק", מעג מען זאָגן, איז גע־ווען דער ערשטער שפּראָץ פון דער מאָדערנער, קינסטלעריש־שעפע־רישער און ציל־באַוווּסטער יידישער ליטעראַטור — איר יונגער און ליכטיקער אָנהייב. ביז דער „פאָלקסביבליאָטעק" זענען אויך געווען יידישע שרייבער, פון קלענערער אָדער גרעסערער — און אויך פון גאַנץ גרויסער — באַטייטונג. עס זענען שוין לאַנג געווען (נישט רעדנדיק פון גאָר די ערשטע, די צופעליקע), אַ שלמה עטינגער, אַ ישראל אַקסענפעלד און אַן אייזיק מאיר דיק; עס האָבן שוין אויפגעלויכטן די נעמען פון מענדעלע מוכר־ספרים און יצחק יואל לינעצקי; עס האָבן זיך שוין אויך באַוויזן אַ יעקב דינעזאָן, אַ מרדכי ספּעקטאָר און אַנדערע. אַפילו פעריאָדישע אויסגאַבעס מיט אויסערלעכע סימנים פון דער מאָדערנער צייט זענען שוין ביז דעמאָלט געווען: פריער דער „קול מבשר" און שפּעטער דאָס פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט". די אַלע שרייבער האָבן אָבער געשאַפן זייערע ווערק אין דער יידישער פאָלקשפּראַך יעדער איינער אין זיין אָפּגעזונדערטן איינזאַמען ווינקל, געטריבן דערצו פון אייגענע, פאַר זיך דורכגעפילטע מאָטיוון און נייגונגען; צו דער אידייע פון אַ יידישער

ליטעראַטור, פון אַ שעפערישער ליטעראַרישער סביבה אויף יידיש, האָבן זיי נאָך דעמאָלט (אַחוץ אפשר איין מרדכי ספעקטאָר) ניט געהאַט דעם מוט צו גרייכן. דאָס זענען געווען צעוואָרפענע קלעזמער אין פאַר־שיידענע ווינקלען, וואָס האָבן געשפּילט יעדער איינער אויף זיין אינ־סטרומענט, און יעדער איינער זיין מאָטיוו פאַר זיך, ווער שטאַרקער און ווער שוואַכער — וואָס האָבן זיך אָבער ניט צונויפגעשפּילט אין איין צוזאַמענגעגאָסענעם אָרקעסטער. די ערשטע פּעריאָדישע אויסגאַבעס אויף יידיש (דאָ רעדט זיך נאָר פון די, וואָס זענען דערשינען אין רוסלאַנד — אין אַמעריקע האָט די יידישע פּרעסע געהאַט איר אייגענעם וועג), זענען געווען אַזוי פּראָווינציעל־וויסט, אַזוי הושכדיק און אָרעמזעליק, אַז זיי האָבן ניט געקאָנט אויפוואַרעמען די געציילטע יידישע שרייבער פון יענער צייט צו אַ פאַראייניקטן ליטעראַרישן ציל. דאָס פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט״, למשל, די וואָכנצייטונג, וואָס האָט אויסערלעך שוין אויסגעקוקט מער אָדער ווייניקער לייטיש, איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון איינעם אַ דרוקער מיטן נאָמען ישראל לעווי, וואָס האָט געהאַט אַ ווילדע ישיבה־בחורשע פאַרשטעלונג וועגן ליטעראַטור בכלל און אַ ווילדע משכילישע שנאה צו דער יידישער שפּראַך בפרט. אויף יידיש האָט ער געקוקט, ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט טאַקע אין זיין צייטונג, ווי אויף מיסט, וואָס אַן אָנשטענדיקער באַלעבאָס דאַרף אויס־ראָמען פון זיין שטוב, און כדי דעם „מיסט״ צוצוגעבן אַ ווילשמעקנדיקן גערוך, האָט ער די שפּראַך פון זיין צייטונג פאַרווירצט מיט אַ מין תרגום־לשון, וואָס דער פּשוטער פאָלקס־לייענער האָט עס ניט געקאָנט איינבייסן (אַנשטאָט „געשטאָרבן״ האָט ער געשריבן: „שבק חיים לכל חי געווען״ — וואָס דער טייטש דערפון איז: איבערגעלאָזט דאָס לעבן צו יעדן איינעם וואָס לעבט).

איז געקומען דער יונגער שלום־עליכם, וואָס האָט זיך דעמאָלט געריסן פון די וויסטע שפּאַלטן פון דעם „פאָלקסבלאַט״ צו קינסטלערישן אויסדרוק אויף דער גוטער לעבעדיקער יידישער שפּראַך, און האָט פּראָק־לאַמירט, אַז עס מוז אויפקומען אַ יידישע ליטעראַטור (אַ „זשאַרגאָן־ליטעראַטור״ — ווי מע האָט עס דעמאָלט גערופן) — עס מוז געשאַפן

ווערן אַ וואַרעמע ליטעראַרישע סביבה פּאַר יונג און אַלט, וואָס האָבן צו זאָגן עפּעס גוטעס דעם פּאָלק אויף זיין אייגענעם לשון. און אַזוי ווי ער איז בטבע געווען ניט קיין טעאָרעטישער רעדנער, נאָר אַ פּראַקטישער טוער, האָט ער דאָס פּראָקלאַמירט ניט דורך ווערטער, נאָר דורך טאָן: ער האָט זיך פּאַרמאָסטן אַרויסצוגעבן אַ גרויס און רייך יידיש יאָרבוך, צו וועלכן ער האָט צוגעצויגן פון די יידישע און העבּ־רעאישע שרייבער יעדן איינעם, וואָס האָט אין יענער צייט געשמט מיט טאַלאַנט און גוטן געשמאַק. ער איז געווען יונג און רייך (ער האָט געירשנט פון זיין שווער אַ גרויס פּאַרמעגן און האָט געטאָן אויף דער קיִעווער בערזע גרויסע געשעפטן), נאָר געלט האָט ביי אים תמיד געהאַט אַ ווערט אויף אַזוי פיל, אויף וויפל מע קאָן דאָס אויסברענגען אויף גוטע, ליכטיקע און פרייַלעכע זאַכן, און זיין באַרוף צו שרייבן און שאַפן פאַרן פּאָלק איז שוין דעמאָלט געווען דער ליכטיקער צענטער פון זיין לעבן, — האָט ער קיין געלט ניט געזשאַלעוועט און געטאָן זיין זאַך מיט דער ברייטער האַנט: ער האָט געגעבן צו וויסן דעם עולם, אַז פאַר ליטעראַטור צאָלט ער (אַ זאַך, וואָס איז אין יענער צייט געווען צווישן יידישע מחברים אַ גרויסער חידוש), געמונטערט די שרייבער מיט אַוואַנסן, און די באַרימטע פון זיי באַלוינט מיט גרויסע האָנאָראַרן. ווי אַ מענטש, וואָס איז געוואַקסן אין אַ וועלטלעכער, פּראַקטישער סביבה, האָט זיך אים געוואָלט פריער פון אַלץ אַרויסציִען די יידישע ליטעראַטור פון איר בטלנישן, אָרעם־מחברישן צושטאַנד און אויפהייבן אירע אַקציעס — און דאָס האָט געמאַכט אַ גרויסן אויפריר צווישן די שרייבער: מע האָט אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז יידיש־שרייבן ווערט אַ וויכטיקער ענין. פאַרשטייט זיך, אַז די פאַנטאַזיע פונעם עולם האָט דאָ אויך אַ היפּש ביסל צוגעשפּילט, און די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אַרום דעם ליטעראַרישן אויפטו פון דעם „יונגען קיִעווער גביר" שלום־עליכם, האָבן הויך אַריבערגעשטיגן די ווירקלעכקייט: מע האָט געשמועסט, אַז דעם שוין דעמאָלט־באַרימטן מענדעלע מוכר־ספרים האָט שלום־עליכם אָפּגעשאָטן מיט גאָלד, אַז דעם יונגן און שאַרפן דוד פרישמאַן האָט ער פאַר דער פּאָעמע „אופיר" געצאָלט אַ רובל פון דער שורה, און אַז ער

וואַרפט בכלל מיט געלט, מאַכט פאַר זיינע מיטאַרבעטער רייכע באַנקעטן אין די רייכסטע האָטעלן און איז זיי מכבד מיט רובלדיקע ציגאַרן.

און אַזוי איז אַרויסגעקומען „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק״, וואָס האָט פאַראייניקט אין איין גרויסער געשמאַקפולער ליטעראַרישער זאַמלונג די בעסטע יידישע שרייבער און יידיש־שרייבער פון יענער צייט: מענ־דעלען און לינעצקין, פרישמאַנען און פרוגן, בן־עמין און יהללן, גאָלד־פאַדענען און דינעזאָנען, און אַ סך אַנדערע. אויך י. ל. פרץ האָט זיך דאָרט צום ערשטן מאָל באַוויזן אויף יידיש מיט זיין פּאָעמע „מאָניש״ און מיט קורצע סקיצעס. עס איז געווען אַ רייכע טאַלאַנטפולע קאַפּעליע, און איבער איר האָט ליכטיק געשיינט, מיט יונגן רירעוודיקן חן, דער יונגער צעוואַרעמטער קאַפּעלמייסטער שלום־עליכם, וואָס האָט ניט נאָר זייער געשיקט געאַרבעט מיטן שטעקעלע, נאָר האָט אויך האַרציק־פאַר־טיפט אַליין געשפּילט אויף זיין אייגענעם גוטן אינסטרומענט. דער איינ־דרוק פון דער „יידישער פאָלקסביבליאָטעק״ אויפן יידישן עולם איז געווען זייער גרויס: מע האָט זי אויפגענומען אומעטום, אין רוסלאַנד און ווייט הינטער די גרענעצן פון רוסלאַנד, ווי דעם ערשטן אָנזאָג אויף אַ נייער פאָלק־ליטעראַטור ביי יידן. און מע האָט זיך מיט אירע בלעטער גע־קוויקט אין טויזנטער און טויזנטער יידישע הייזער. און כאָטש זי האָט ניט געהאַט קיין לאַנגע יאָרן (ביי איר דריטן יאָרגאַנג האָט שלום־עליכם פאַרלוירן זיין פאַרמעגן און האָט דאָס דריטע בוך שוין ניט געהאַט מיט וואָס אַרויסצוגעבן), איז איר גוטער טעם טיילווייז איבער־געגאַנגען צו ספּעקטאָרס „הויז־פריינד״, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען מיט איר צוזאַמען אין איין צייט, און אַ שטאַרקער אָפּקלאַנג פון איר האָט זיך געלאָזט פילן שפּעטער אויך אין פרצעס „יידישע ביבליאָטעק״, און האָט זיך פאַרקייקלט גאָר שפּעטער אַפילו אויף די בלעטער פונעם „יוד״ — די ערשטע אמת־מאָדערנע וואָכנשריפט אויף יידיש אין רוסלאַנד.

פאַר שלום־עליכמען אַליין זענען די יאָרן פון דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק״ געווען די ליכטיקסטע עפּאָכע פון זיין שריפטשטעלערישער יוגנט — די, וואָס האָט רייף געמאַכט זיין טאַלאַנט, באַליבט געמאַכט זיין נאָמען ביים יידישן לעזער און אים אויף אייביק פאַרבונדן מיט דער

יידישער ליטעראַטור. ער פלעגט וועגן יענער צייט רעדן מיט גרויס בענק־שאַפט און פלעגט זי אָנרופן: בימי הפאָלקסביבליאָטעק — אין די טעג פון דער „פאָלקסביבליאָטעק”. ער האָט יאָרנלאַנג נאָך איר אונטער־גאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיט דער האָפענונג זי ווידער צו באַנייען, און האָט עטלעכע מאָל אַפילו געמאַכט אַ פּאַרזוך דאָס צו טאָן — עס האָבן אָבער אויסגעפּעלט די גוטע מיטלען פון די גוטע יונגע יאָרן. אין שלום־עליכמס פאַמיליע, און אויך ביי שלום־עליכמען אַליין, איז פאַרבליבן דער איינדרוק, אַז די „פאָלקסביבליאָטעק” האָט אים געקאָסט זיין פאַרמעגן: נישט אַז ער האָט זיין געלט צעטיילט צווישן די שרייבער פון דער „פאָלקס־ביבליאָטעק”, נאָר אַז צוליב דער „פאָלקסביבליאָטעק” האָט ער פאַרגעסן אָן זיינע געשעפטן אויף דער בערזע און זיי געלאָזט אינגאַנצן פאַלן. ער האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז זיין ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי”, וואָס ער האָט געשריבן פאַרן צווייטן יאָרבוך, האָט אים געקאָסט דרייסיק טויזנט רובל: ער האָט פריער געהאַט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן מיטן נאָמען „אסתר”, נאָר יענער איז אים ניט געפעלן געוואָרן, האָט ער אים צעריסן און גענומען שרייבן „יאָסעלע סאָלאָוויי”; דערווייל פלעגן מעק־לערס פון דער קיִעווער בערזע קומען אים דרייען אַ מוח וועגן געוויסע אַקציעס, און אַזוי ווי אין קאָפּ איז אים געלעגן „יאָסעלע”, ניט קיין אַקציעס, פלעגט ער די מעקלערס שיקן טאָן, ווי זיי פאַרשטייען — האָבן זיי אים פאַרברענט דרייסיק טויזנט קערבלעך. ער האָט דאָס אָבער דער־ציילט אָן אַ שפּור פון באַדויער, נאָר מיט אַ שטילן פאַרבענקטן שמייכל, ווי מע דערציילט פון גוטע ליכטיקע פאַרגאַנגענע טעג, וואָס האָבן גע־טראָפן נאָר איין מאָל אין לעבן...

דעמאָלט אָבער, בשעת מיין אַלטער ביבליאָטעקער האָט מיך מזכה געווען מיטן ערשטן באַנד פון „דער יידישער פאָלקסביבליאָטעק”, האָב איך פון די אַלע אויבנדערציילטע זאַכן קיין ברעקל באַגריף ניט געהאַט. איך האָב נאָר געוווּסט, אַז איך האָב געבראַכט אַהיים עפּעס אַן „אַנטיקל”, און האָב זיך אויף דעם דאָזיקן אַנטיקל אַרויפגעוואָרפן מיט מיין גאַנצן יונגן דאָרשט נאָך אַ לעבעדיקן וואָרט. איך בין אָפּגעזעסן

איבער דעם אַ נאַכט און אַ טאָג און אַ צווייטע נאַכט. איך האָב געפּאָלגט די גוטע עצה פון מיין אַלטן ליטעראַרישן וועגווייזער און האָב דאָס ניט איינגעשלונגען מיט איין מאָל, נאָר געזופּט פּאַמעלעך און זיך צוגעהערט צו יעדן זופּ. נאָר אַפילו אָן דער גוטער עצה, וואָלט איך אויך בישט געקאָנט עס איינשלינגען אין גרויסע דאָזעס, ווייל ס'איז געווען פאַר מיר ווי גוטער שטאַרקער זעלטענער וויין, וואָס איך בין באַגליקט געוואָרן צו טרינקען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן.

עס זענען געשטאַנען פאַרפסחדיקע לבנהדיקע נעכט, די קליינ־שטעטלדיקע בלאָטע אין דרויסן האָט פריש געפרעסטלט, און אינווייניק אינעם שטילן חדר, צווישן מיינע שלאָפנדיקע בני־בית, ביים ליכט פון אַ קעראָסין־לאָמפּ מיט אַן אַרומגעבערענטן פּאַפּירענעם קאָלפּאַק, בין איך געזעסן איבער דער „פאָלקסביבליאָטעק“, אַ פאַרשיכורטער, אַ טיף־פאַרזונקענער אין גרויסן געננוס. איך האָב געשוועבט איבער אַ נייער וועלט — אַזוי ניט ענלעך אויף דער וועלט פון שמרן און פון דעם „מענטשנפרעסער“, פון וועלכער עס האָט מיך שוין לאַנג געאיבלט, אַזוי ניט ענלעך אַפילו אויף דער וועלט פון סמאָלענסקינען און ברוידעסן, וועלכע איז איצט אינגאַנצן פאַרטונקלט געוואָרן אַקעגן דעם נייעם העלן ליכט. פון די ווייכע געלבלעכע בלעטער האָבן זיך געליכטיקט פאַר מיינע אויגן לעבעדיקע זאַפטיקע שורות מיט היפשע קלאָר־געפינטלטע אותיות און גערעדט צו מיר מיט אַ נייער שפּראַך — אַזאַ פשוטע און אַזאַ האַרציקע, אַזאַ היימישע און אַזאַ ליכטיק־יום־טובדיקע, גערעדט פון האַרץ צו האַרץ, גערעדט פון מיין אייגענעם יונגן לעבן, פון מיינע טרויעריקע יינגלשע יאָרן, פון מיין סביבה, וואָס האָט דאָ, אויף די דאָזיקע טייערע בלעטער, באַקומען אין מיינע אויגן אַ נייע הויכע באַטייטונג, אַ נייעם טיפן זין. איך האָב צום ערשטן מאָל דערפילט — און דערפילט נאָענט, אָן קיין שום מחיצות פון שפּראַכלעכער מליצה — דאָס געלייטערטע קינסט־לערישע וואָרט.

און די זאָגערס פון די ליכטיקע האַרציקע ווערטער זענען דאָ געווען פאַרשיידענע — אַ גאַנצע וואַרעמע משפחה: אַ זיידע און אַן אייניקל (איך האָב געגלייבט — אַן אמתער זיידע מיט אַן אמתן אייניקל), און

פעטערס, און שוועסטער־קינדער, און סתם גוטע קרובים. אַלע נייע נעמען האָבן מיר אויסגעזען זייער יום־טובדיק און זייער רייך, אָנגעלאָדן מיט נייעם פרישן אינהאַלט, און אַלע אין איינעם האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעקליבן פון פאַרשיידענע וואַרעמע ווינקלען צו דערפרייען מיין פאַראומערט האַרץ. ליכטיק צו מאַכן מיר די טונקעלע בענקשאַפט פון מיין יונגער נשמה. נאָר ליכטיקער און יום־טובדיקער פון אַלע נעמען האָבן צו מיר אַרויס־געשטראַלט פון דעם זעלטענעם בוך צוויי: מענדעלע מוכר־ספרים און שלום־עליכם. דער ערשטער — מיטן צויבערלעכן אַלט־גאָלדיקן שימער פון זיין „ווינשפינגערל"; דער צווייטער — מיטן צויבערלעכן יונג־מוזיקאַלישן קלאַנג פון זיין „סטעמפעניו".

מענדעלען האָב איך שוין דעמאָלט אַ ביסל געקענט פון עטלעכע זיינע העברעאישע „סיפורי־המעשה", וואָס איך האָב באַגעגנט אין פאַר־שיידענע העברעאישע זאַמלביכער. איך האָב שוין דאָרט דערפילט זיין יאַדערדיקן זאַפטיקן טעם. איך בין אָבער נאָך געווען צו יונג, איך זאָל קאָנען דורכדרינגען זיין אַלטן געדיכטן העברעאיש, וואָס איז אַזוי קונציק אויסגעקנאָטן פון טרעפלעכער תנ"כישער מליצה און טיפער מדרשדיקער חכמה. אויך אין העברעאיש האָט ער צו מיר אין מיינע ערשטע יאָרן גערעדט טיף־אינטערעסאַנט — נאָר דאָרטן האָט ער דאָס גערעדט דורך אַ פאַרמאַכטן פענצטער. דאָ, אין דעם „ווינשפינגערל", דאָס ערשטע ווערק זיינס, וואָס איך האָב געלייענט אויף יידיש, איז דאָס פענצטער געווען אָפן, די אַלטע שטים האָט געקלונגען קלאָר און דייטלעך, און די אַלטע באַטעמטע שפּראַך, כאָטש אויך געדיכט און קלעפּיק, ווי גוטער האָניק, האָט זיך איבערגעגאָסן גלייך אין האַרצן אַריין. די בילדער, כאָטש פאַרוויקלט און פאַרטונקלט אין אַ נעפּל פון אַלטע קלוגע רייד, האָבן סוף־כל־סוף זיך אויסגעשיילט פון זייער שאָלעכץ און שאַרף און פאַרביק אַריינגעדרונגען אין דעם יונגן דמיון, געזעטיקט דאָס יונגע הונגעריקע האַרץ מיט עפּעס, וואָס איז אַזוי עכט און קערנדיק, אַזוי שטאַרק זיס און אַזוי שטאַרק ביטער. דאָס קאַפּיטל, וואָס זינגט טרויעריק־האַרציק וועגן סליחות־צייט אין שול און אין וואַלד, האָט געמאַכט ציטערן אַלע סטרונעס אין מיין האַרצן, און הערשעלעס אָרעם, איינזאַם לעבן

האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט מיין אייגענער יונגער און איינזאַמער פאַרלוירנקייט.

העלער און האַרציקער און נעענטער האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט שלום־עליכם. ער האָט אויפגעשיינט איבער מיין געבויגענעם פאַר־טיפטן קאָפּ, ווי אַ יונגע זון אין אַ זומערדיקן באַגינען. אויך שלום־עליכמס נאָמען איז מיר שוין דעמאָלט געווען אַ ביסל קענטלעך. איך האָב אים געדענקט פון זיין העברעאישער דערציילונג „שימעלע", וואָס איך האָב איבערגעלייענט אין איינעם פון די בייכיקע און געדיכטע זאַמלביכער „האסיף". נאָר „שימעלע" האָט ביי מיר ניט איבערגעלאָזט קיין באַ־שטימטן איינדרוק. ס'איז געווען עפּעס אַ צעשוומענע מעשה מיט אַ צעשוומענעם אינהאַלט, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן פרעמדלעך: ווי אַזוי אַ באַלעבאַטיש יינגל אַנטלויפט פון דער היים מיט אַ קאָמפּאַניע אַקטיאָרן (אַ סוזשעט, וואָס איז ביי שלום־עליכמען שפּעטער אַזוי פאַרביק באַ־אַרבעט געוואָרן אין זיינע „בלאָנזענדע שטערן"). איך האָב נאָך דעמאָלט אַפילו ריכטיק ניט געוווסט, וואָס פאַר מינים ברואים אַקטיאָרן זענען. דערפאַר האָט דער שרייבער אַליין, וואָס פאַרשטעלט זיך אונטערן טשיקאַווען נאָמען „שלום־עליכם", זיך עפּעס געמאָלט אין מיין פאַנטאַזיע, ווי אַן אַלטער ייד מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד און מיט אַ קלוגן שמייכלענדיקן פּנים, וואָס האָט ליב צו דערציילן טשיקאַווע מעשיות און שיטן מיט קלוגע פּסוקים און גמרא־ווערטלעך.

גאַנץ אַנדערש האָב איך אָבער איצט דערזען דעם נייעם שלום־עליכם פון זיין וווּנדערלעכן „יידישן ראָמאַן" מיטן וווּנדערלעכן ניט־יידיש־קלינגענדיקן נאָמען „סטעמפּעניו". עס איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן אַ ליבע יונגע חנוודיקע פיגור, צוזאַמענגעשטעלט פון אַזוי פיל רייכע און פאַרביקע אייגנשאַפטן: אַ רירעוודיקער און אַ פלינקער אייניקל — און פול מיט ליכטיקן פאַרשטאַנד, ווי אַ זקן; אַ פריילעכער און אַ לאַכנ־דיקער — און אַזוי האַרציק ווייך און צאַרט; אַ בליציקער און אַ שטי־פערישער — און פול מיט רחמנות צו מענטשלעכע ליידן; אַ שטאַרק־באַרעדעוודיקער — און גאַנץ אָפּט שטיל־פאַרטראַכט; און די שפּראַך אַזוי קלאָר און דייטלעך — און פול מיט טיפער חכמה; אַזוי היימיש־

פראָסט — און אַזוי חנוודיק שפּילעוודיק; אַזוי לייכט — און אַזוי זיס־געווירצט, גיסט זיך אין האַרצן אַריין, ווי אַ גוטער פרישער מחיהדיקער געטראַנק. און דער צוגאַנג צו מענטשן — אַזוי נאָענט־אינטים, און דער קוק אויפן לעבן — אַזאַ ליכטיקער און אַזאַ גוטמוטיקער, וואָס זעט אַלצדינג לייכט, אַלע מעלות און אַלע חסרונות.

שוין דער אַריינפיר צום ראָמאַן, דער בריוו פון דעם יונגן אייניקל שלום־עליכם צום אַלטן זיידן מענדעלע מוכר־ספרים, האָט מיך אַריינ־געפירט אין אַ נייער חידושדיקער וועלט, אַ וועלט פון הויכע גייסטיקע פּלענער און געהויבענע אויפטואונגען, צו וועלכע איך בין פּלוצעם צו־געלאָזט געוואָרן, דורך דער אינטים־מענטשלעכער שפּראַך, ווי אַ גאַנץ נאָענטער צושויער, כמעט ווי אַ שטיקל שותף. און אָט עפענען זיך פאַר מיר ברייט און ליכטיק די טויערן פון דעם ראָמאַן — און איך ווער אַריינ־געצויגן און טיף־פאַראינטערעסירט אין דעם לעבן פון גאַנצע משפּחות, פון אַלערליי פּאַרשוינען, וואָס זענען מיר אַזוי באַקאַנט מיט זייערע פּנימער און געשטאַלטן און זענען פאַר מיר אַזוי ביי מיט זייערע זעלישע סודות און באַהאַלטענע איבערלעבונגען. סטעמפּעניו, מיט זיין כישוף־דיקן פידעלע, צו וועלכן גאַנצע שטעט מיט יידן „האָרכן" מיט פאַר־גאַנגענע הערצער אין מתיקות, פאַרכאַפּט און באַפליגלט אַלע מיינע יונגע חלומות און שטומע אַמביציעס. און רחלע, די פרומע צאַרטע „אשת־איש", אין איר באַהאַלטענעם פיינלעכן קאַמף מיטן יצר־הרע, ברענגט אַריין אין מיין יינגלשן האַרצן צום ערשטן מאָל דעם זיסן ציטער פון נאָענטן ווייבלעכן רייץ. און סטעמפּעניוס צערודערט, חנוודיק־קאָמיש ליבע־בריוול מיט די ווילדע עם־הארצישע גרייזן, און רחלעס צע־רודערט קריאת־שמע־לייענען מיטן פאַרצווייפלטן „לישועתך קויתי", סטעמ־פּעניוס פּראַקטישע יידענע מיט די קאַרעלן און רחלס גוטע שוויגער און נאַאיווער מאַן — אַזעלכע עכטע בילדער און אַזעלכע עכט־געמאָלענע פאַרשוינען האָב איך ביז דעמאָלט אין דעם איבערגעלייענטן באַרג מיט ביכער ניט געטראָפן.

יענע נעכט, וואָס איך בין געזעסן איבער די געלבלעכע ליכטיקע בלעטער פון דער „פאָלקסביבליאָטעק", זענען פאַרבליבן אין מיין זכרון,

ווי די ליכטיקסטע דאַטע פון מיינע יונגע יאָרן, ווי דער אַנטשיידנ־דיקער מאָמענט אין מיין ליטעראַרישער אַנטוויקלונג, און שלום־עליכם איז ביי מיר פאַרצייכנט געוואָרן ווי דער ערשטער קינסטלער פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט פאַר מיר געעפנט מיין וועג און באַשטימט מיין גורל. ער האָט אין מיר אָנגעצונדן אַ ניי געפיל און אַ נייעם חשק — דעם חשק אַריינצוקוקן אין נאָענטע מענטשלעכע לעבנס און באַלייכטן זיי דורך דעם איינפאַך געשריבענעם לויטערן וואָרט. ער האָט אַזוי גע־ווירקט אויף מיר ניט נאָר דורך זיין ראָמאַן „סטעמפעניו", נאָר דורך זיין גאַנצער „פאָלקסביבליאָטעק", וואָס איז געוועזן מיין ערשטע עכטע ליטעראַרישע סטאַנציע, מיין ערשטע ליטעראַרישע שול.

ניט אומזיסט האָט דער אַלטער ביבליאָטעקאַר מיר פאָרויסגעזאָגט, אַז איך וועל אים פאַר דער „פאָלקסביבליאָטעק" אייביק געדענקען. אַז איך דערמאָן מיך אָן דער „פאָלקסביבליאָטעק", דערמאָן איך מיך גלייך אויך אָן אים, און אויך זיין נאָמען איז פאַרבליבן אין מיין זיכרון אין יום־טוב־דיקן ליכט. ער האָט געהייסן פסח קאַראָן און איז געוועזן איינער פון די פאַרצייכנטע פרענומעראַנטן אין דער „פאָלקסביבליאָטעק" — דער איינ־ציקער פרענומעראַנט פון סלוצק, מיין געבורט־שטאָט.

ג

# אין שלום־עליכמס ברייטן טייך

די צוויי בענדער פון שלום־עליכמס „יידישע פאָלקסביבליאָטעק" האָבן געעפנט פאַר מיר די טירן צו אַ נייער ליטעראַרישער וועלט און צו נייע העכערע ליטעראַרישע באַגריפן. דערצו האָט שטאַרק געהאָלפן די אָפּטיילונג פון ליטעראַטור־קריטיק אין יענע בענדער, וואָס איז טיילווייז געווען געשריבן פון י. ח. ראַווניצקין און טיילווייז — פון שלום־עליכמען אַליין, אונטער די פּסעוודאָנימען סאָלאָמאָן עסביכער און ס. ביכערפרעסער. די דאָזיקע פּאָפּולער־געשריבענע קריטיק האָט פון איין זייט צעקייט און אַריינגעלייגט אין מויל אַריין די ווערק פון אַזאַ טיפּזיניקן שריפטשטעלער ווי מענדעלע מוכר־ספרים, און פון דער צווייטער זייט שאַרף און וויציק אויסגעלאַכט די טאַלאַנטלאָזיקייטן פון יענער צייט. נאָך דער „פאָלקסביבליאָטעק" האָב איך שוין שלום־עליכמס נאָמען געזוכט מיט ליכט. צו מיין גרויסן באַדויער, האָב איך אָבער אין דעם אונטערשטן שופלאָדל פון דעם העברעאישן אַלמער ביי מיין אַלטן ביבליאָטעקער, צווישן די באַהאַלטענע ירושה־אַנטיקלעך, וואָס ער האָט געהיט פאַר זיינע קינדער, געפונען פון שלום־עליכמען ניט מער ווי צוויי זיינע ביכלעך: „די וועלט־רייזע" און „שמרס משפט".

„די וועלט־רייזע" (וואָס שלום־עליכם האָט שפּעטער מיט יאָרן באַאַרבעט אונטערן טיטעל „דער ערשטער אַרויספאָר") האָט דערציילט וועגן „צוויי פייגעלעך", צוויי אָרעמע קליינשטעטלדיקע בחורימלעך, וואָס זענען אַרויסגעפלויגן פון זייער וואַרעמען נעסט און זיך געלאָזט פליען איבער דער גרויסער פרעמדער וועלט צו זוכן ליכט און בילדונג. די דאָזיקע חנעוודיקע יוגנט־געשיכטע, וואָס איז דורכגעוועבט מיט טראַגי־קאָמישע פּאַסירונגען פון די יונגע העלדן, איז געווען פּונקט צוגעפּאַסט צו מיר אַליין, ווייל איך האָב שוין דעמאָלט אויך געחלומט

וועגן אַוועקפליען פון מיין וואַרעמען נעסט. דאָס מערקווירדיקע אין יענער דערציילונג איז געווען, וואָס אונטן, אויף איר אָפּגרונט, איז געלעגן אויסגעגאָסן אַ טיפער, האַרץ־דריקנדיקער אומעט, און אויבן, איבער די פּאַסירונגען און שטרויכלונגען פון די נאַאיווע פּאַרלוירענע בחורימלעך אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט, האָט געשוועבט דער גוטער באַפרייענדיקער גייסט פון געלעכטער. די שווערע כמאַרע פון דעם אָרעמען יידישן לעבן האָט זיך געשמאָלצן און איז צעגאַנגען אונטער די וואַרעמע ליכטיקע שטראַלן פון אַ גוטער זון.

פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער איז געווען „שמרס משפט”. אין דעם דאָזיקן קליינעם טשיקאַוון ביכעלע מיט די קלאָר־געדרוקטע בלעטלעך און שאַרף שניידנדיקע שורות, וואָס אויף זיין שער־בלעטל האָט פון אויבן געליאַרעמט דער פּסוק „הך הכפתור וירעשו הספים” און פון אונטן איז עס פּאַרטייטשט געוואָרן אויף טביה דעם מילכיקנס שטייגער: „שער די שאָף, וועלן ציטערן די לעמעלעך”, ווו שמר מיט זיינע ראָמאַנען זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שטרענגן „סוד פּריסיאַזשניך” (אַ משפט פון געשווירענע ריכטער), איז שלום־עליכם דערשינען פאַר מיר, ווי אַ יונגער, טיכטיקער און צעפּלאַמטער באַלעבאָס, וואָס האָט זיך גענומען מיט די שאַרפסטע מיטלען צו שאַפן אָרדענונג אין אַ פּאַרלאָזענער, פאַרשלומפּערטער באַלעבאַטישקייט. ער שטייט און דו־נערט מיט זיין יונגער הייסער שטים און פאָדערט דין־וחשבון!... איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געקענט געוווּסט, וואָס איז אַזוינס „סוד פּריס־יאַזשניך”, און די גאַנצע געריכטלעכע פּראָצעדור און יורידישע טער־מינאָלאָגיע, מיט וועלכע שלום־עליכם האָט אַזוי פלינק געאַרבעט, ווי אַ געניטער אַדוואָקאַט, זענען פאַר מיר געווען תרגום־לשון. איך האָב אָבער גוט פאַרשטאַנען, אַז כאָטש מע משפט דאָ שמרן נאָר בדרך משל, איז דאָך דער משפט זייער אַן ערנסטער, און טרעפנדיק כסדר אויף די בלעטלעך פון דעם ביכעלע די נעמען פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע שרייבער מיט ליכטיקע צעשפּרייטע אותיות, האָב איך געפילט, ווי איך וואָלט זיך דאָ געפונען אין אַן איבערגעפּאַקטן זאַל מיט געהויבענע פאַרשוינען, וואָס זענען אַלע מסכים מיט שלום־עליכמס שאַרפן אויפטו

און מיט די שאַרפֿע, פלאַם־פֿייערדיקע רעדעס פֿון שמרס באַשולדיקער. עס איז נאָר געווען אַ גאַנצע רחמנות אויף שמרן נעבאַך: ער האָט זיך מיר דאָ אויסגעמאָלט, ווי אַ בלייכער דערשראָקענער ייד אין אַן אָפּ־געבליאַקעוועטער שבתדיקער קאַפּאָטע (די שבתדיקע קאַפּאָטע איז מסתמא געקומען פֿון זיין נאָמען שמר, וואָס האָט דערמאָנט אָן דעם פסוק „שמור וזכור בדבור אחד" פֿון דעם פרייטאָג־צונאַכטיקן „לכה דודי"). חברה יונגעלייט, ביטערע יונגען, וואָס דער כבוד פֿון דער „זשאַרגאָן־ליטעראַטור" האָט זיי פֿאַרבאַקט ביים האַרצן, האָבן אים גע־כאַפּט, בשעת ער איז געגאַנגען אין שול מקבל־שבת זיין, און האָבן אים אַריינגעפירט אינעווייניק, אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און מע משפּט אים. נאָר ביטערער פֿון אַלץ איז פֿאַר מיר געווען, וואָס צוזאַמען מיט שמרן, אויף אַ ברעג פֿון דעם טרויעריקן באַשולדיקונגס־בענקל, בין איך אַליין אויך געזעסן — דערפֿאַר, וואָס איך האָב אומזיסט געפּטרט אַזוי פיל נעכט און אומזיסט אויסגעברענט דער מאַמעס „גאַזע" אויף זיינע פֿאַרמשפּטע ראָמאַנען.

פֿון דעמאָלט אָן האָב איך מיט שמרן אין גאַנצן איבערגעריסן מיין באַקאַנטשאַפט. אַנשטאָט דעם בין איך נאָענט באַקאַנט געוואָרן מיט דער וועלט פֿון מענדעלען, פֿון פּרצן, פֿון ספּעקטאָרן. איך האָב אָבער שטאַרק געלעכצט נאָך שלום־עליכמען, נאָך דער היימיש־האַרציקער, משפּחה־דיקער ליכטיקייט, וואָס ער האָט געשפּרייט אַרום זיינע פֿאַרשוינען, און גראָד שלום־עליכם האָט זיך אין יענער צייט זעלטן געלאָזט זען. איך האָב אים געטראָפֿן נאָר עטלעכע מאָל אין ספּעקטאָרס יאָרביכער „הויזפֿריינד". ער האָט זיך דאָרט באַוויזן, ווי אַ יום־טובדיקער גאַסט, וואָס קומט אויף אַ קורצער ווײַלע, מיט דער קליינער קאָמעדיע „דער גט", מיט מנחם־מענדלס „פּאַפּירלעך" און מיט דער ערשטער דער־ציילונג פֿון „טביה דעם מילכיקן". טביה דער מילכיקער, מיט זיין זומער־דיק־דאָרפֿישער פֿיגור, ווי ער שטייט מיטן פֿערדל און מיט די קאַנען מילך ביים פּלויט פֿון שלום־עליכמס דאַטשע און דערציילט־אויס פֿאַר אים אין פֿילאָזאָפֿיש־הומאָריסטישן טאָן זיין אָרעם לעבן פֿון אַן אָרעמען יידישן האָרעפּאַשניק, און דערהויפּט אין זיין הקדמה־בריוול, וואָס הייבט

זיך אָן מיטן חנעוודיק־קאָמישן „קטנתי", — געדרוקט מיט גרויסע סידור־אותיות, — האָט זיך ביי מיר לאַנג געליכטיקט אין זיכרון, ווי אַ נייע פרשה חומש, געשריבן פון דעם ריינעם געהויבענעם פאָלקס־לעבן אויף דער פשוטער האַרציקער שפּראַך פונעם פאָלק.

אין „הויזפריינד" האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען שלום־עליכמס בילד, און דער איינדרוק איז געווען אַ מערקווירדיקער: עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז פונקט אַזוי האָט ער זיך מיר געמאָלט אין דער פאַנטאַזיע דורך „סטעמפעניו", דורך „יאָסעלע סאָלאָוויי" און דורך זיינע איבעריקע געציילטע ווערק, מיט וועלכע איך בין געוואָרן אַזוי אינטים באַקאַנט. איך האָב לאַנג געזעטיקט מיינע אויגן אין זיין יונגן, קלוג שמייכלענדיקן געזיכט, אין זיינע פּרעכטיקע ווייכע לאַנגע האָר, וואָס האָבן געוואָרפן אַ פיינעם שאָטנדיקן לאָקן איבערן אָפענעם זוניקן שטערן, אין זיינע עטוואָס־פאַרחלומטע איראָנישע אויגן, וואָס האָבן גע־קוקט קלאָר און אָפן אויף דער וועלט דורך פיינע „אַפּטייקערישע" פענסנע מיט אַן אָראָפּגעהאַנגענעם שנירל (אַזעלכע פענסנע מיט אַזאַ שנירל האָט ביי אונדז אין שטאָט זיך פאַרגונען צו טראָגן סיידן אַן אַפּטייקער, צי גאָר אַ דאָקטער!). שלום־עליכמס אויסזען אויפן בילד האָט מיר געשיינט אי פריציש־אויסטערליש, אי יידישלעך־נאָענט, און איך האָב מיך אין אים פאַרליבט מיט מיין גאַנצן יונגן האַרצן, וואָס האָט אין יענע גרויע טעג אַזוי געדאָרשט נאָך יום־טובדיקע געשטאַלטן. דערפון איז מיין בענקשאַפט נאָך שלום־עליכמס וואָרט געוואָרן נאָך שטאַרקער. נאָר נישט אין אַלע בענדער פונעם „הויזפריינד" האָב איך אים געפונען. און אָן שלום־עליכמען איז דער „הויזפריינד" פאַר מיר געווען אַ וואָכעדיקע, כאָטש אַ זאַטע סעודה — דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן אין אונדזער אָרעמען ווינקל: „ברויט־מיט־נישט". ספּעקטאָרס גוטע, ערלעכע שילדערונגען פונעם פשוטן פאָלקסלעבן זענען שוין געווען פאַר מיר ניט גענוג — עס האָט געפעלט אין זיי די זיסע יום־טובדיקע ראָזינקע פון דעם עכטן קינסטלער.

איך האָב זיך דעמאָלט אויך מער באַקענט מיט פּרצן — דורך די בענדער פון זיין „יידישע ביבליאָטעק". דער נאָמען האָט געקלונגען

כמעט אַזוי צוציִענדיק, ווי שלום־עליכמס „יידישע פאָלקסביבליאָטעק" — עס האָט אָבער ניט געהאַט דעם חן פון שלום־עליכמס יונגן, באַגײַסטערנדיקן אָנהייב. אויך דער טאָן פון פרצעס „ביבליאָטעק" איז געווען אַן אַנדערער, אַ ווייטער און אַ הויכגעשטעלטער, וואָס רעדט פון אויבן אַראָפּ. די שפּראַך — אַ פאַרפוילישטע, אַ פאַרדייטשטע, אַ שפּראַך פון די ווייטע מדינות, וואָס האָט אין מיין אײַנפאַכן ליטווישן האַרצן ניט געפונען קיין לעבעדיקן אָפּקלאַנג. און פרץ אַליין, ווי געהויבן און טיף־אינטערעסאַנט ער האָט מיר ניט אויסגעזען, איז געווען פאַר מיר מער שכלדיק, ווי האַרציק. דאָס איינציקע, וואָס האָט מיך דאָרט פאַרכאַפּט, איז געווען, ווי ווייט איך געדענק, יעקב דינעזאָנס ראָמאַן „הערשעלע" — די ברייט־באַשריבענע געשיכטע פון אַ שטילן איידעלן ישיבה־בחורל, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין דער שיינער טאָכטער פון דעם שטעטלשן גביר, ביי וועמען ער האָט געגעסן שבת. צו מיין גרויסן אומגליק האָט זיך אָבער דער ראָמאַן איבערגעריסן אין מיטן — און יאָרן לאַנג נאָך דעם איז איינער פון מיינע טיפסטע ווונטשן געווען, אַז דינעזאָן זאָל פאַרענדיקן דעם דאָזיקן ראָמאַן און איך זאָל ענדלעך געוואָר ווערן, מיט וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט הערשעלעס טראַגישע ליבע.

בלעטערנדיק ביים ספרים־אַלמער פון מיין אַלטן ביבליאָטעקער פרצעס זאַמלביכער, האָב איך דאָרט, צו מיין גרויסן חידוש, שלום־עליכמס נאָמען ניט געפונען. דער חידוש איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איןביידע בענדער פון שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָטעק" איז פרץ יאָ געווען געדרוקט. ווי זשע קומט עס, וואָס שלום־עליכם איז ביי פרצן ניטאָ? איך האָב זיך ניט געשעמט און וועגן דעם אַ פרעג געטאָן מיין אַלטן ליטעראַרישן וועגווייזער. יענער האָט זיך צעלאַכט.

— אַ שיינע מעשה! — זאָגט ער צו מיר און קוקט מיך אָן מיט אַ שטרענגן שמייכל פון זיינע שאַרפע טונקעלע ברילן. — שלום־עליכם וועט גיין שרייבן ביי פרצן? די ביידע זענען צווישן זיך, ווי פייער מיט וואַסער!...

פאַר וואָס די ביידע זענען צווישן זיך, ווי פייער מיט וואַסער, און ווער פון די ביידע איז פייער און ווער וואַסער — אַזוי ווייט האָב

איך זיך געשעמט צו פרעגן. פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַ גרויסע אַנטוישונג, וואָס אַזעלכע צוויי געהויבענע גייסטער קאָנען ניט שטימען איינער מיטן אַנדערן — פּונקט ווי די צוויי באַרימטע רבנים פֿון אונדזער שטאָט, וואָס האַלטן זיך שוין יאָרן אין איין אַרומרייסן.

דערווייל האָב איך זיך אויף אייביק אָפּגעזעגנט מיט דער ישיבה, אויסגעבעטן ביי דער מאַמען שכר־לימוד פֿאַר אַ רוסישן לערער און זיך פֿלייסיק גענומען צו וועלטלעכע לימודים. כדי ניט איבערצו־שרעקן מיין מאַמע, זי זאָל, חלילה, ניט מיינען, אַז איך גיי שוין אַריבער אין גאַנצן צו שמד, האָב איך איר צוגעזאָגט, אַז אַ האַלבן טאָג וועל איך לערנען גמרא פֿאַר זיך אין אונדזער אייגענער שול, וואָס אויף אונדזער גאַס. די שול אונדזערע איז געווען אַ שטילע פּוסטע שול, וואָס אַחוץ מיר האָט דאָרט אין דער וואָכן געלערנט נאָר איין אַלטער ייִד, וועמען מע האָט גערופֿן „דער קאַפּולשטשיק״, ווייל ער האָט גע־שטאַמט פֿון דעם נאָענטן שטעטל קאַפּוליע. האָב איך אין די נאָכמיטאָג־שעהען, בשעת „דער קאַפּולשטשיק״ איז געגאַנגען אַהיים איבערבייסן און כאַפּן אַ דרעמל, געשמאַק געשפּאַנט איבער דער פּוסטער שול און געשמאַק געחזרט („געזובערעוועט״ — ווי דאָס האָט דעמאָלט געהייסן אויף עקסטערן־שפּראַך) די כללים פֿון דער רוסישער גראַמאַטיק, די האַרבע פּראָבלעמס פֿון מאַטעמאַטיק, די פֿרעמדע נעמען פֿון אילאָוואַיסקיס רוסישער היסטאָריע. דער אַלטער פּאַרשאָטנטער אָרון־קודש פֿון אונדזער אַלטער שול האָט אפשר צום ערשטן מאָל געהערט דעם קלאַנג פֿון אַזאַ פֿרעמדער שפּראַך און פֿון אַזעלכע ווילד־פֿרעמדע נעמען, ווי „סוויאַטאָ־פּאָלק אָקאַיאַנני״, „וולאַדימיר מאָנאָמאַך״, „דמיטרי דאָנסקאָי״. דער אַלטער אָרון־קודש האָט אָבער געקאָנט נאָר קוקן אויף מיר ברוגזלעך און שווייגן. דערפֿאַר האָט דער אַלטער „קאַפּולשטשיק״ ניט געשוויגן.

— הער־נאָר, דו חברה־מאַן! — זאָגט ער איין מאָל צו מיר דווקא אין גוטן מוט. — דו ביסט טאַקע ניט קיין שלעכטער ייִנגל, און אַ קעפּל איז ביי דיר אויך ניט קיין שלעכטע, — אָבער וואָס פֿאַר ביכלעך האָב איך דאָס געפֿונען ביי דיר אין שטענדער? האַ?...

— דאָס זענען כשרע ביכלעך, — זאָג איך, — אויף לערנען שפּראַך און חשבון.

— אויף וואָס טויג דיר שפּראַך און חשבון? ווילסט חלילה אַראָפּ פון וועג?

— אַדרבה, — זאָג איך, — איך וויל אַרויף אויפן וועג. סע שטייט אין פּרק: „טובה תורה עם דרך ארץ”.

— עי, — זאָגט ער — דו הייבסט שוין אָן רעדן ווי אַן אמתער ימח־שמוניק. דו ברענגסט מיר שוין ראיות פאַר דיינע שמד־שטיק פונעם פּרק!... מע דאַרף אַ שמועס טאָן וועגן דיר מיט דיין מאַמען. כ'האָב מורא, דו זאָלסט ניט האָבן דעם אייגענעם מיאוסן סוף, וואָס מיינער אַ חבר האָט אַ מאָל געהאַט.

— ווער איז געווען אייער חבר? — ווער איך שוין נייגעריק.

— אויב דו קוקסט אַריין אין די ביכלעך, — זאָגט ער — האָסטו מסתמא געהערט פון אים. ער איז טאַקע פון יענע לייט, וואָס אין דרוק. ער מאַכט מעשה־ביכלעך אויף עברי־טייטש. אין חדר האָט מען אים גערופן שלומקע...

עס טוט מיר אַ קלאַפּ אין האַרצן.

— שלום־עליכם? — פרעג איך און חידוש מיך אָבער, וואָרעם „דער קאַפּולשטשיק” איז שוין אַן אַלטער ייד, קרוב צו זיבעציק.

— וואָסער שלום־עליכם? וואָסער עליכם־שלום? — זאָגט ער מיט אַ בייזער. — שלומקע האָט מען אים גערופן! ער האָט אָנגעשריבן עפּעס אַ פאַסקודסטווע, אַ פּוסטע נאַרישקייט, וועגן עפּעס אַ פערד דאָרטן, צי אַ קליאַטשע, פון וואָס דיינע לייט לעקן די פינגער — טפו!...

איך בין דערשטוינט און שפּרינג אַזש אויף פון דער באַנק.

— דאָס איז דאָך מענדעלע מוכר־ספרים!

— וואָסער מענדל? וואָס שפּאַרסטו מיך איבער? — ווערט ער שוין אין כעס. — אַז איך זאָג דיר שלום, זאָגסטו מיר גאָר מענדל!... און ווי קומט ער צו זיין אַ מוכר־ספרים? ער איז גלאַט אַ ליידאַק, אַ ימח־שמוניק, אַ פּוסטע כלי, און נאָך אַ מחלל־שבתניק דערצו...

איך שטיי שוין צו צו מיין אַלטן „קאַפּולשטשיק“ און וויל פון אים הערן חידושים, וואָס ער ווייסט פון מענדעלעס לעבן.

— זע נאָר, — זאָגט ער — ווי דער קליינער האָט זיך עס אָנגע־צונדן! פונקט ווי איך וואָלט אים דאָ דערציילט פון אַ גרויסן תלמיד־חכם, פון אַ גדול הדור!...

און דער אַלטער „קאַפּולשטשיק“ דערציילט מיר בתמימות, אַז אָט דער שלומקע איז יינגלווייז גאָרניט געווען אַזאַ אַנטיקל. זיי האָבן אין קאַפּוליעביידע צוזאַמען געלערנט אין איין שול, איז שלומקע קעגן אים געווען אַ יינגל אַ גאָרנישט. וואָרעם ער אַליין האָט זיך שטאַרק גענומען צו גמרא מיט תוספות, און שלומקע האָט פון דער גמרא ניט געוואָלט וויסן. ער איז געלעגן מער אין „עין יעקב“, עס האָט זיך אים געגלוסט גרינגע פּייגעלעך. וואָלט דאָס נאָך געווען אַ האַלבע צרה. איז ער אַוועק פון קאַפּוליע ערגעץ אין דער פרעמד, מסתמא אין ווילנע, צי אין וואַרשעוו, און דאָרט איז פון אים געוואָרן אַ תל!... ס'איז גאָר אַ סברה, אַז ער שרייבט אום שבת. אַ גליק, וואָס זיין ווייב איז אַ פרומע יידענע, רייסט זי ביי אים אַרויס שבת די פּען פון דער האַנט און באַהאַלט זי ביז נאָך דער הבדלה...

די מעשה וועגן מענדעלע מוכר־ספרים האָט מיך מאָדנע באַפליגלט און אויפגעוועקט אין מיר גרויסע ליכטיקע האָפענונגען. הייסט עס, אַז אויך מענדעלע מוכר־ספרים איז אַמאָל געווען אַ יינגל, גלייך מיט אַלע קאַפּוליער יינגלעך. מיר איז שוין אָבער ניט געווען אַזוי באַקוועם אָנצוגיין מיט מיין בילדונג אין אונדזער פוסטער שול, וואָרעם דער אַלטער „קאַפּולשטשיק“ האָט מיך גענומען היטן, אַז אויפן שטענדער זאָל ביי מיר ליגן די גמרא, ניט קיין ביכלעך. האָב איך מיך פאַוואָלינקע אָפּגעוווינט פון דער שול און גענומען שטודירן אין דער היים. דורך דער רוסישער שפּראַך, וואָס איך האָב אַפילו שווערלעך איינגעביסן, האָט זיך פאַר מיר ביסלעכווייז געעפנט אַ נייע פרעמדע וועלט, אַ וועלט אַ ברייטע און אַ טיפע, ווי דער ים, די וועלט פון פּושקין און לער־מאָנטאָוו, פון גאָגאָל און טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי. איך האָב זיך אָנגעהויבן באַקענען מיט די ברייטע מיינונגען פון

ביעלינסקי און פיסאַרעוו, פון דאָבראָליובאָוו און מיכאַילאָווסקי. ביכער האָבן מיר שוין ניט געפעלט: די פּאָליצעס אין דער פּריוואַטער רוסישער ביבליאָטעק פון מיין שטאָט זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט אַ גרויסן ליטעראַרישן אויסוואַל, וואָס האָט זיך פאַר מיר לאַנג ניט אויסגעשעפּט, און איך האָב געטרונקען פון דעם רוסישן קוואַל מיט גרויסע טיפע בעכערס. מיין געשמאַק האָט זיך אין דער פרעמדער רייכער וועלט אויסגעאיידלט, איך האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס גוט איז און וואָס שלעכט, און האָב די זעלבע מאָס אַריבערגעטראָגן אין מיין אייגענעם יידישן ווינקל, צו וועלכן איך האָב זיך נאָך ענגער גענומען טוליען, זוכנדיק אין אים דעם באַשייד צו מיינע אייגענע חלומות.

און אין אונדזער אייגענעם יידישן ווינקל האָט זיך שוין דעמאָלט אָנגעהויבן עפּעס צו רודערן. אין דער העברעאישער ליטעראַטור זענען דאָס געווען די טעג, ווען עס האָבן אָנגעהויבן צו בליִען די נעמען פון אחד העם און ביאַליק, פון פרישמאַן און בערדיטשעווסקי. אין וואַרשע זענען אויפגעקומען נייע העברעאישע פאַרלאַגן מיט עכטן אייראָפּעאישן פּאַרנעם; איין פאַרלאַג, „תושיה“, האָט געגעבן דעם עולם גאַנצע צוויי הונדערט ביכער פון פאַרשיידענע ליטעראַרישע צווייגן. עס האָט גע־נומען שפּראָצן אַ העברעאישע קינדער־ליטעראַטור... אויף יידיש האָט דעמאָלט אין רוסלאַנד זיך באַוויזן דער ערשטער אָנזאָג אויף אַן עכט־מאָדערנער פּרעסע — די וואָכנשריפט „דער יוד“.

איך געדענק נאָך עד היום דעם נייעם פרישן רייצנדיקן טעם, וואָס „דער יוד“ האָט יענע טעג אַריינגעבראַכט אין אַ סך יידישע הייזער. די נייקייט און די פרישקייט האָבן אַרויסגעאָטעמט ניט נאָר פון דעם אינהאַלט, נאָר אַפילו פון דער גרינער הילע, אויף וועלכער דער רייצנ־דיקער אינהאַלט איז געווען פאַרצייכנט, אַפילו פון דעם פיינעם אויס־לענדישן שריפט אָן נקודות, וואָס האָט ווי געלייגט אויף דער יידישער פאָלקסשפּראַך דעם שטעמפּל פון העכערער קולטור. דאָס הויכע וואָרט „קולטור“ איז, אַגב, אין דעם „יוד“ געווען אַ גאַנץ היימיש וואָרט — און דאָס אַליין האָט אין יענע צייטן אויף עפּעס געמיינט. פאַר מיר האָט „דער יוד“ געהאַט אַ באַזונדער מאַגנעטישע קראַפט: איך האָב דאָרט

ווידער געפונען שלום־עליכמען. פון מיינע אייגענע פאַרדינסטן (איך האָב שוין דעמאָלט פאַרדינט אַ רובל אַ חודש — געלערנט תנ״ך מיט אַ שכנס אַ יינגל) האָב איך אויסגעשריבן פון וואַרשע די נייע יידישע צייטונג און האָב פון וואָך צו וואָך זיך קוים דערוואַרט אויף שלום־עליכמס פעליעטאָן, וואָס האָט פריילעך־אינטים געשמייכלט מיטן קליינעם פערלדיקן שריפט פון אונטערן פאַס — פון אונטער די ערנסטע לייט־אַרטיקלען, אין וועלכע דאָס הויכע וואָרט „קולטור״ האָט זיך אַזוי אָפט און ערנסט איבערגעחזרט.

אינעם „יוד״ האָט זיך שלום־עליכם צעגאָסן, ווי אַ ברייטער ליכטיקער טייך. עס האָט פון אים ווי אַ שפּאַר געטאָן אַ פרישער לעבעדיקער קוואַל, וואָס האָט געפליצט איבער אַלע ווינקלען פון דעם יידישן פאָלקסלעבן. דאָרט זענען אויסגעוואַקסן די קלאַסישע געשטאַלטן פון טביה דעם מילכיקן און מנחם־מענדל, דאָרט האָט טרויעריק־ליכטיק אויפגעשײַנט די שטאָט כתרילעווקע מיט אירע קליינע מענטשעלעך, דאָרט האָבן זיך יונג צעשטראַלט די יום־טובדיקע פּנימלעך פון יידישע קינדער. דאָרט האָט דער באַזינגער פון יידישן לעבנסשטייגער גע־עפנט טיר און טויער פון יידישע הייזער און הויפן און געוויזן אין ליכטיקן שײַן אַ טרויעריקע וועלט מיט פאַרשוינען, מאַנסביל און ווייבער און קינדער, אַלע מיט זייערע גענג און מיט זייערע רייד, מיט זייער נאַרישער קלוגשאַפט און מיט זייער קלוגער נאַרישקייט, מיט זייער האַנדל און מיט זייער וואַנדל, און אַפילו מיט זייערע היות און מיט זייערע בהמות, מיט די „ראַבטשיקס״ און מיט די „מתושלחס״ — און איבער דעם דאָזיקן טרויער־טאָל האָט נאָך העלער, ווי אין די יונגע יאָרן, זיך צעקלונגען דאָס לויטערע געלעכטער פון דעם רייף־געוואָרענעם, קלאָר־זעענדיקן הומאָריסט: „מענטשן, קליינע מענטשעלעך, טרויערט ניט, פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ! ווי קליין איר זענט — זענט איר דאָך גרויס, ווי נאַריש איר זענט — זענט איר דאָך קלוג, ווי מיאוס איר זענט — זענט איר דאָך שיין, ווי טרויעריק איר זאָלט ניט אויס־קוקן אין אייער טרויעריקן לעבן — זענט איר דאָך אין גרונט פריי־לעכע מענטשלעכע ברואים, וואָס גאַרן נאָך אַ ביסל פרייד, נאָך אַ ביסל

ליכט, נאָך אַ ביסל שפּיל, וואָרעם איר זענט אַלע קינדער, וואָרעם מיר אַלע גייען־אום ווי קינדער אונטער גאָטס ליכטיקע הימלען"...

איך האָב שוין דעמאָלט בגניבה אַליין געשריבן, „געפּרוּווט מיין פעדער" אין דער העברעאישער שפּראַך (פאַר וואָס העברעאיש און ניט יידיש — דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, וואָס געהערט ניט אַהער). עס האָט מיך געצויגן צום רעאַלן אויסדרוק פונעם לעבן, און מער צום שטילן טרויער, ווי צום הויכן לאַכן, כאָטש דאָס לויטערע געלעכטער האָט פון קינדווייז אָן געלייטערט מיין געמיט, און איך האָב עס געזוכט אין לעבן, ווי שפּעטער אין דער ליטעראַטור. איך האָב אָבער געפילט, אַז די אמתע הומאָריסטישע דיכטונג איז ביי אונדז געגעבן געוואָרן נאָר צו איינעם — צו שלום־עליכמען, און שטילערהייט איז שוין דעמאָלט ביי מיר געבוירן געוואָרן דער ווונטש, אַז אויב איך וועל אַמאָל באַקומען גענוג כוח אין העברעאיש, וועל איך פּרוּוון שלום־עליכמס ליכטיקן גייסט איבערגיסן אין מיין שפּראַך.

ד

# שלום־עליכם און י. ל. פרץ

אַז שלום־עליכם און י. ל. פּרץ זענען אַ לאַנגע צייט געווען צווישן זיך „ווי פייער מיט וואַסער" — פון דעם האָט מען דעמאָלט געשמועסט ניט נאָר אין דער פּאַרוואָרפענער פּראָווינץ, צווישן קליינשטעטלדיקע משכילים און ליטעראַטור־ליבהאָבער, פאַר וו׳עמען דאָס פּריוואַטע לעבן פון באַרימטע שרייבער האָט געדינט ווי זייער פּיקאַנטער שטאָף; מע האָט דערפון געשמאַק גערעדט אויך אין די ליטעראַרישע קרייזן פון וואַרשע, וואָס איז אין יענע צייטן געווען די יידישע ליטעראַרישע מעטראָפּאָליע.

אָנגעהויבן האָט זיך דער ברוגז צווישןביידע שריפטשטעלער נאָך „בימי הפּאָלקסביבליאָטעק", ווי שלום־עליכם פלעגט עס רופן — אין די טעג, ווען „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק" איז אַרויסגעקומען אויף דער וועלט. פּרץ איז נאָך דעמאָלט געווען גאַנץ ווייניק באַקאַנט ביים יידישן עולם, כאָטש ער האָט שוין געהאַלטן נאָענט ביי די פערציקער און האָט אין דעם אינטעליגענטן קרייז פון זיין שטאָט זאַמאָשטש געהאַט אַ נאָמען ווי אַ מענטש אַ רייך־באַגאַבטער און אַ הויך־אַנטוויקלטער, מיט הויכע באַגריפן וועגן ליטעראַטור און ליטעראַרישע פּראָבלעמען ביי יידן. ביז דער „פאָלקסביבליאָטעק" האָט ער געדרוקט זיינע זאַכן נאָר אין העברעאיש, און אויך דאָס — ניט זייער אָפט. שלום־עליכם ווידער, וואָס איז אין יענער צייט נאָך ניט אַלט געווען קיין פולע דרייסיק יאָר, האָט זיך שוין פּאָפּולער געמאַכט צווישן די יידיש־לייענער דורך זיינע לעבעדיקע פעליעטאָנען און דערציילונגען, וואָס ער האָט כסדר געדרוקט אין דעם פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט" און אין זיינע ליטעראַרישע ביילאַגעס, און דערהויפּט איז זיין נאָמען אויפגעשטיגן מיטן דערשיינען פון דער „פאָלקסביבליאָטעק".

באַלד ווי ס'איז באַקאַנט געוואָרן, דורך אַנאָנסן אין דער העברע־אישער פּרעסע און סתם דורך ליטעראַרישע נייעס־פֿאַרשפּרייטער, אַז שלום־עליכם, דער יונגער „זשאַרגאָניסט" און קיִעווער גביר (ביי אַנדערע האָט ער אַזש געהייסן „דער קיִעווער באַנקיר"), האָט זיך פֿאַרנומען צו שאַפֿן אַ גרויסע זאַך פֿאַרן „זשאַרגאָן", און אַז ער זוכט מיט ליכט גוטן מאַטעריאַל פֿאַר אַ גרויסער ליטעראַרישער זאַמלונג, — האָט זיך פּרץ מיט אים פֿאַרבונדן דורך אַ שורה בריוו (געשריבן אויף העברעאיש), און דער רעזולטאַט דערפֿון איז געווען, אַז שלום־עליכם האָט אין דער „פֿאָלקסביבליאָטעק" פֿאַרעפֿנטלעכט פּרצעס ערשטע זאַכן אויף יידיש — די פּאָעמע „מאָניש" און אַ קליינע סעריע קורצע סקיצעס. אין זיינע בריוו האָט פּרץ אויפֿגעפּאַסט שלום־עליכמען, ווי אַ רייכן מעצענאַט. ער האָט טאַקע געוווסט, אַז דער מעצענאַט איז אַליין אויך אַ שרייבער; ער איז אָבער מיט דעם מעצענאַטס שרייבן, ווייזט אויס, ניט געווען באַקאַנט, וואָרעם אין די ערשטע בריוו האָט ער אים גאָר פֿאַרמישט מיט אַבראַמאָוויטשן (מענדעלע מוכר־ספרים), וועמעס ווערק ער האָט אויך ניט געקענט, נאָר ער האָט צופֿעליק געזען די פּוילישע איבערזעצונג פֿון דער „קליאַטשע". ער האָט אין זיינע בריוו שלום־עליכמען כסדר באַטיטלט מיטן נאָמען „אַרויסגעבער" (אויף העברעאיש: מו"ל — מוציא לאור), און אַפֿילו אין דעם טאָן פֿון די בריוו, כאָטש ער איז געווען זייער אַן אויפֿריכטיקער און אַ דעליקאַטער, האָט זיך געלאָזט פֿילן אַ געוויסע דערווייטערונג צווישן אַ שרייבער און אַן אַרויסגעבער. שלום־עליכם איז אָבער געווען ניט נאָר דער אַרויסגעבער פֿון דער „פֿאָלקסביבליאָטעק", נאָר אויך איר רעדאַקטאָר, און האָט, ווי יעדער רעדאַקטאָר, זיך געהאַלטן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די זאַכן, וואָס ער דרוקט אין זיין אויסגאַבע, און דאָרט, ווו ער האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק, האָט ער די זאַכן רעדאַקטירט, דאָס הייסט, אויסגעבעסערט לויט זיין געשמאַק, און אַ מאָל שטאַרק אויסגעבעסערט, אַזוי אַז דער מחבר האָט זיין ווערק שווערלעך דערקענט (למשל: דינעזאָנס „קרעפּלעך זאָלסטו עסן", וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם ערשטן באַנד „פֿאָלקסביבליאָטעק", האָט שלום־עליכם אַזוי גרינטלעך רעדאַקטירט, אַז פֿון אַ גאַנץ

היפשן ווערק זענען איבערגעבליבן נאָר עטלעכע בלעטלעך; דינעזאָן האָט נאָך דעם אויסגעגאָסן זיין באַליידיקט האַרץ אין אַ לאַנגן בריוו צום יונגן אַכזריותדיקן רעדאַקטאָר — און איז פון דעסטוועגן פאַרבליבן מיט אים גוטע פריינד, ווי געווען).

אַז דער יונגער שלום־עליכם איז געווען אַן ערנסטער און פאָר־זיכטיקער רעדאַקטאָר, מיט גוטע, ערלעכע רעדאַקטאָרישע כוונות — אין דעם איז ביי מיר קיין שום ספק נישטאָ. דאָס איז צו זען פון דעם פאַקט, וואָס ער האָט ניט געשוינט אַפילו זיין ליטעראַרישן זיידן, מענדעלע מוכר־ספרים, פאַר וועמען ער האָט געהאַט דעם טיפסטן רעספּעקט, און האָט אין דעם „ווינשפינגערל" רעדאַקטירט עטלעכע קאַפּיטלען, און פון איין פלאַץ אין גאַנצן אַרויסגעוואָרפן עפּעס אַ לידל. דערביי האָט ער צו מענדעלען וועגן דעם געשריבן אַזוי: „ווי איר זעט, איז דאָס לידל פון „איש חסיד" אַרויסגעפלויגן. עס פּאַסט פאַר גאָט־לאָבערן [אַ באַוווּסטער העברעאישער און יידישער שרייבער פון יענער צייט. — י. ד. ב.], נישט פאַר אייך. איצט הרגעט מיך, שלאָגט מיך, שמייסט מיך! מיר איז טייער אייערס אַ וואָרט מער ווי מיינס. אַז איך מאַך אַ פעלער, איז דאָ אַ תירוץ: פאָרט אַן אייניקל; דער זיידע אָבער, אוי־ווי, אַז ער פאַלט אַריין אין שאַרזש, קאָן עס דאָס אייניקל נישט דערלאָזן בשום אופן!"... איך בין אויך זיכער, אַז צווישן די מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקסביבליאָטעק" זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שטאַרק גענייטיקט אין אַ רעדאַקטאָרס האַנט, און שלום־עליכם מיט זיין רעדאַקטאָרישן פלייס האָט זיי געוויס קיין רעה ניט געטאָן, בפרט אויב ער האָט זייערע זאַכן געקירצט (שלום־עליכם אַליין פלעגט דאָס רופן: „אָפּגעצאַפּט וואַסער"), וואָרעם אין יענע צייטן האָבן יידישע מחברים ליב געהאַט „מאריך בדרוש" זיין, דאָס הייסט, פשוט זיך פאַררעדן און אַראָפּגיין פונעם ענין. שלום־עליכם איז אָבער געווען אַ קינסטלער, און ווי יעדער רעדאַקטאָר, וואָס איז אַליין אַ קינסטלער, האָט ער ביים רעדאַקטירן פרעמדע ווערק ניט־ווילנדיק אויף זיי אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל פון זיין אייגענעם קינסטלערישן דרך און זיין אייגענעם סטיל. דאָס זעלבע האָט ער אויך געטאָן מיט פּרצעס

„מאַניש", וועלכן ער האָט געפונען פּאַר נייטיק אויסצובעסערן לויט זיין געשמאַק. פּרץ, פאַרשטייט זיך, האָט געהאַלטן, אַז שלום־עליכם האָט „מאַנישן" ניט אויסגעבעסערט, נאָר ער האָט אים אַוועקגעהרגעט — און דערפון האָט זיך גענומען דער כעס. פאַר פּרצן איז שלום־עליכמס רעדאַקציע געווען באַזונדערס פּילבאַר, ווייל די צומישונג פון שלום־עליכמס אוקראַאינישן יידיש צו זיין אייגנטימלעכן פּוילישן יידיש האָט אים אויסגעזען, ווי אַ פרעמדע לאַטע אויף זיין נייעם מלבוש. און אַזוי ווי פּרץ איז געווען גאַנץ ווייט פון ווייבלעכער ווייכקייט און נאָכגיביקייט, ווי אַ דינעזאָן, האָט זיך אין אים דער כעס ניט געשטילט אַ לאַנגע צייט.

צי שלום־עליכם האָט טאַקע „מאַנישן" אַוועקגעהרגעט, צי אפשר איז דער גוואַלד גאָרניט אַזוי גרויס, — דאָס קאָן מען איצט אויף זיכער ניט זאָגן. דער שפּעטערדיקער נוסח פון „מאַניש", ווי פּרץ האָט אים געלאָזט דרוקן אין זיינע שריפטן, איז געוויס ניט פאַרבליבן פּונקט אַזוי, ווי ער האָט אים געשיקט צו שלום־עליכמען פאַר דער „פאָלקסביבליאָטעק". פּרץ האָט תמיד געהאַלטן אין איין איבערמאַכן זיינע ווערק, און ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דווקא „מאַנישן" האָט ער איבערגעלאָזט אין זיין ערשטער אומצייטיקער פאָרעם.

פון דעסטוועגן, ניט געקוקט אויפן ברוגז, האָט פּרץ, נאָכן דער־שיינען פון דעם ערשטן באַנד „פאָלקסביבליאָטעק", געשריבן שלום־עליכמען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט שטאַרק געלויבט זיין געראָ־טענעם אויפטו. די „פאָלקסביבליאָטעק", וואָס איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג פון אַלע פריינד פון דער יידישער פאָלקס־שפּראַך, האָט פון דער צווייטער זייט אויפגערייצט אַ טייל פאַנאַטיקער פון דער העברעאישער שפּראַך, וואָס האָבן געזען אין דעם אויפגאַנג פון דעם נייעם „זשאַרגאָן" אַ געפאַר פאַרן אַלטן היסטאָרישן לשון. דערהויפּט איז מען געווען אויפגעבראַכט אויף די „פאַררעטער", די אויסגעשפּראָ־כענע העברעאישע שרייבער, למאי זיי האָבן ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון פון שלום־עליכמס גוטע האָנאָראַרן און זיך געלאָזט פאַר־נאַרן אין אַ פאַסטקע. אויף די שפּאַלטן פון דער העברעאישער פּרעסע,

אין דעם „המליץ״ און אין דער „הצפירה״, האָט זיך צעפלאַקערט אַ הייסע פּאָלעמיק קעגן דעם „זשאַרגאָן״ און פאַר אים. צווישן די פּאַר־טיידיקער פון דער „זשאַרגאָן־ליטעראַטור״ איז געווען אויך שלום־עליכם אַליין, וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפן מאמר אינעם „המליץ״. אויך פרץ האָט זיך דעמאָלט אָנגעצונדן מיטן זעלבן פייער און האָט געלאָזט וויסן שלום־עליכמען אין אַ בריוו, אַז ער שרייבט וועגן דעם ענין אַ ספּעציעל העפטל, וואָס וועט זיין „שאַרף און גלאַט״ (חד וחלק). דאָס העפטל איז אָבער, ווייזט אויס, נישט געשריבן געוואָרן.

פון דעם איז צו זען, אַז דער ריס צווישן ביידע שריפטשטעלער צוליב דעם ענין „מאָניש״ וואָלט זייער לייכט געקאָנט פאַרבייט ווערן. נאָך אַ באַווייז דערצו איז אַ בריוו פון פרצן צו שלום־עליכמען פון יענער צייט, געשריבן אין אַ זייער געדריקטן טאָן: פרץ שרייבט, אַז אַזוי ווי זיין מאַטעריעלע לאַגע איז אַ שלעכטע און ער מוז לעבן פון זיין ליטעראַרישער אַרבעט, איז ער געצוווּנגען צו דערלויבן שלום־עליכמען צו מאַכן אויסבעסערונגען אין זיינע מאַנוסקריפּטן פאַר דער „פאָלקסביבליאָטעק״... ווי אַזוי שלום־עליכם האָט אויפגענומען אַזאַ קרבן פון אַ חבר אין אַ געדריקטן צושטאַנד — קאָן מען ניט וויסן, ווייל שלום־עליכמס בריוו צו פרצן פון יענער צייט זענען ניט אָפּגעהיט געוואָרן. מע ווייסט נאָר, אַז צווישן פרצן און שלום־עליכמען האָבן זיך דעמאָלט אַריינגעמישט קלענערע מענטשלעך, „פּאָטשטן־טרעגער״, דערהויפּט אַזעלכע, וואָס האָבן ניט פאַרגונען דעם „יונגן קיִעווער גביר״ זיין ליטעראַרישע הצלחה, און מע האָט שוין געאַרבעט אַזוי, אַז די ביידע זאָלן זיך דערווייטערן איינער פון דעם אַנדערן. און מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אַז „דער יונגער קיִעווער גביר״ איז געוואָרן אויס גביר, און פרץ האָט מיט דער הילף פון וואַרשעווער מעצענאַטן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זיין יאָרבוך אונטערן נאָמען „די יידישע ביבליאָטעק״ — האָט דער מאַטעריעל־געפאַלענער שלום־עליכם אין דעם דאָזיקן נאָמען געזען אַ דירעקטן נקמה־צוג מצד פרצן, און ניט נאָר אַ נקמה, נאָר אַ פּשוטע פאַרכאַפּונג פון זיין „פאָלקסביבליאָטעק״, פון וועלכער ער האָט זיך נאָך ניט אָפּגעזאָגט און האָט אַליין געזוכט

מיטלען זי ווידער צו באַנייען. ער איז דעמאָלט, מחמת זיינע רוּאינירטע געשעפטן אין קיִעוו, געזעסן מיט דער פאַמיליע אין אָדעס און געלעבט דערפון, וואָס ער האָט טיילווייז געהאַנדלט אויף דער אָדעסער בערזע און טיילווייז מיטגעאַרבעט אין די אָדעסער רוסישע צייטונגען; האָט ער געמאַכט די לעצטע אָנשטרענגונג (פאַרקויפט די לעצטע רעשטן פון דער פרויס צירונג) און אַרויסגעגעבן דעם „קול מבשר", אַ קליינע ליטעראַרישע זאַמלונג פון פעליעטאָנען און קריטישע אַרטיקלען, אַלע געשריבענע פון אים אַליין אונטער פאַרשיידענע פסעוודאָנימען, און געהייסן האָט עס, אַז דער „קול מבשר" איז אַ קול, וואָס זאָגט־אָן דעם עולם, אַז „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק" וועט גאָר אין גיכן אויפֿשטיין תחית־המתים. די „פאָלקסביבליאָטעק" איז שוין קיין תחית־המתים ניט אויפגעשטאַנען, נאָר פון דעם „קול מבשר" איז ביים יידישן לייענער אין זיכרון פאַרבליבן צוויי זאַכן פון שלום־עליכמען, וואָס זענען, אייגנטלעך, ווייט איינע פון דער אַנדערער, סיי לויט זייער כאַראַקטער, סיי לויט זייער ליטעראַרישער וויכטיקייט: דער ערשטער אַרויסטריט פון מנחם־מענדל און שיינע־שיינדל זיין ווייב (די סעריע בריוו „לאָנדאָן"), און אַ שאַרפע וויציקע קריטיק (אונטערגעשריבן „קרי־טיקוס דער צווייטער") אויף פרצעס אַ קליין ביכעלע מיטן נאָמען „פּאָעזיע".

מיט אַ קורצער צייט שפעטער (אין יאָר 1894) געפינען מיר אַ בריוו פון שלום־עליכמען צו מרדכי ספעקטאָרן, וואָס איז זייער כאַראַק־טעריסטיש פאַר די באַציאונגען צווישן שלום־עליכמען און פרצן. שלום־עליכם שרייבט אין זיין בריוו פון קיִעוו קיין וואַרשע אַזוי:

„ובני קורח לא מתו... אַפּנים, אונדזער אָרעמען זשאַרגאָן איז שוין באַשערט צו האָבן איינעם אַ משוגענעם. פריער האָט זיך נאַסיאַדעט אויף אים איינער עפּעס אַ מטורף, אַ לעווי, ימח שמו וזכרו [געמיינט דעם אַרויסגעבער פונעם פעטערבורגער „פאָלקסבלאַט". — י. ד. ב.], און איצט האָט זיך אָפּגעריסן פון אַ שטריק אַ פרץ — — —. ער איז געוואָר געוואָרן, אַז איך האָב אייך געשיקט אַ פעליעטאָן, איז ער ניט פויל אויף דער פען און שרייבט מיר אַריין אַ בריוועלע (אויף רוסיש) בזה הלשון:

„— — — איר האָט אַפילו קעגן מיר נישט אַזוי לייטיש יוצא געווען, דאָך האָב איך אייך שוין לאַנג מוחל געווען. איך האָב אייך גערעכנט פאַר אַ דער־רוח־ווייסט־וואָס, נאָר איך בין ערפאַרן פון אַ ריכטיקער קוועלע (דינעזאָן), אַז איר זייט גראַדע אַ גוטער מענטש, נאָר אַ משוגענער. איך גיב אייך אַ חודש צייט מיר צו שיקן אַ פעל־יעטאָן אין מיין „ביבליאָטעק". האָנאָראַר — ווי געוויינלעך. ווען נישט, איז אַ סימן, אַז איר האָט זיך נאָך ניט אויסגעהיילט. — ל. פרץ".

„אַזאַ נאַכאַל! נעמען און אַרויסהענגען אַ בלעטל פונקט מיט יענעמס פירמע; נאָכטאַנצן יענעם; אונפאַרשעמט זיך באַנוצן מיט יענעמס נאָמען א. ד. ג. — און ער איז נאָך מוחל! נישקשה, ער מעג שוין וואַרטן מער פון אַ „גאַנצן חודש צייט" — ער וועט פון מיר קיין ענטפער ניט באַקומען ווייל ער וועט לעבן! איך האָב אים תמיד גערעכנט פאַר אַ שטיק משוגענעם; נאָר אַז ער זאָל זיין אַזאַ נאַכאַל — — — דאָס האָב איך גאָרניט געוווּסט, כלעבן —".

כאַראַקטעריסטיש איז דער בריוו דערמיט, וואָס ביידע, סיי שלום־עליכם, סיי פרץ, רופן איינער דעם אַנדערן משוגענער — און דאָס איז אַ קלאָרער באַווייז, אַז דער כעס, וואָס איינער טראָגט אויפן צווייטן, איז ניט אַזוי טיף.

עס זענען פאַרלאָפן יאָרן, און אָט האָבן ביידע, שלום־עליכם און פרץ, זיך אָנגעהויבן באַגעגענען כמעט וואָך־איין וואָך־אויס אויף די בלעטער פונעם „יוד". ביידע זענען געווען די הויפט־חזנים אין דעם נייעם טעמפּל פון דער יידישער ליטעראַטור, כאָטש יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט זיין באַזונדערן עמוד. שלום־עליכם האָט גערדאַוונט מיט איינפאַכער האַרציקער מתיקות פאַרן ברייטן פשוטן יידישן עולם, און פרץ האָט געצויגן טיפע חסידישע ניגונים אין אַ הייס־אָנגעפאַקטן חסידישן שטיבל. די איבעריקע, די יונגע שרייבער, ווי רייזען, אַש און נאָמבערג, האָבן נאָך דעמאָלט געהאַט אַ פנים פון יונגע משוררים. קענענדיק שלום־עליכמס מילדן כאַראַקטער, ווי אַזוי ער האָט ליב געהאַט גוט־ברודערשאַפט און משפחהדיקע האַרציקייט אין די אייגענע קרייזן, שטעל איך מיר פאָר, ווי פריקרע ס'איז אים געווען, וואָס ער און פרץ

שרייבן אין איין צייטונג און זענען נאָך אַלץ צווישן זיך צעריסן. און ס'איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס בשעת מע האָט אינעם יאָר 1901, אום ל"ג בעומר, געפייערט אין וואַרשע פּרצעס יובילײ, האָט שלום־עליכם ניט געקאָנט בלייבן רואיק אין קיעוו און האָט אַריינגעשיקט פּרצן אַ וואַרעמע באַגריסונג. דער אָריגינאַל פון דער באַגריסונג ווערט אָפּגעהיט אין דעם מוזיי פון דער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין ווילנע אויפן נאָמען פון ש. אַנ—סקי. אַז מע לייענט די באַגריסונג פון אויבנאויף, קאָן זיך דאַכטן, אַז זי האָט ניט אין זיך קיין באַזונדערע כוונות. פון אויבן, איבער דער באַגריסונג, גייט אָבער אַ טשיקאַווע העברעאישע דאַטע, וואָס מע דאַרף זי גוט צעקייען, און ביי דער זייט האָט שלום־עליכם צוגעשריבן צוויי שורות און דערנאָך חרטה געהאַט און זיי געדיכט אויסגעשטראָכן. נאָך אַ קורצער שטודיע האָט זיך מיר איינגעגעבן איבערצולייענען די אויסגעשטראָכענע שורות, וועלכע זענען דער שליסל צו דעם גאַנצן דאָקומענט.

די באַגריסונג איז אַ פיין שטיקל אַרבעט. פריער גייט די דאַטע אין העברעאיש, געשריבן מיטן נוסח פון דער תפילה, וואָס מע זאָגט צווישן פסח און שבועות נאָך מעריב, בשעת „ספירה" (ווען מע ציילט דעם „עומר"). ס'איז אַ פיינער איינפאַל דערמיט, וואָס פון איין זייט איז דאָס צוגעפּאַסט צו פּרצס חסידישן גייסט, און פון דער צווייטער זייט שטעקט אין דעם אַ באַהאַלטענער הומאָריסטישער ווידוי פון שלום־עליכמען אויף דעם, וואָס ער האָט ביז אַהער ניט אָנערקענט פּרצעס גרויסן טאַלאַנט. עס לייענט זיך אַזוי:

„היום שלשה ושלשים יום, שהם ארבעה שבועות וחמשה ימים לעומר, בשנת תרס"א, שהיא שנת היובל לפרץ; — ובכן יהי רצון שבזכות ספירת העומר שספרתי היום יתוקן מה שפגמתי בספירה: הוד שבהוד — — — אמן סלה..."

וואָס דאָס מיינט אויף יידיש: היינט איז דריי און דרייסיק טעג, וועלכע זענען פיר וואָכן און פינף טעג לויט דעם „עומר", אין דעם יאָר תרס"א, וועלכעס איז דאָס יובילײ־יאָר פון פּרץ; בכן, זאָל זיין דער ווילן פון גאָט, אַז אינעם זכות פון דער עומר־ציילונג, וואָס איך האָב

היינט געציילט, זאָל פאַרריכט ווערן דאָס, וואָס איך האָב קאַליע געמאַכט אין דער ספּערע: די פּראַכט פון פּראַכט... אָמן סלה...

דערנאָך גייט דער יידישער טעקסט:

פון אַ גויישער שטאָט, טרינק איך אַ יידישן טאָסט,
פון יידישן וויין, גאַנץ יידישלעך פּראָסט:
צוויי שמידן קלאַפּן מיט צווייערליי האַמערס איבער איין אייזן.
צוויי אַרבעטער האָרעוועןמיט צווייערליי געצייג איבער איין אַרבעט.
צוויי רייזנדער שפּאַנען פון צווייערליי פּונקטן צו איין ציל.
צוויי ליטעראַטן שרייבן מיט צווייערליי פּענעס צוליב איין פאָלק...

(און דאָ קומט די ערשטע אויסגעמעקטע שורה: למאי זאָלן זיי זיך קריגן ?).

פון אַ גויישער שטאָט, טרינק איך אַ יידישן טאָסט,
פון יידישן וויין, גאַנץ יידישלעך פּראָסט:
לעבן זאָל אונדזער פאָלק!
לעבן זאָל זיין ליטעראַטור!
לעבן זאָלן אירע געטרייע אַרבעטער!
לעבן זאָל דער פאָלקסיובילאַר פּרץ!
הידד!

(און דאָ קומט די צווייטע אויסגעמעקטע שורה: למאי זאָל ניט זיין שלום ?).

## שלום־עליכם

ווי אַזוי פּרץ האָט דעמאָלט רעאַגירט אויף שלום־עליכמס באַגריסונג — איז ניט באַקאַנט. מיט עטלעכע יאָר נאָך דעם, בעת איך בין שוין געווען אין וואַרשע אַן אָפטער אַריינגייער ביי פּרצן אין הויז, איז מיר איין מאָל אויסגעקומען פערזענלעך צו באַטראַכטן פּרצעס באַציאונג צו שלום־עליכמען.

## ה

# אויף פרצעס ליטעראַרישע „דאָנערשטאָגן"

דאָס איז געווען אַרום סוף יאָר 1904. אין יענער צייט בין איך שוין געווען ווייט אַוועקגעפלויגן פון מיין וואַרעמען נעסט און האָב שוין געהאַט דאָס גרויסע גליק צו זען מיינע יוגנט־פּרוּוון געדרוקט, אין שכנות מיט די שאַפונגען פון אַלטע באַוווסטע שרייבער, אויף די העברעאישע בלעטער און זשורנאַלן. און אָט בין איך געקומען קיין וואַרשע, די אומפאַרמיידלעכע צויבער־שטאָט פאַר אַלע יונגע אָנפאַנגער פון דער פּראָווינץ, און בין געוואָרן אַן אַריינגייער אין דעם ליטעראַרישן קדשי־קדשים — אין פרצעס באַרימטן הויז, וואָס אויף צעגליאַנאַ גאַס, נומער איינס.

פרץ האָט מיך פריינדלעך מקרב געווען — וואָס ער פלעגט, אייגנטלעך, טאָן מיט יעדן „צוזאָגנדיקן" אָנפאַנגער אין דער יידישער אָדער העברע־אישער ליטעראַטור. דערצו איז ער געווען איינער פון די, וואָס האָבן מיר אָפּן געגעבן זייער הסכמה ביי מיינע ערשטע טריט: די וואַרשעווער טעגלעכע צייטונג „הצופה" האָט דעמאָלט פּובליקירט אַ קאָנקורס פאַר יונגע בעלעטריסטן, איך האָב זיך אין דעם קאָנקורס באַטייליקט מיט אַ דערציילונג אונטערן נאָמען „מאָשקעלע חזיר", און פרץ, צוזאַמען מיט נאָך צוויי שריפטשטעלער, וואָס זענען געווען די ריכטער פון קאָנקורס, האָט מיר צוגעפּסקנט דעם ערשטן פּרייז. איך בין אַזוי אין איין טאָג געוואָרן ביים העברעאישן עולם אַ מפורסם, — וואָס עס האָט מיר גאָר ניט געפּאַסט, ניט לויט מיינע יונגע יאָרן, ניט לויט מיינע יונגע שוואַכע כוחות. מיין „באַרימטקייט" האָט מיך געשראָקן: איך האָב אַלץ מורא געהאַט, אַז די וועלט זאָל זיך חלילה ניט אַרומזען, אַז זי האָט געהאַט אין מיר אַ טעות. פרץ פלעגט מיך אָבער מונטערן — ניט מיט ווערטער, נאָר מיט זיינע גרויסע שטראַלנדיקע שמייכלענדיקע אויגן, וואָס האָבן אויף מיר געקוקט ליכטיק־גוט, און מיט זיין גאַנצער

וואַרעמער, גאַסטפריינדלעכער באַנעמונג, פון וועלכער עס האָט גע־אָטעמט מיט ברייטע ליטעראַרישע פלייצעס און מיט ברייטער פּריצישער יום־טובדיקייט. אַז איך פלעג זען זיין גוטן קוק אויף מיר, פלעג איך ניט־ווילנדיק טראַכטן: „וויבאַלד אַזוי, איז דאָס אפשר אַ סימן, אַז ער האָט אויף מיר קיין חרטה ניט״. נאָך מער: ער האָט זיך אינטערעסירט, ביי מיין אָנקומען קיין וואַרשע, מיט מיין מאַטעריעלער לאַגע און האָט מיר פאַרשאַפט עטלעכע העברעאישע „שטונדן״ אין פאַרמעגלעכע הייזער פון זיינע פאַרערער, און דערמיט מיך פאַרהיט פון הונגערן — אַ זאַך, מיט וועלכער יונגע יידישע שרייבער אין וואַרשע זענען אָפט געפרווט געוואָרן. איך בין דערפון געווען זייער גערירט און האָב ניט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס קומט דאָס מיר, וואָרעם נאָך אַלעמען האָב איך ביי פּרצן אין די אויגן געהאַט איין גרויסן חסרון: דאָס, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ ליטוואַק.

פרץ האָט זיך יענע יאָרן נאָך געהאַלטן אין דער ספערע פון דער העברעאישער ליטעראַטור, כאָטש געשריבן האָט ער מער יידיש, ווי העברעאיש. ער פלעגט זיך אָבער גאַנץ אָפט אומקערן צו העברעאיש — און ניט ווי אַ גאַסט, נאָר ווי אַ בן־בית, ווי איינער פון די חשובסטע בני־בית, אויף וועמען עס וואַרט אַן אָרט גאַנץ אויבנאָן. אַזוי האָט ער געדרוקט זיינע חסידישע מעשיות, גלייכצייטיק אויף יידיש און אויף העברעאיש, געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „הצופה״, און זיין דראַמע „די גאָלדענע קייט״ האָט ער לכתחילה געשריבן אויף העברעאיש (אונטערן נאָמען „חורבן בית צדיק״), פאַר דער מאָנאַטשריפט „השלח״. די העברעאישע שטימונג איז ביי אים דעמאָלט אַ סך געשטאַרקט געוואָרן דורך זיין נאָענטער פריינדשאַפט מיט ח. נ. ביאַליק און ד״ר יוסף קלויזנער, וואָס זענען געזעסן אין וואַרשע אוןביידע רעדאַקטירט דעם „השלח״. עס האָט אויך געווירקט דערצו דער „הצופה״, וואָס איז געווען אַ פרישע, אַ חנעוודיקע און געשמאַקפולע צייטונג, אין וועלכער מע האָט טעגלעך געטראָפן די בעסטע נעמען פון דער העברעאישער ליטעראַטור. עס איז נאָך דעמאָלט בכלל געווען אַ גוטע צייט, ווען די גרענעצן פון דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור האָבן זיך אויסגעמישט אין איין

יידיש־שאַפנדיקער טעריטאָריע; עס האָט געגרינט מיט יונגן פרישן גרינס איין יידיש פעלד, וואָס האָט געטרונקען דורךביידע רעזערוואַרן פון איין קוואַל. נאָמבערג איז געווען דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דעם „הצופה" און האָט דאָרט געשריבן זיינע קלאָרע און קלוגע וועכנטלעכע פעליעטאָנען; אַש איז ליכטיק אויפגעגאַנגען פאַרן העברע־אישן לייענער, אַזוי גוט ווי פאַרן יידישן, דורך זיינע זאַפטיקע קורצע דערציילונגען אין פרישמאַנס „הדור"; און אַפילו אויף רייזענען האָט מען געמורמלט, אַז צווישן זיינע איבערגעזעצטע סקיצעס אין דער „הצפירה" געפינט זיך איינע, וואָס ער אַליין האָט איבערגעזעצט אויף העברעאיש. בעל־מחשבות האָט אַ לאַנגע צייט געגאָלטן ווי אַ העברעאישער שרייבער, כאָטש זיינע האַלב־יידישע, האַלב־דייטשע מאַנוסקריפּטן פלעגן איבער־געזעצט ווערן אויף העברעאיש דורך אַן אַנדערן, און דעם ערשטן גוטן איינדרוק אַלס אַ ליטעראַטור־קריטיקער פון „אייראָפּעאישן" שניט האָט ער געמאַכט מיט אַ סעריע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען אינעם „הצופה", דערהויפּט מיטן פיינעם קאַפּיטל איבער שלום־עליכמען. פאַר אונדז, די גאָר יונגע, האָט נאָך אין יענע טעג ניט עקזיסטירט קיין פראַגע פון העברעאיש — יידיש: יעדער איינער האָט געשריבן אויף דער פאָלקס־שפּראַך, וואָס איז אים געווען באַשערט לויט זיין דערציאונג, לויט זיינע זעלישע נייגונגען און לויט פאַרבאָרגענע, אומקלאָרע מאָטיוון, אין וועלכע ס'איז שווער געווען זיך פונאַנדערצוקלייבן. און אַלע אינאיינעם האָבן מיר אויפגענומען יעדע גוטע דערשיינונג, יעדע גוט־געשריבענע זאַך אויף ביידע שפּראַכן מיט דער זעלבער אויפריכטיקער יונגער באַגייס־טערונג, ווי קינדער פון איין משפּחה. מע האָט נאָך דעמאָלט ניט גע־ווּסט פון דעם ענגן ווינקלדיקן „יידישיסטישן וועלט־באַנעם"; אין יענע נאַאיווע טעג האָט מען ברייטער און טיפער פאַרשטאַנען די יידישע גע־שיכטע, וואָס ציט זיך צו אונדז פון ווייטע דורות און רעדט צו אונדז פון ניט־אויסגעמאָסטענע טיפענישן. און פון דער אַנדערער זייט האָבן אַפילו פאַרזויערטע העברעאישע פאַנאַטיקער ניט געהאַט דעם מוט אויס־צודרייען זיך מיטן רוקן צו דער לעבעדיקער ליטעראַטור פון מענדעלען, פון פּרצן, פון שלום־עליכמען, — פון וועלכער עס האָט אַ שלאָג געטאָן

אין דער פאַרחושכטער יידישער גאַס אַריין אַ שטראָם פון יונגן, העלן ליכט, וואָס שטראָמט נאַטירלעך און קרעפטיק פונעם עכטן פאָלקס־קוואַל.

יענעם האַרבסט האָט פּרץ פאַרטראַכט אַ נייעס — „ליטעראַרישע דאָנערשטאָגן״: אַלע דאָנערשטאָג אָוונט פלעגט אַ קליינע געקליבענע צאָל שריפטשטעלער, פון די וואָס זענען געשטאַנען צו אים נאָענט, זיך צו־זאַמענקומען אינאיינעם און פאַרברענגען עטלעכע שעה. אין דעם דאָ־זיקן קליינעם קרייז זענען אַריין, אויסער פּרצן אַליין און זיין אומ־באַדינגטן לעבנסבאַגלייטער יעקב דינעזאָן: ח. נ. ביאַליק, ד״ר יוסף קלויזנער, נאָמבערג און בעל־מחשבות, און פון די יונגע זענען פּריווילע־גירט געוואָרן: ז. שניאור, יעקב פיכמאַן און איך. אַש און רייזען זענען דעמאָלט ניט געווען אין וואַרשע — ביידע האָבן זיך געפונען, דאַכט זיך, ערגעץ אין אויסלאַנד. צוזאַמענקומען זיך פלעגט מען אָדער ביי פּרצן אין הויז, אָדער ביי קלויזנערן, און די אויפגאַבע פון די „דאָנערשטאָגן״ איז געווען — צו רעדן: באַשפּרעכן בחברותא ליטעראַרישע צייט־פראַגן. עס איז אויך געווען לכתחילה באַשטימט, אַז יעדער איינער, וואָס וועט האָבן אָנגעשריבן עפּעס אַ נייע זאַך, זאָל ער זי פאָרלייענען פאַר די פאַר־זאַמלטע. צו דעם איז עס אָבער קיין מאָל ניט געקומען: די יונגע, וואָס האָבן מסתמא פאַרמאָגט פעק מיט ניט־געדרוקטע זאַכן, האָבן ניט געהאַט דעם מוט זיי פאָרצולייענען פאַר די עלטערע, און ביי די עלטערע זענען ניט־געדרוקטע זאַכן זעלטן געווען — די צייטונגען פלעגן זיי פאַרצוקערן נאָך איידער די טינט האָט זיך פון זיי אויסגעטריקנט. נאָר איין פּרץ פלעגט אַמאָל אויסווייניק דערציילן דאָס, וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו שרייבן.

רעדן, פאַרשטייט זיך, פלעגן נאָר די עלטערע — אַחוץ דינעזאָנען, וואָס ביי פּרצן אין הויז איז ער כמעט שטענדיק געזעסן אָן דער זייט ביי אַ טישל און מיט אַ זיס־קאָנצענטרירטן פּנים געשטאָפּט מיט די קליינע שטייפע הענטלעך פאַר פּרצן פּאַפּיראָסן. בשעת פּרץ האָט גערעדט, פלעגט דאָס פּנים ביי דינעזאָנען זיך ליכטיקן מיט יענעם נאַכטיקן אידיי־לישן אויסדרוק, מיט וועלכן אַ ווייב צירעוועט זאָקן ביים שיַין פונעם לאָמפּ, בשעת דער מאַן שפּאַנט־אום ברייטלעך אין שטוב, מיט פאַרלייגטע

הענט אַהינטער, און דרשנט. דאָס ליכטיקע זיסע פּנים מיט די דינע ביטערלעכע קנייטשעלעך אַרום די אויגן פלעגט זאָגן: „דו ביסט טאַקע אַ מאַנסביל און רעדסט זייער קלוגע רייד, אָבער ווי אַזוי, אַ שטייגער, וואָלסטו אויסגעזען, ווען איך פאַרצירעווע דיר ניט די זאָקן?"...

מיר, יונגע, פלעגן זיצן און הערן. דעם אמת געזאָגט, האָבן אונדז די דאָזיקע הויכע שמועסן ניט אַלע מאָל פאַרכאַפּט: זיי פלעגן גאַנץ אָפט אונדז אויסזען צו מעכאַניש, קינסטלעך אָנגעשרויפט. צווישן זיך אַליין, אין אונדזערע קליינע אָנגערויכערטע חדרימלעך, האָבן מיר גערעדט פון ליטעראַטור גאַנץ אַנדערש: נאַטירלעכער, הייסער, טיף־פערזענלעך... איך געדענק, אַז שניאור האָט ניט געהאַלטן פון די „דאָנערשטאָגן". ער איז נאָך געווען זייער יונג, ייִנגער פון אונדז אַלעמען, און פון אַ באָרד איז נאָך קיין סימן ניט געווען; דערפאַר האָט ער געטראָגן לאַנגע שוואַרצע האָר, ווי אַ יונגער פּאָפּ, און זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן האָבן הייס און טיף באַלויכטן זיין יונג מאָגער פּנים. פלעגט ער מיך אַוועק־נעמען אין אַ ווינקל און טענהן צו מיר מיטן לשון און מיטן קול פון דעם צוקונפטיקן „פּעטער אורי", און זיינע אויגן זענען געווען פול מיט געלעכטער: „דו ווייסט ניט, וואָס עס וועט זיין דער תכלית פון דעם דברן? איך וואָלט שוין וועלן הערן, מע זאָל אַ מאָל רעדן תכלית — תכלית זאָל מען רעדן!"... נאָר איין פּיכמאַן, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געשניטן אויף אַ ליטעראַטור־קריטיקער, האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט אַריינצושטעלן אין די געשפּרעכן פון די עלטערע זיינס אַ יונג וואָרט און דערמיט ראַטעווען אונדזער אַלעמענס יונגע רעפּוטאַציע. האָט אים אָבער שניאור דערפאַר איין מאָל באַשטראָפט. די מאַדאַם פּרץ האָט דערלאַנגט צום טיש טיי מיט איינגעמאַכץ. מיר, יונגע, האָבן די טיי גע־טרונקען, נאָר דאָס איינגעמאַכץ האָבן מיר בעסער געלאָזט צו רו. פּיכמאַן אָבער, וואָס האָט גראָד אין יענעם מאָמענט גענומען דאָס וואָרט, האָט זיך שוין געפילט באַרעכטיקט צו נעמען אויך אַ לעפעלע איינגעמאַכץ. ער האָט רעדנדיק אָנגעשעפּט אַ פול לעפעלע ווי אַן אויג און עס פּאַמעלעך געטראָגן צו זיך, גערעדט פון די ווייטע צילן פון דער ליטעראַטור און גע־טראָגן דאָס לעפעלע איינגעמאַכץ אַלץ נעענטער און נעענטער צום נאָענטן

ציל. שניאור איז געזעסן אַנטקעגן און מיט טיפן אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם געפערלעכן צוג, וואָס פיכמאַן מאַכט דאָ אַזוי העלדיש פון דער וואַזע מיט איינגעמאַכץ ביז צו זיין מויל. און אַז דאָס לעפעלע איז שוין געווען גאָר נאָענט ביים ציל, האָט זיך שניאור מיישב געווען און טוט אַ פּאַטש איבערן טיש און רופט אויס מיט נצחון: „בלאַגאָפּאָלוטשנאָ!״ (דערטראָגן בשלום)... דאָס לעפעלע מיט איינגעמאַכץ איז אַראָפּגעפאַלן אויפן ריינעם טישטוך, און פיכמאַן האָט נאָך אַזאַ קאַטאַסטראָפע שוין קיין מוט ניט געהאַט צו ענדיקן זיין וואָרט.

עס זענען אָבער אויך פאָרגעקומען אָוונטן הייסע, אינטערעסאַנטע, וואָס פלעגן פאַרכאַפּן אונדז אַלעמען, אַלט און יונג. מער פון אַלע איז פאַר־בליבן אין זיכרון איין אָוונט, ווען דאָס געשפרעך איז געגאַנגען וועגן אָטאָ ווייניגער. אָטאָ ווייניגער, דער יונגער יידיש־דייטשער פילאָזאָ־פישער עילוי, האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט זיין באַרימט בוך „געשלעכט און כאַראַקטער״, אין וועלכן ער האָט געמאַכט אַ תל פון צוויי פעלקער: פון יידן און פון ווייבער, — און גלייך נאָכן דערשיינען פונעם בוך האָט ער זיך דערשאָסן. ווייניגער איז געוואָרן די סענסאַציע פון סעזאָן, זיין בוך האָט מען גענומען איבערזעצן אויף אַנדערע שפּראַכן, און צווישן דער יידישער אינטעליגענטער יוגנט אין רוסלאַנד איז ניט געבליבן קיין איין בחור און קיין איין מיידל, וואָס האָט ניט געלייענט אָטאָ ווייניגערס בוך, אָדער האָט ניט געהערט אָטאָ ווייניגערס נאָמען. און אָט האָט ד״ר קלויזנער געבראַכט אין פרצעס הויז צו אונדזער „דאָנערשטאָג״ אַן אַרטיקל פון „מתתיהו אחר״ (ד״ר נתן בירנבוים), איבער ווייניגערן, געשריבן אין דייטש פאַרן „השלח״. ער האָט דעם אַרטיקל איבערגעלייענט פאַר די פאַרזאַמלטע, און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ הייסער וויכוח. איך געדענק ניט וואָס די אַנדערע האָבן גערעדט; איך געדענק נאָר, אַז פרץ איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן ווייניגערס אויפפאַסונג פון דעם יידישן כאַראַקטער, וואָס איז די אויפפאַסונג פון דער דעגענערירטער יידישער אַסימילאַציע אין דייטשלאַנד. פרצעס אָפּאָנענט איז דאָס מאָל געווען דווקא נאָמבערג, וואָס האָט מיט אַ קילן אַפּיקורסישן שמייכל זיך געשטעלט אויף ווייניגערס זייט. וואָס ווייטער, האָט זיך די דיסקוסיע מער צעברענט, מע

האָט איינער דער אַנדערן איבערגעשלאָגן אין מיטן די רייד — עס איז געוועזן כמעט אַזוי, ווי מיר פלעגן רעדן פון ליטעראַטור אין אונדזערע אָנגערויכערטע חדרימלעך. נאָמבערג האָט שוין גערעדט גיך און נערוועז, שלינגענדיק די ווערטער, און פרץ איז אויף אים אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן, אַז ער האָט אים פלוצעם אַ וואָרף געטאָן אין פנים אַריין: „איר זענט נישט בעסער פון ווייניגערן — אַ פאַרפוילט פויליש יידל!"...

נאָמבערג האָט נאָך פרצעס אויסגעשריי נערוועז אַ לאַך געטאָן און איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. פרץ איז אויך אַנטשוויגן געוואָרן און האָט גענומען שפּאַנען גיך, הין און הער, פאַרביי דינעזאָנס טישל מיטן באַרג אָנגעשטאָפּטע פּאַפּיראָסן. דינעזאָן האָט פון גרויס חידוש, וואָס פרץ האָט זיך אַזוי שאַרף אויסגעדריקט וועגן פוילישע יידן, אַזש אַוועקגעלייגט די פּאַפּיראָסן־מאַשינקע און האָט אין פאַרלעגנהייט זיך גענומען רייבן די אויגן מיט די קליינע האַרטע פויסטן. נאָך אַ קליינער ווײַלע פון שטילשווייגנדיקן שפּאַנען האָט זיך פרץ אָפּגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיין קורצגעוויקסיקע דיקע פיגור, און זיין פנים האָט שוין ווידער געקוקט ליכטיק־גוט, מיט היימישער גאַסטפריינדלעכקייט:

— הכלל, קינדער, לאָמיר שוין בעסער ריידן פון פריילעכערע זאַכן. וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אין שטעטל? ווי גייען פרישמאַנס געשעפטן מיטן „הדור"? ער האָט שוין, זאָגט מען, געפּטרט אויף דעם דאָס רעשט ביסל נדן. און ווער פון אייך האָט לעצטנס געטראָפן ספּעקטאָרן אין רעסטאָראַן?

— שאַ, — רופט זיך אָן ביאַליק — איך האָב גאָר פאַרגעסן! איך האָב טאַקע אַ וויכטיקע נייעס פאַר אייך: שלום־עליכם קומט אין גיכן קיין וואַרשע!

איבער פרצעס פנים איז דורכגעגאַנגען ווי אַ לייכט וואָלקנדל.

— אַזוי? אַ נייעס איז דאָס טאַקע, אָבער נישט אַזוי וויכטיק... וואָס קומט ער אַהער? אַרויסגעבן אַ צייטונג? איך האָב געהערט, אַז ער האָט אויפגעגעבן זיינע מעקלער־עסקים אויף דער קיִעווער בערזע, פאָרט קיין פּעטערבורג כלאָפּאָטשען וועגן אַ צייטונג — וויל ווערן אַ רעדאַקטאָר...

דינעזאָן, דו האָסט פון אים עפּעס בריוולעך? בריוולעך שרייבט ער זייער שיינע, דער שלום־עליכם — דאָס קאָן מען פון אים נישט אַוועקנעמען...

עס האָט זיך פאַרבונדן אַ פרייער, היימישער שמועס וועגן שלום־עליכמען, וואָס איז געווען ווי אַ מין קאָמפּאָט נאָכן ערנסטן „דאָנערשטאָג־דיקן״ פּראָגראַם. גערעדט האָבן נאָר צוויי: פּרץ און ביאַליק. פּרץ — קאַלט און בייסיק קעגן שלום־עליכמען; ביאַליק — וואַרעם און מיט גרויס ליבשאַפט פאַר שלום־עליכמען. מיר, די יונגע, זענען אַלע געווען מיט ביאַליקן: מיר האָבן אָבער מער געהערט, ווי גערעדט. דינעזאָן האָט געוואַקלט צווישן פּרצן און ביאַליקן — ער האָט מסכים געווען מיטביידן. נאָמבערג, פאַראייניזאַמט און ווי דערשלאָגן נאָכן הייסן וויכוח וועגן וויינינגערן, האָט זיך עטלעכע מינוט שטום געהויקערט ביים אויוון, ווי עס וואָלט אים קאַלט געוואָרן, און האָט זיך פּלוצעם אָפּגעזעגנט פון דער געזעלשאַפט מיט אַן אויסרייד, אַז ער מוז גיין אין דער רעדאַקציע פונעם „הצופה״ זען די קאָרעקטור פון זיין מאָרגנדיקן פרייטאָג־פעליעטאָן.

עס קאָן זיין, אַז נאָמבערגס אַוועקגיין האָט נאָך ערגער געמאַכט פּרצעס שטימונג. ער האָט גערעדט פון שלום־עליכמען מיט שאַרפן ביטול, כמעט פאַרלייקנט אים. שלום־עליכם גרויס? אין וואָס באַשטייט זיין גרויסקייט? אין דעם, וואָס ער מאָלט אונדז קליינע מענטשעלעך? גרויסע שריפטשטעלער שאַפן גרויסע פיגורן! גרויסע אידייען! וואָס איז, אַ שטייגער, שלום־עליכמס אידייע? צי שטייט ער העכער פון זיין קיִעווער יידן, וואָס ער האָט אונדז געגעבן? מיר ווייסן ביי אים נישט, ווו ענדיקט זיך מנחם־מענדל און ווו הייבט זיך אָן שלום־עליכם. גרויסע מייסטערס גיסן זיך נישט צונויף מיט זייער שטאָף — זיי שטייען הויך איבער אים! געוויס איז שלום־עליכם באַגאַבט, דער באַגאַבטסטער צווישן די יידן פון קיִעוו, שרייבט פליסיק, קען גוט דאָס לשון פון זיינע פאַרשוינען — און דאָס געפעלט דעם עולם. שוין דאָס אַליין, וואָס אָט דער שלום־עליכם איז אַזוי פּאָפּולער, איז גענוג פאַרדעכטיק. גרויסע גייסטער זענען נישט אָפּן פאַרן ברייטן המון. פּאַטשערקעס טראָגן אַלע...

— דער מסל מיט פּאַצערקעס — זאָגט דינעזאָן אויף זיין זאַמוטער לשון — איז אַ טיפער מסל...

— און איך זאָג אייך, — היצט זיך ביאַליק, — אַז איר הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ טייערע כלי שלום־עליכם איז, אויב איר פאַרגלייכט אים צו פאַטשערקעס! ס'איז פשוט אַ חלול השם! שלום־עליכם — פאַטשערקעס! ער איז דאָס ריינסטע גאָלד, פון עכטער פּראָבע. אַז איר פאַרשטייט אים גאָרניט! ווי קומט איר אים צו פאַרשטיין? שלום־עליכמען פאַרשטיין און פילן זיין עכטע מתיקות קאָן נאָר איך, ווייל איך בין מיט אים געבוירן אונטער איין הימל, איינגעאָטעמט איין לופט, געצויגן אין זיך גלייך מיט אים די זיסע ריחות פון אוקראַאינער סעדער אין זומערדיקע פאַרנאַכטן... איין ערב־פסח געהאַט, ווען דער טייך גייט אַריבער די ברעגן און ברענגט צו טראָגן דעם קילן, פרישן ריח פון ווערסנע... און איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? אַז איך בין אייך גאָר חושד, אַז איר האָט שלום־עליכמען ניט געלייענט! נעמט אויף טשיקאַווקעס און לייענט איבער פון אים איין מעשה זיינע מיטן שניידער און מיט דער ציג — וועל איך דעמאָלט מיט אייך ריידן... און דאָס, וואָס אַלע פאַרשטייען אים און אַלע שעפּן פון אים נחת־רוח — איז ביי מיר די העכסטע מדרגה פון ליטעראַטור! חומש האָבן אַלע געלערנט און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, און מיט „עין־יעקב" קוויקן זיך אין שול בין מנחה למעריב פּראָסטע יידן באַלמעלאָכעס...

— דער מסל מיט „עין־יעקב", — זאָגט דינעזאָן, — איז אַ גאַנץ טיפער מסל...

— דיך, דינעזאָן, קויפט דאָך שלום־עליכם אָפּ מיט איין גוטן בריוול! — זאָגט פרץ שוין ווייכער און שמייכלט שוין, ווייל ער פילט זיך, אַפּנים, אַ ביסל געשלאָגן פון ביאַליקס הייסער פאַרערונג צו שלום־עליכמען.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָ איבערגעגעבן נאָר דעם תמצית פון דעם שמועס וועגן שלום־עליכמען אין פרצעס הויז; די פאָרעם האָב איך געפּרוּווט רעסטאַווירן לויטן אינהאַלט, ווי ווייט איך געדענק אים. איך געדענק אָבער גוט דעם שווערן איינדרוק, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן פון פרצעס ביטולדיקן טאָן וועגן שלום־עליכמען. פאַר מיין ליטווישן אויער, וואָס האָט זיך נאָך ניט צוגעוווינט צום פּויליש־יידישן אַקצענט,

האָט אַפילו פרצעס אויסשפּראַך פון שלום־עליכמס נאָמען — „שולים אַלאַיכעם“ — געקלונגען באַליידיקנדיק, ווי קליין־מאַכנדיק... און פון דעסטוועגן בין איך יענעם אָוונט אַרויס פון פרצעס הויז מיט אַן אומ־רואיקער ערב־יום־טובדיקער פרייד, וואָס איך וועל גאָר אין גיכן האָבן די מעגלעכקייט צו זען שלום־עליכמען, דעם ליבסטן שרייבער פון מיין יוגנט, פנים אל פנים.

ו

## צייטונגען און אַרויסגעבער

באַקענט האָב איך זיך מיט שלום־עליכמען יענעם ווינטער ניט אין וואַרשע, נאָר אין ווילנע.

ווילנע, דאָס באַרימטע „ירושלים־דליטא״, די וויג פון דער השכלה־באַוועגונג צווישן יידן אין רוסלאַנד זינט די טעג פון דעם ווילנער גאון, די שטאָט פון די ערשטע מאָדערנע העברעאישע דיכטער און שיין־שרייבער, — איז אין יענער צייט, פון וועלכער איך דערצייל, שוין לאַנג געווען פאַר דער העברעאישער, ווי אויך פאַר דער ניי־יידישער ליטעראַטור אַ וויסטע, אַ פאַרגעסענע שטאָט. איר פלאַץ האָט פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר געהאַט פאַרנומען וואַרשע, כאָטש צווישן די וואַרשעווער שרייבער איז געווען אַ גוטע העלפט, וואָס איז אַהין גע־קומען פון דער ליטע און פון דרום־רוסלאַנד. די וואַרשעווער פאַרלעגער און צייטונג־אַרויסגעבער זענען געווען צום מיינסטן ליטוואַקעס, און אַפילו לייענער פאַר די וואַרשעווער צייטונגען און אַרויסגעגעבענע ביכער האָבן זיך גענומען מער פון דער ליטע און פון די דרום־גובערניעס, איידער פון פוילן גופא. דערקלערט האָט זיך דאָס דערמיט, וואָס אַחוץ פעטערבורג איז וואַרשע געווען דער איינציקער אָרט, ווו די רוסישע רעגירונג האָט דערלויבט יידן צו האָבן אַן אייגענע צייטונג (די העברעאישע „הצפירה״), אין דער צייט וואָס ווילנע איז ביי איר געווען אין חרם: יאָרן־לאַנג איז די רוסישע ביוראָקראַטיע געווען איינגעשפּאַרט און האָט בשום אופן ניט געוואָלט אַרויסגעבן קיין דערלויבעניש אויף אַ יידישער פּעריאָדישער אויסגאַבע אין ווילנע, ניט אין העברעאיש, ניט אין יידיש (אויב מע זאָל ניט רעכענען דעם „הכרמל״ פון שמואל יוסף פין, וואָס האָט זיך כמעט אין גאַנצן פאַרנומען מיט פאָרשונגען פון דער אַלט־העברעאישער ליטעראַטור). קיין תירוצים און קיין מאָטיוון אויף

יידישע באַגרענעצונגען איז די צאַרישע רעגירונג ניט געווען מחויב קיינעם צו געבן. דער אמתער מאָטיוו אירער איז אָבער געווען, וואָס זי האָט פשוט מורא געהאַט, אַז אין אַזאַ יידישן צענטער ווי ווילנע, וואָס ליגט אין סאַמע מיטן פון דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" (דער יידישער תחום — דער אָפּגעצאַמטער קרייז גובערניעס, ווו יידן האָבן געמעגט וווינען), זאָל זיך, חלילה, ניט צעוואַקסן אַ שטאַרקע יידישע פרעסע, וואָס וועט וועקן ביי דער געדיכטער יידישער באַפעלקערונג דעם רעוואָ־לוציאָנערן גייסט. וויפל מע האָט זיך משתדל געווען אין פּעטערבורג, וויפל מע האָט ניט אָפּגעקלאַפּט די טירן ביי די רוסישע מיניסטאָרן און אָנגעווענדט אַלערליי פּראָטעקציעס אין די הויכע פענצטער — קיין יידישע צייטונגען אין ווילנע האָט מען ניט דערלויבט. מע האָט שוין געהאַט נאָכגעגעבן און דערלויבט אין דעם ווייטן, ניט־יידישן פּעטער־בורג אַ טעגלעכע צייטונג אויף יידיש — דעם „פריינד", וואָס זיין דער־שיינען איז געווען אַ גרויסע פאַסירונג פאַר די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד, און שפּעטער אויך אַ צווייטע יידישע צייטונג — דעם „טאָג", מע האָט שוין דערלויבט אין וואַרשע אַ צווייטע העברעאישע צייטונג צו דער „הצפירה" — דעם „הצופה"; פאַר ווילנע אָבער זענען די טירן נאָך אַלץ געבליבן פאַרשלאָסן. אַ טעגלעכע יידישע פרעסע אין דעם ווילנער ראַיאָן, צי אויף העברעאיש, צי אויף יידיש, איז אין די יידיש־ליטעראַרישע קרייזן דעמאָלט געווען פאַררעכנט כמעט ווי אַ נאַציאָנאַלער אידעאַל, און פאַר יידישע פאַרלעגער איז דאָס געווען אַ חלום וועגן אַ גאָלד־גרוב, פון וואַנען מע וועט קאָנען אָנשיטן פולע זעק. מע האָט זיך פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע, ווי אַזוי אויף די ווילנער צייטונגען, דערהויפּט אויף די יידישע, וועלן זיך אַרויפוואַרפן הונדערטער טויזנטער יידן פון דער ליטע און פון די ווייס־רוסישע און דרום־רוסישע גובערניעס, וויהין די בלעטער וועלן אָנקומען פרישע, אין דעם זעלבן טאָג פון זייער דער־שיינען, — און מע האָט ביטער געזיפצט אויפן גלות, וואָס איז אַזוי שווער דעם גאָלדענעם חלום צו פאַרווירקלעכן.

נאָר אָט איז אָנגעשטאַנען די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, אין 1904, דער שווער־גופיקער רוסישער בער האָט אָנגעהויבן כאַפּן קלעפּ פון די

קליינע פלינקע יאַפּאַנישע וועוריקלעך, און דאָס גאַנצע לאַנד, סיי יידן, סיי רעוואָלוציאָנער־געשטימטע און ליבעראַלע רוסן, האָט לייכטער אָפּ־געאָטעמט. מע האָט אָנגעהויבן שמועסן, אַז עס קומען אָן אין רוסלאַנד בעסערע צייטן, און צווישן טויזנטער אַנדערע האָפענונגען האָט אויך אויפגעוואַכט די האָפענונג אויף אַ בעסערער יידישער מערכה. אין די יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן האָט מען זיך גענומען גרייטן צום קאַמף פאַר דער לאַנג־אויסגעבענקטער יידישער „גלייכבאַרעכטיקונג", און אין די ליטעראַריש־זשורנאַליסטישע קרייזן האָט מען באַנייט דעם חלום וועגן אַ ברייטער יידישער פּרעסע — דערהויפּט וועגן יידישע צייטונגען אינעם האַרץ פון דעם „תחום". מע האָט מיט פרישע כוחות גענומען קלאַפּן אין די טירן פון די פּעטערבורגער מיניסטאָרן.

אין יענע טעג האָט זיך שטילערהייט אָרגאַניזירט אַ קליינע גרופּע פון פאַרלעגער, סוחרים־משכילים און שרייבער, מיטן צוועק אויסצוווירקן אין פּעטערבורג אַ דערלויבעניש אויף אַ גאַנצער ריי פּעריאָדישע אויס־גאַבעס אין ווילנע, אין דעם צווייי טעגלעכע צייטונגען — אַ העברעאישע און אַ יידישע. דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג איז געווען דער באַוווּסטער פאַרלעגער בן־אביגדור — דער אייגנטימער פון דעם גרויסן העברעאישן פאַרלאַג „תושיה", וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן די יידישע וועכנטלעכע „פאָלקסצייטונג" און שלום־עליכמס ערשטע גע־זאַמלטע שריפטן. די שתדלנים ביי די פּעטערבורגער מיניסטאָרן זענען געווען צוויי: דער דעמאָלט יונגער העברעאישער געלערנטער און זשור־נאַליסט בן־ציון כ"ץ און דער העברעאישער פּעדאַגאָג און שרייבער פון קינדער־ביכער י. ב. לעוונער.

בן־ציון כ"ץ, אַ באַרימטער עילוי פון די ליטווישע ישיבות, וואָס האָט נאָך יינגלווייז באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אַ רבנישן ספר „מזקנים אתבונן" (פון זקנים — הייסט עס — ווער איך קלוג), האָט זיך אין די יונגע יאָרן אַוועקגעלאָזט קיין פּעטערבורג, געוואָרן דאָרט, אַ דאַנק זיינע פענאָמענאַלע פעאיקייטן, אַ מקורב ביים יידיש־געלערנטן באַראָן דוד גינצבורג און ביי אים אין הויז זיך באַקענט מיט הויכגעשטעלטע לייט פון די פּעטערבורגער רעגירונג־קרייזן, דערהויפּט מיטן וויל־געלערנטן

פירשט אָבאָלענסקי (דער וואָס איז שפּעטער געוואָרן אויבער־פּראָקוראָר פון דעם „הייליקסטן סינאָד"). לכתחילה האָט זיך כ"ץ געהאַט אָפּגעגעבן מיט וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, געשריבן אַ בוך וועגן דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד; ער איז אָבער בטבע געווען אַ העכסט־נייגעריקער געזעלשאַפטלעכער מענטש מיט אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן חוש פאַר אַקטועלע פּאָליטישע פראַגעס. דערצו איז ער דעמאָלט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די פרייהייטס־ווינטן, וואָס האָבן גענומען בלאָזן אין די ליבעראַלע קרייזן פון פּעטערבורג, — האָט ער די וויסנשאַפט דערווייל אָפּגעלייגט אָן דער זייט און זיך גענומען פאַר זשורנאַליזם. זיין אידעאַל איז געוואָרן: צו שאַפן פאַר יידן אין רוסלאַנד אַ ברייטע פּרעסע, וואָס זאָל, צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער רוסישער ליבעראַלער פּרעסע, קעמפן פאַר פּאָליטישער און סאָציאַלער פרייהייט, און דער עיקר — פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. ער האָט אויסגענוצט זיין באַקאַנטשאַפט מיט די הויכגעשטעלטע פּעטערבורגער לייט און איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין די אויפנאַם־צימערן פון די צאַרישע מיניסטאָרן. מע האָט פון אים דעמאָלט דערציילט גאַנצע חידושים: ווי אַזוי פאַר אים זענען אין פּעטערבורג ניט געווען קיין פאַרמאַכטע טירן און קיין שטרענגע מיניסטאָרישע שווייצאַרן, ווי אַזוי ער האָט מיט די מיניסטאָרן אַליין ניט געמאַכט קיין צערעמאָניעס און גערעדט מיט זיי שאַרף און אָפן, אַריינגעטענהט אין זיי וועגן יושר און גערעכטיקייט פאַר אונטערגעדריקטע פעלקער, — און דער סוף איז געווען, אַז מע האָט אים געמוזט געבן אַ דערלויבעניש אויף אַ העברעאישער צייטונג, דערווייל אויף אַ צוויי־וועכנטלעכן זשורנאַל מיטן נאָמען „הזמן" אין פּעטערבורג גופא (אַ זשורנאַל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפן פּאָליטישן טאָן און איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט נאָכן קישיניעווער פּאָגראָם געוואַגט אָפּצודרוקן ביאַליקס באַרימטע פּאָעמע „אין דער שחיטה־שטאָט"). נאָר דאָס איז פאַר בן־ציון כ"ץ געווען ווייניק. זיין אויסקוק איז געווען — אַ העברעאיש־יידישע פּרעסע אין דעם יידישן „תחום" גופא, און אויף דעם האָט ער גענומען אַרבעטן צוזאַמען מיט דער אויבנדערמאָנטער גרופּע.

דער צווייטער שתדלן, י. ב. לעווינער, איז שוין געווען פון אַ נידער־

ריקערער מדרגה. זיין כוח איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס ער איז געוועזן אין יעקאַטערינאָסלאַווער גימנאַזיע אַ לערער פון יידישער רעליגיע און האָט זיך דאָרט באַפריינדט מיטן גובערנאַטאָר, און אַזוי ווי דער יעקאַטערינאָסלאַווער גובערנאַטאָר איז דעמאָלט גערופן געוואָרן קיין פּעטערבורג אויף אַ הויכער שטעלע, האָט לעווינער באַקומען אַ צוטריט צו די הינטער־טירן פון די פּעטערבורגער „הויכע פענצטער", און די „ווילנער גרופּע" האָט אים דערפאַר אַריינגענומען אין קאָמפּאַניע, צוגעזאָגט צו מאַכן אים פאַר רעדאַקטאָר פון אַ העברעאישן קינדער־זשורנאַל — אויב ער וועט אויף אַזאַ זשורנאַל, צוזאַמען מיט די איבעריקע צייטונגען, באַקומען דורך זיין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערנאַטאָר די נייטיקע דערלויבעניש.

אַלס אַטראַקציע פאַר דער געפּלאַנטער יידישער צייטונג אין ווילנע האָט די גרופּע צוגעצויגן שלום־עליכמען, וואָס האָט געזאָלט זיין דער הויפּט־בעלעטריסט און ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער צייטונג.

שלום־עליכם האָט דעמאָלט דורכגעמאַכט אַ שווערע צייט פון מאַטעריעלער נויט און זעלישער געדריקטקייט. זיינע עסקים אויף דער קיִעווער בערזע האָט ער די לעצטע יאָרן שוין געהאַט פאַרוואָרפן און האָט זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צום ליטעראַרישן שאַפן. ער האָט מיטגעאַרבעט אין אַלע צייטונגען פון יענעם פּעריאָד: אין דעם „יוד", אין בן־אַביגדורס „פאָלקסצייטונג" און „פרויען־וועלט", אין די פּעטערבורגער „פריינד" און „טאָג", און אויך אין דער העברעאישער פּרעסע, — און כאָטש ער איז געווען אויסערגעוויינלעך פּרוכטבאַר, דער פּרוכטבאַרסטער פון אַלע יידישע שרייבער, האָבן אים די קאַרגע האָנאָראַרן, וואָס מע האָט אין יענער צייט געצאָלט פאַר יידישע ליטעראַטור, ווייט ניט געקלעקט אויפצוהאַלטן בכבוד זיין הויז אין קיִעוו, ווי עס האָט אים געפּאַסט לויט זיין שטאַנד און געוואוינשאַפט פון די פריערדיקע גוטע יאָרן. ער האָט זיך געוואָרפן, ווי ער אַליין האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן, „ווי אַ פיש אויפן אייז", געזוכט זייטיקע פאַרדינסטן, וווּ נאָר עס האָט זיך געלאָזט, און גאַנץ אָפט געמוזט אָנקומען צו גמילות־חסדים פון גוטע פריינד און צו הלוואות פון פּשוטע

פראַצענטניקעס (איין הלוואה אַזאַ, וואָס האָט זיך צעוואַקסן, ווי אַ בייזער געשוויר פון פּראָצענטן, האָט אים פאַרפאָלגט יאָרן־לאַנג שפּעטער אויף זיין וועג איבער אייראָפּע און אַמעריקע און האָט אים פאַרסמט זיינע בעסטע טעג). נאָר דאָס אַליין וואָלט ער נאָך געקאָנט פאַרטראָגן. ער איז געווען געבענטשט מיט אַ ליכטיקער אָפּטימיסטישער נאַטור, וואָס האָט אים אויפגעהויבן לייכט און הויך איבער די שווערע מאַטעריעלע זאָרגן און נויטן. אויך זיין ליטעראַרישע אַרבעט, מיט וועלכער ער איז שטענדיק געווען פאַרשיכורט, האָט אים געהאַלטן ווייט אָפּגעשיידט פון דער ניכטער־רער ווירקלעכקייט. ער האָט אָבער זייער ווייניק נחת געהאַט פון די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פון די צייטונגען, אין וועלכע ער האָט געאַרבעט, און זייער באַציאונג צו אים האָט אים אָפט פאַרשאַפט טיפע קרענקונג. ער אַליין איז בטבע געווען זייער אַ צוגעלאָזטער און איבער־געגעבענער מיטאַרבעטער, און צו מענטשן, מיט וועמען ער איז געווען פאַרבונדן דורך זיין אַרבעט, איז ער שטענדיק געווען גרייט אַוועקצוגעבן גאָר זיין פריינדשאַפט און גאָר זיין פלייס. אָבער ניט אַלע זענען געווען פּעאיק דאָס אָפּצושאַצן ווי געהעריק. דאָס רוב איז שלום־עליכם באַהאַנדלט געוואָרן פון די צייטונג־אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן ווייט ניט לויט זיינע פאַרדינסטן פאַר זיי, און געוויס ניט לויט זיין גרויסן ווערט און גרויסער פּאָפּולאַריטעט ביים יידישן עולם.

דערקלערן קאָן מען דאָס סיידן מיט דעם, וואָס אין יענע צייטן (און אפשר איז דאָס נאָך היינט אויך אַזוי), האָט מען נאָך ביי אונדז ניט ריכטיק תופס געווען דעם עצם וועזן פון ליטעראַרישער דיכטונג. אונדזערע רעדאַקטאָרן, צום מיינסטן מענטשן, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אויף האַרבער גייסטיקייט, אַ ירושה פונעם תלמודישן פלפול, האָבן אין דער ליטעראַטור געזוכט שכלדיקייט, מאַרך־אידייעס, סע זאָל זיין אויף וואָס צו קנייטשן דעם שטערן און פשטלען זיך. שלום־עליכמס לייכטקייט און האַרציקע פשטות איז ביי זיי געווען פאַרדעכטיקט, טאָמער איז דאָס, חלילה, ניט קיין „עכטע" ליטעראַטור. זיי האָבן טאַקע פון אים, צוזאַמען מיט אַלע לייענער פון זייערע צייטונגען, שטאַרק הנאה געהאַט — זיי האָבן אָבער זיך אַליין די דאָזיקע הנאה

ניט פאַרגונען: צי מעג גאַר אַ ייד אַזוי לייכט און אַזוי פּראָסט גייסטיק הנאה האָבן?... אויך שלום־עליכמס אויסערגעוויינלעכע פּרוקטבאַרקייט איז ביי זיי געווען אונטער פאַרדאַכט: פון וואָסער קוואַל נעמט זיך דאָס ביי אים אַזוי פיל? צי איז דער קוואַל טאַקע אַן עכטער, אַ „ליטעראַרישער"? דאָס, וואָס פון דעם דאָזיקן קוואַל האָבן אין גרויסן שטראָם זיך געגאָסן אַזעלכע קרישטאָל־ריינע שאַפונגען, ווי „טביה דער מילכיקער", „מנחם־מענדל", „די קליינע מענטשעלעך", די ליכטיקע יום־טובדיקע קינדער־מעשׂיות, די טיף־הומאָריסטישע און טיף־טרויערדיקע מענטשלעכע ווידויים, ווי „דאָס טעפל", „ביים דאָקטער", „אַן עצה" און נאָך און נאָך — דאָס האָבן זיי פאַרזען. און דאָס, וואָס שלום־עליכם האָט זיין „לייכטן שטאָף" געשאַפן אין טיפער דיכטערישער אָנשטרענגונג, זיצנדיק איבער דעם מיט אַ געבויגענעם רוקן שעהען־לאַנג, ביי טאָג און אין מיטן נאַכט, צעבייסנדיק זיך די נעגל ביז בלוט, — פון דעם האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט. און איך שטעל מיר פאָר, אַז אויך שלום־עליכמס פערזענלעכע לייכטקייט אין זיינע באַציאונגען צו נאָענטע מענטשן, זיין פשוטע משפּחהדיקע צוגעלאָזטקייט צו די, מיט וועמען ער איז געווען באַהעפט דורך זיין ליטעראַרישער אַרבעט, — האָט אים קיין גוטס ניט געטאָן. ער פלעגט זיינע רעדאַקטאָרן פאַרוואַרפן מיט בריוו; ער פלעגט אָבער פונקט אַזעלכע בריוו שרייבן אויך צום קאָרעקטאָר און צו די זעצערס פון די צייטונגען, אין וועלכע ער האָט מיטגעאַרבעט. די בריוו זענען טאַקע געווען אַנטיקלעך, אין יעדן איינעם פון זיי האָט זיך געפונען עפּעס אַ „שלום־עליכמדיקער" וויץ, מיט וועלכן מע האָט זיך געקאָנט אַרומטראָגן; די דאָזיקע לייכטע שפע פון שרייבן האָט אים אָבער ביי אַ געוויסן מין מענטשן וואָכעדיק געמאַכט. וואָלט שלום־עליכם געזעסן אויף זיין ליטעראַרישן אָלימפּוס און פון זיך געבלאָזן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ליטעראַרישן גאָט, — וואָלט ער זיכער געהאַט מער וואָג אין יענע קרייזן. ער האָט זיך אָבער אויפגעפירט נישט ווי אַ גאָט, נאָר פשוט־מענטשלעך — און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מע האָט זיך מיט אים אין די יידישע רעדאַקציעס ווייניקער געצערעמאָניעט, ווי, למשל, מיט מענדעלען אָדער פּרצן. מע

האָט זיך צו אים פּאַרהאַלטן גאַנץ יידישלעך — געהייסן האָט עס „שלום־עליכמדיק". שלום־עליכם אַליין איז אָבער דערויף געווען זייער פּילבאַר. ווי יעדער עכטער שעפער, וואָס איז אינגאַנצן דורכגענומען און דורכגעציטערט פון זיין שאַפן, האָט ער געפאָדערט פון די מענטשן, וואָס שטייען ביי דער ליטעראַטור, ניט קיין כבוד — נאָר פולע אָנער־קענונג פאַר זיין אַרבעט. יענע זענען אָבער געווען צו אים זייער קאַרג, און גאַנץ אָפט האָט מען אים אַפילו ניט אַרויסבאַוויזן די נייטיקע אויפמערקזאמקייט. אין דער צייט, וואָס ער האָט מיטגעאַרבעט אין דעם פּעטערבורגער „טאָג", צום ביישפּיל, האָט ער געשריבן צו איינעם פון דער רעדאַקציע אין גרויס פאַרצוויפלונג: עס ליגן ביי אייך מיינע צען בריוו, אויף וועלכע מע ענטפערט מיר ניט. איך בין זיכער, אַז מע האָט זיי אַפילו ניט געעפנט!... (איך ציטיר דאָס אויסוויניק — דעריבער ניט גענוי ווערטערלעך).

ווי ווייט וואָכעדיק שלום־עליכם איז געווען דעמאָלט, אין דעם גלאַנציקן פּעריאָד פון זיין שאַפן, ביי געוויסע פאַרלעגער, באַווייזט דער פאַקט, אַז אין דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג" האָט מען אים געוואָלט מאַכן אַזש פאַר אַ רייזענדן אַגענט איבער דרום־רוסלאַנד, ער זאָל פאַר דער צייטונג אַרומפאָרן און צונויפנעמען אַבאָנענטן. פאַר דער צייטונג איז געווען, אַפּנים, ווייניק, וואָס שלום־עליכם האָט איר גע־בראַכט דעם יידישן לייענער דורך אַזעלכע פערל, ווי „ערב פּסח איבערן בוג" („אויף פּסח אַהיים"), „גרינס אויף שבועות", „פינף און זיבעציק טויזנט", „דער דייטש", „גימנאַזיע", „צעזייט און צעשפּרייט" און צענד־ליקער אַנדערע — ער האָט זיך נאָך געמוזט לאָזן אין וועג אַריין און ברענגען דעם לייענער צו שלעפּן אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט! די צייטונג האָט זיך פאַרגונען אָנצושטעלן אַזאַ באַרימטן רייזנדן אַגענט, ווי שלום־עליכם, וואָס זאָל מיט זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט אין יידישע שטעט און שטעטלעך זי פאַרפּלייצן מיט אַבאָנענטן!... שלום־עליכם איז דעמאָלט געווען אַזוי געדריקט מאַטעריעל, אַז ער האָט די „שטעלע" געמוזט אָננעמען; ער האָט זי אָבער אויף דער צווייטער וואָך, אין מיטן וועג, אַוועקגעוואָרפן.

אַזאַ גרינגשעצונג מצד די צייטונג־אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן צו אים האָט געפּירט דערצו, אַז שלום־עליכם פלעגט זייער לייכט אַריבערגיין פון איין צייטונג צו דער אַנדערער. עס האָט זיך אים שטענדיק געדאַכט, אַז דאָרטן, אין דער אַנדערער צייטונג, וועט ער זיך פילן גאַנץ אַנדערש. דערצו איז זיין טבע געווען, אַז קוים האָט ער געוואָרפן אַן אומחן אויף וועמען עס איז, איז ער שוין פון יענעם געלאָפן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אַרבעטן מיט מענטשן, וואָס זענען אים געווען ניט צום האַרצן, האָט ער ניט געקאָנט, און איינשמייכלען זיך צו די, וועמען ער האָט ניט ליב געהאַט, — דאָס איז געווען קעגן זיין נאַטור. ער האָט געקאָנט זיין שטאַרק צוגעלאָזט, אָפטמאָל אַפילו אין אַן איבערגעטריבענער מאָס, צו די, פון וועמען ער האָט געפילט אַ פריינדלעכע חברישע באַציאונג; פון פאַלשער חניפה האָט ער אָבער ניט געוווּסט. און אַזוי איז ער אַריבערגעגאַנגען פון דעם „יוד" צו דער „פאָלקסצייטונג", פון דער „פאָלקסצייטונג" צום „פריינד" און פון דעם „פריינד" צום „טאָג". מיט דער לעצטער צייטונג האָט ער געמאַכט זייער אַ שלעכטן בייט: דער פּעטערבורגער „טאָג" איז פאַר אים געווען אַן אמתע חורבה, אָן אַ רעדאַקטאָר, אָן אַ באַלעבאָס — ס'איז אַפילו ניט געווען אויף וועמען צו זיין אין כעס, וועמען צו שרייבן שאַרפע בריוו. גיין צוריק אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „פריינד" האָט זיך אים ניט געגלוסט, הגם די אינטעליגענטע און אָנשטענדיקע באַלעבאַטים פונעם „פריינד" האָבן ביי אים געהאַט מער אָנזען פון אַנדערע פאַרלעגער. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט עפּעס נייעס, און אַז מע האָט אָנגעהויבן שמועסן פון נייע יידישע צייטונגען אין דעם „תחום", האָט ביי אים אויפגעוואַכט דער אַלטער חשק, וואָס איז אים פאַרבליבן נאָכן אונטערגאַנג פון דער „פאָלקסביבליאָטעק": זיין אַליין אַ רעדאַקטאָר, אַרויסגעבן פאַר די יידישע מאַסן די אמתע פאָלקסצייטונג, לויט זיין געשמאַק. לכתחילה האָט ער געטראַכט פון אַזאַ צייטונג אין אָדעס, אָבער אַז עס האָט זיך געמאַכט צו דער האַנט די „ווילנער גרופּע", מיט אַ פּלאַן פאַר אַ יידישער צייטונג „אין דער ווילנע" (ווי שלום־עליכם פלעגט ליב האָבן צו זאָגן — אויפן משקל „אין דער

ליטע״), האָט ער זיך גערן מיט איר פּאַראייניקט, געפאָרן קיין פּעטער־בורג, געזעסן דאָרט און געוואַרט אויף די רעזולטאַטן פונעם שתדלנות, וואָס בן־ציון כ״ץ און י. ב. לעוונער האָבן געטריבן אין די „מיניס־טאָרישע הויפן״, ניט געהאַט ווו צו דרוקן זיך און מיט וואָס דורכ־צושטופן די ביטערע צייט פון נויט, באַפריינדט זיך דערווייל מיט מאַקסים גאָרקי, לעאָניד אַנדרעיעוו און אַלעקסאַנדער קופּרין — און געלעבט מיט האָפענונג.

די האָפענונג איז אָבער ניט אַזוי גיך פאַרווירקלעכט געוואָרן. כ״ץ און לעוונער האָבן זיך דערווייל דערשלאָגן צו אַ דערלויבעניש נאָר אויף העברעאישע צייטונגען אין ווילנע: אויפן טעגלעכן און מאָ־נאַטלעכן „הזמן״ און אויף אַ וואָכנצייטונג פאַר קינדער מיטן נאָמען „החיים והטבע״. די יידישע צייטונג איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, און שלום־עליכם איז אַוועקגעפאָרן פון פּעטערבורג מיט גאָרנישט.

ז

# די רעדאַקציע „הזמן"

יענע טעג, ווען מיר האָבן אין דעם ליטעראַרישן קרייז דערוואַרט שלום־עליכמען אין וואַרשע, זענען געווען אומרואיקע טעג פאַר דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, וואָס האָט אויפגעוואַכט אין פעטערבורג נאָך די מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי און רוסישן פלאָט אויפן ווייטן מזרח, האָט זיך גיך אַריבערגעטראָגן אויך אין די גרויסע פּראָווינץ־שטעט, דערהויפּט קיין וואַרשע, ווו די רעוואָלוציע איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פּוילישער שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיקייט. עס האָבן זיך גענומען באַווייזן אויף די גאַסן אָפטע דעמאָנסטראַציעס פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, אין שטאָט האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען וועגן בונטן פון פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אין די טורמעס, עס האָבן אָנגעהויבן אויסצוברעכן שטרייקן. גאַנץ אָפט פלעגן די הויפּטגאַסן אָפּגעצאַמט ווערן פאַרן עולם דורך קאָזאַקן. און איין מאָל אַ פאַרנאַכט, גייענדיק מיט שניאורן איבער דער מאַרשאַל־קאָווסקאַ־גאַס, האָבן מיר זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ מיליטערישער וואַנט, וואָס האָט באַוואַכט אַ דערשטאָכענעם יונגן דעמאָנסטראַנט, וועמען די פּאָליציי האָט נאָך ניט באַוויזן אָפּצוראַמען פון דעם פּלאַץ. פאַר־יאָגטע פון די סאָלדאַטישע באַיאָנעטן, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין דורך זייטיקע גאַסן, שטאַרק צערודערט פון דעם ערשטן בלוטיקן צייכן פון רעוואָלוציע, וואָס מיר האָבן פּלוצעם דערזען פאַר די אויגן. מיר זענען נאָך ביידע געווען זייער יונג, מער פאַרטאָן אין די אייגענע חלומות פון אונדזער ליטעראַרישן פרילינג, איידער אין די פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט, און דער ערשטער קרבן, וואָס איז געפאַלן כמעט פאַר אונדזערע פיס, כדי פרייער צו מאַכן פאַר אונדז דאָס אָנגעהויבענע לעבן, האָט זיך געלייגט אויף אונדזערע הערצער, ווי אַ שווערע משא,

ווי אַ גרויסער שווערער חוב, פון וועלכן קיינער טאָר ניט פריי זיין. דער אָונט איז נאָך געווען גרויס, אַ לאַנגער ווינטערדיקער אָונט, נאָר מיר זענען זיך צעגאַנגען שטיל אָן ווערטער, יעדער אין זיין ווינקל.

און דאָ אין מיטן איז באַקאַנט געוואָרן צווישן וואַרשעווער שרייבער, אַז אין ווילנע הייבט־אָן ענדלעך צו דערשיינען אַ גרויסע העברעאישע טעגלעכע צייטונג צוזאַמען מיט אַ ליטעראַרישער מאָנאַטשריפט, לויט דעם כאַראַקטער פון די גרויסע רוסישע זשורנאַלן, — ביידע מיטן נאָמען „הזמן". אַזאַ וויכטיקע פאַסירונג, אויף וועלכער מע האָט שוין אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט, איז אויך געווען אַ צייכן פון דער נייער צייט, און פאַר יונגע שרייבער, וואָס האָבן געהאַט גענוג „מאַטעריאַל" אין טיש־קעסטל און זייער ווייניק מיט וואָס צו צאָלן דער באַלעבאָסטע פאַרן קליינעם חדרל, — האָבן זיך געעפנט נייע ברייטע האָריזאָנטן. דינעזאָן, דער עצה־געבער און פאַרזאָרגער פון אַלע בייזע הערצער, ביי וועמען איך האָב שוין געהאַט געליִען אַ גמילות־חסד (און אָפּגעגעבן צום טערמין!), האָט פאַר מיר פאַרוואָרפן אַ גוט וואָרט ביי בן־אַביגדורן, דעם הויפּט־אַרויסגעבער פון די ווילנער צייטונגען, און מיר געראָטן אַריינצוגיין צו אים און זיך דורכרעדן וועגן אַ שטעלע אין „הזמן" — „וואָרעם ס'איז קיין תכלית ניט פאַר אַזאַ אָנשטענדיקן יונגנמאַן אָט אַזוי אָפּצוקומען". איך האָב אויך געוווסט, אַז ס'איז קיין תכלית ניט אויסצונוצן דינע־זאָנס גוטסקייט פאַר גמילות־חסדים, ובפרט, אַז די פאָר העברעאישע לעקציעס, וואָס פרץ האָט פאַר מיר געקריגן, זענען מיר אויך ניט געווען אַזוי שטאַרק צום האַרצן. מיינע תלמידים, שילער פון דער קאָ־מערץ־שול, האָבן געקוקט אויפן העברעאיש־לערנען, ווי אויף אַן אָנ־שיקעניש, — און דאָס איז פאַר מיר געווען אַ טאָפּעלע באַליידיקונג: איך האָב זיך באַליידיקט אי פאַר דער העברעאישער שפּראַך, אי פאַר מיר, — וועלן מיר זען. ברענגט מיר עפּעס". ער האָט מיר, הייסט עס, פּשוט מיט פוסטע, געבאַלעוועטע באַלעבאַטישע בחורימלעך. דערצו האָט ווילנע, מיין „אייגענע" ליטווישע הויפּטשטאָט, מיך געצויגן פון דער ווייטן מיט אַ באַזונדער קרובישן רייץ. בין איך אַוועק צו בן־אַביגדורן בעטן אַ שטעלע אינעם „הזמן".

בן־אביגדור, אויפֿן אויסזען זייער אַ ווייכער מענטש, מיט אַ שטילער ווייכער שטים און מיט אַ שעמעוודיקער פאַרב אין די באַקן, האָט מיך אויפגענומען זייער ווייך, נאָר פון זיינע בלויע, עטוואָס פאַרשלאָפענע אויגן, האָט צו מיר צייטנווייז אַ בליץ געטאָן מיט דער בלויקייט פון קאַלטן שטאָל. ער האָט מיך זייער ווייך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז קיין מענטשן דאַרף מען שוין מער ניט אין דער רעדאַקציע פונעם „הזמן" — ס'איז שוין דאָ איבערגענוג. נאָר וואָס דען? אַז איך וועל שרייבן גוטע דערציילונגען, וועט מען זיי דרוקן מיט פאַרגעניגן. אָבער וויפל קאָן אַ יונגער שרייבער האָבן פון דערציילונגען? און צי לוינט זיך צוליב דעם פאָרן קיין ווילנע? מע קאָן דערציילונגען צושיקן אויך פון וואַרשע. פון דעסטוועגן, אַז איך האָב געהאַלטן ביי אַוועקגיין, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, צי האָב איך אַ מאָל געפּרווט שרייבן אויך פובליציסטישע אַרטיקלען? איך האָב זיך מודה געווען, אַז פובליציס־טיק האָב איך קיין מאָל ניט געפּרווט שרייבן. „פּרווט, — זאָגט ער מיר, — וועלן מיר זען. ברענגט מיר עפּעס". ער האָט מיר, הייסט עס, פשוט פאַרגעבן אַן עקזאַמען. איך בין אַוועק צו זיך אויף דער סטאַנציע, און אַזוי ווי אין דער יידישער פרעסע האָט זיך דעמאָלט געקאָכט מיטן טעריטאָריאַליזם, און איך בין געווען אינגאנצן פאַרן ריינעם ציוניזם, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן די טעריטאָריאַליסטן און עס אויף מאָרגן געבראַכט צו טראָגן בן־אביגדורן. בן־אביגדור האָט עס גענומען לייענען, די גאַנצע צייט גע־שאָקלט געלאַסן מיטן קאָפּ אויף ניין, פון וואָס עס האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט אין האַרצן, און אַז ער האָט געענדיקט לייענען, מאַכט ער צו מיר זייער געלאַסן און זייער ווייך, מיט אַ שעמעוודיקער פאַרב אין די באַקן: „אונדזער צייטונג וועט גראָד האָבן אַ פאַרקערטע מיינונג וועגן טעריטאָריאַליזם. נאָר עס מאַכט ניט אויס — דער אַרטיקל איז אָנגעשריבן ניט שלעכט, איר וועט ביי אונדז פּרווון שרייבן נייטראַלע זאַכן"... איך האָב אָפּגעצויגן דעם אָטעם: הייסט עס, עס פּיקט זיך אַ שטעלע... און כדי, אַפּנים, מיך אין גאַנצן צו צעטומלען, גיט מיך בן־אביגדור פּלוצעם אַ פרעג מיט דער זעלבער געלאַסענער

ווייכקייט, צי איך וואָלט זיך אונטערגענומען רעדאַקטירן די בעלעטריסטיק פון דעם מאָנאַטלעכן „הזמן"? לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז דאָס מאַכט ער מיט מיר שפּאַס: איך בין בסך־הכל אַלט געווען נײַנצן יאָר, אַליין געדרוקט זיך ערשט קאַרגע אָנדערהאַלבן יאָר, — און דאָ רעדט מען מיט מיר פון אַ ריזיקאַלישער אַרבעט, וואָס אינעם „השלח" האָט מען זי אָנגעטרויט ניט קיין קלענערן, ווי ביאַליק! בן־אביגדור האָט עס מיר אָבער דערקלערט זייער פּראָסט: „איך האָב געלייענט, זאָגט ער, אײַערע דערציילונגען. איר שרייבט העברעאיש גאַנץ פֿיין, אָן גראַמאַטיקאַלישע גרייזן, — פּאַר וואָס זאָלט איר ניט קאָנען פאַרריכטן יענעמס גרייזן, אָדער אויסבעסערן יענעמס אַ זאַץ?"...

דער סוף איז געווען, אַז איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע, כאָטש איך האָב זייער באַדויערט, וואָס איך דאַרף זיך צעשיידן מיט שניאורן, צו וועמען איך האָב זיך צוגעבונדן מער ווי צו אַלע יונגע חברים פון מײַן עלטער. איך האָב טיף אין האַרצן אויך באַדויערט, וואָס, אַוועקפאָרנדיק, לאָז איך דורך די געלעגנהייט צו זען שלום־עליכמען, וועלכער האָט באַדאַרפט אָנקומען קיין וואַרשע יעדן טאָג. בן־אביגדור האָט אונדז אָבער צוגעטריבן — מיך און מײַנעם אַ חבר, בן־אליעזר, וואָס איז אויך אויפגענומען געוואָרן אַלס מיטאַרבעטער אינעם „הזמן".

ווילנע האָט זיך מיר באַוויזן פיל היימישער און ליבער ווי וואַרשע. איך בין די ערשטע טעג אַרומגעגאַנגען איבער די אַלטע ווילנער גאַסן און „זאַוועלקעס" (זײַטיקע געסלעך), איבערן ווילנער שולהויף, און אומעטום געפילט אויף זיך די שטיל־פאַרטראַכטע בליקן פון די גוטע און פרומע ווילנער יידישע פּנימער. עס האָט מיך באַזונדער גערירט די מענטשלעכע גוטסקייט, מיט וועלכער ווילנער פּשוטע יידן נעמען אויף אַ פרעמדן. אין וואַרשע, אַז איר שטעלט אָפּ אויף די נאַלעווקעס אַ פאַרשמאַיעטן חסידישן יידן מיט די צעלאָזטע פּאָלעס פון זײַן לאַנגער קאַפּאָטע און פרעגט אים, ווי אַזוי ערגעץ צו גיין, שטעלט ער זיך אָפּ מאַשינאַל, גיט אויף אײַך בייז אַ קוק און לויפט ווייטער. אין ווילנע גיט־איבער דער קרעמער זײַנע קונים צום ווײַב, און אַליין גייט ער אײַך ווײַזן דעם וועג, גייט מיט אײַך גאַס־אײַן, גאַס־אויס, און לאָזט אײַך שוין

ניט אָפּ ביז ער איז ניט זיכער, אַז איר וועט טרעפן אַהין, ווו איר דאַרפט.

לאַנג אַרומגיין איבער ווילנער גאַסן איז אָבער קיין צייט ניט געווען. מיר זענען גלייך אַריינגעפאַלן אין דער הייסער אַרבעט פון אויפשטעלן אַ נייע צייטונג. דער „הזמן" איז פון אָנהייב אָן אַוועקגעשטעלט געוואָרן מיט אַ ברייטן פאַרנעם, אויפן שטייגער פון די גרויסע רוסישע צייטונגען אין פעטערבורג. אַלע דריי אויסגאַבעס, די טעגלעכע, די מאָנאַטלעכע און דער וועכנטלעכער קינדער־זשורנאַל „החיים והטבע", האָבן זיך געדרוקט אין דער אַלטער באַרימטער דרוקעריי פון „האלמנה והאחים ראָם", וואָס אויף „גלוכאָי פערעאולאָק". און די רעדאַקציע האָט פאַרנומען דעם גאַנצן אויבערשטן שטאָק פון דער דרוקעריי — די גרויסע באַקוועמע דירה פון דער פאַרשטאָרבענער אַלמנה ראָם. עס איז געווען אַ היפּשער דעפּאַרטאַמענט מיט אָפּטיילונגען, מיט אַ סך גרויסע און קליינע חדרים, מיט נייע דעמבענע שרייבטישן, מיט אַ סאַמאָוואַר און מיט פונטלעך צוקער אין יעדן שרייבטיש, און מיט אַ גוי, וואָס שטעלט דעם סאַמאָוואַר און דערלאַנגט איטלעכן טיי. און מיטאַרבעטער האָט מען איינגעלאַדן פון פאַרשיידענע ווינקלען פונעם לאַנד, אַלץ מענטשן מיט ליטעראַרישע נעמען, אַלטע און יונגע, כאָטש מיט זייער ווייניק פּראַקטיק אויפן זשורנאַליסטישן פעלד. בן־אביגדור האָט געוואָלט, אַז דער „הזמן" זאָל מאַכן אַן איינדרוק ניט נאָר מיט זיין גרויס, נאָר אויך מיט זיין נייקייט, — האָט ער געקליבן פאַר דער רעדאַקציע נייע מענטשן, אַזעלכע, וואָס זייערע נעמען זענען נאָך ניט אָפּגענוצט געוואָרן אין די פריערדיקע אַלטע צייטונגען.

דער קאָפּ פון די עלטערע מיטאַרבעטער איז געווען דער גוט־באַקאַנטער אין יענע טעג י. ח. טאַוויאָוו — באַקאַנט ווי אַ העברע־אישער פעליעטאָניסט און, דערהויפּט, ווי אַ מחבר פון העברעאישע לערן־ביכער. דאָס איז געווען אַ ציכטיקער שיין־געקליידטער גרוילע־כער דזשענטלמאַן, מיט אַ ציכטיקן, טרוקענעם פּנים און מיט דינע סאַרקאַסטישע ליפּן, פון וועלכע עס האָבן ביטערלעך אַרויסגעשמייכלט ווייסע אַריינגעשטעלטע ציין. די ערשטע צייט האָט ער זיך געהאַלטן

פּריציש־אָפּגעזונדערט פון אַלעמען אין אַ באַזונדערן חדר, געווען אַרומ־
גערינגלט מיט דייטשע, פראַנצויזישע און ענגלישע צייטונגען, מיט אַ
ווייטער אָפּגעשיידקייט געלייענט די לאָנדאָנער „טיימס" און גערעדט
דייטש — ווי אויף צו להכעיס דער גאַנצער רעדאַקציע, וואָס האָט
צום מיינסטן גערעדט רוסיש. ביסלעכווייז איז אָבער זיין דייטש, אונטער
דער גוטער ווירקונג פון דער ווילנער סביבה, געוואָרן וואָס ווייטער
אַלץ היימישער, ביז עס האָט זיך פון דעם אַרויסגעשיילט אַ ריינער
קלאָרער קורלענדער יידיש (ער אַליין איז געווען פון ריגע). וויבאַלד
אַזוי, האָט שוין די איבעריקע רעדאַקציע אויך גענומען רעדן יידיש.
זיין זאַך אינעם טעגלעכן „הזמן" איז געווען צו געבן דעם לייטאַרטיקל
איבער אויסלענדישער פּאָליטיק — וואָס ער האָט, פאַרשטייט זיך, אַרויס־
גענומען פון דעם פּאַק אויסלענדישע צייטונגען, וואָס האָבן זיך געפונען
אין זיין רשות. ער האָט דעם אַרטיקל געשריבן זייער ריין און קלאָר,
אין אַ ריינער און קלאָרער העברעאישער שפּראַך. נאָר דאָס איז ביי
אים געווען פאַררעכנט ווי זיין אַנאָנימע, שוואַרצע אַרבעט. די הויפּט־
ראָזינקע איז געווען — זיין וועכנטלעכער פעליעטאָן, וואָס איז גע־
גאַנגען יעדן פרייטאָג, אין וועלכן ער האָט ביטער אויסגעלאַכט פאַר־
שיידענע יידישע אינטערעסן, דערהויפּט די יונגע שרייבער מיט זייער
נייער העברעאישער שפּראַך. ער פלעגט אויך גאַנץ אָפט געבן אַ שטאָך
דער יידישער שפּראַך (ער איז געווען אַ פאַרביסענער קעגנער פון
יידיש און האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין פראַזע: „איך האָב
קיין מאָל ניט פאַרפּאַטשקעט מיין פעדער מיטן זשאַרגאָן" — און
פון דעסטוועגן האָט ער ניט געהאַלטן וואָרט און האָט שפּעטער מיט
אַ צייט יאָ געשריבן יידיש און האָט אויך געדרוקט אויף העברעאיש
אַ פאָרשונג וועגן דער יידישער שפּראַך). דער ערשטער לייענער פון
זיין פעליעטאָן איז געווען טאַקע ער אַליין. פרייטאָג פרי פלעגט ער
קומען אין דער רעדאַקציע, נעמען דאָס פרישע בלאַט, אַרומגיין מיט
דעם פון איין צימער אינעם אנדערן פאַרטיפט אין זיין אייגענעם פעל־
יעטאָן. דאָרט ווו דער לייענער האָט באַדאַרפט לאַכן פון זיינעם אַ גע־
לונגענעם וויץ, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן און ביטערלעך לאַכן פאַר זיך

אַליין. עס איז געווען אַ סצענע אי אַ קאָמישע, אי אַ רירנדיקע. מע האָט געזען וואָס ס'איז אָט דעם מענטשן געווען באמת טייער פון דעם גאַנצן באַרג פּאַפּיר, וואָס ער האָט פאַר דער וואָך אָנגעשריבן. טיף אין האַרצן האָט ער זיך אַליין גערעכנט, אויפן פּעליעטאָניסטישן געביט, פאַר פרישמאַנס אַ קאָנקורענט. ער פלעגט אַפילו אין זיינע אויסערלעכע מאַניערן, דערהויפּט אין דעם אופן פון רעדן, אפשר ניט ווילנדיק, נאָכמאַכן פרישמאַנען. ער האָט אָבער צו פרישמאַנס עכטקייט קיין מאָל ניט דערגרייכט.

אַ צווייטער פון די עלטערע מיטאַרבעטער אין „הזמן" איז געווען י. א. טריוווש — וואָס איז דעמאָלט געווען באַקאַנט דעם העברעאישן עולם פון זיין ערשטן כמעט־סאָציאַליסטישן ראָמאַן „דין וחשבון". ער האָט אויך געהאַט ביטערע טענות קעגן דער יונגער העברעאישער ליטעראַטור, נאָר אַזוי ווי ער איז בטבע געווען זייער אַ באַרעדעוודיקער מענטש, פלעגט ער די טענות אַרויסשאָקלען פון זיך רעדנדיק און דערנאָך פלעגט ער שוין שמייכלען צו זיך אין באָרד אַריין מיטן כאַראַקטעריסטישן גוטהאַרציקן ווילנער שמייכל.

אַ דריטער צו זיי איז געווען ש. ל. ציטראָן, וואָס האָט אין „הזמן" פאַרנומען די שטעלע פון אַ קאָרעקטאָר. ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געשריבן זיינע שפּעטער באַרימט־געוואָרענע ליטעראַרישע מעמואַרן. מע האָט אים אַוועקגעגעבן אַ ווינקל אין דעם גרויסן רעדאַקציע־צימער פון די יונגע מיטאַרבעטער — פלעגט ער דאָרט שטיין ביי אַ הויכן שטענדער איבער זיין אַרבעט, פּיפּקען אַ קליין פאַרלאָשן ליולקעלע און שמייכלען ווייך צו יעדן איינעם מיט זיין אויסגעטריקנטן פאַרמעט־גלאַנציקן פּנים און מיט זיין שיטערן שוואַרץ־גרוילעכן בערדל. ער איז דעמאָלט אַלט געווען ניט קיין פולע פופציק; ער האָט שוין אָבער געהאַט קנייטשן פון אַ זקן און האָט געהאַט צו דערציילן פעק מיט מעשיות פון אַמאָליקע רעדאַקציעס און אַמאָליקע שרייבער, פונקט ווי ער אַליין וואָלט שוין אַלט געווען הונדערט יאָר. צו אונדז, יונגע, האָט ער זיך פאַרהאַלטן זייער צוגעלאָזט און זייער ליבעראַל.

די דינאַמישע קראַפט פונעם „הזמן" איז געווען הלל צייטלין, וואָס

האָט אין דער טעגלעכער צייטונג געגעבן דעם יידיש־פּובליציסטישן טאָן און האָט אויך רעדאַקטירט די פּובליציסטיק און קריטיק פון דעם מאָ־נאַטלעכן זשורנאַל. ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געפּירט קיין פּרום־יידישן שטאַט און ניט געשריבן וועגן פרומע ענינים. ער איז געווען אַ טעריטאָריאַליסט, און האָט אין דעם אַריינגעגעבן זיין גאַנצן ברען. ער איז געקומען פון האָמליע, פון איין נעסט מיט אַ גאַנצער גרופּע טיף־אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע פיגורן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך גערעכנט י. ח. ברענער. ער האָט זייער הייס גערעדט פון דאָסטאָ־יעווסקין, פון „די ברידער קאַראַמאַזאָוו", פון סאָניאַ מאַרמעלאַדאָוואַ (טיפן פון דאָסטאָיעווסקיס ראָמאַנען), ווי פון זיינע נאָענטסטע קרובים, און ס'איז מיר געווען אַ חידוש, ווי אַזוי אָט יענע ווייטע אָפּגרונט־טיפע וועלט גיסט זיך ביי אים צוזאַמען מיטן ענג־פּאַרטייאישן טעריטאָריי־אַליזם. ס'איז מיר אָבער געווען נאָך מער חידוש צו זען זיינע ווייט־פאַרטראַכטע אויגן — אויגן, וואָס ווייגען און שמייכלען אין איין און דער זעלבער צייט צו. עפּעס, וואָס איז זייער ווייט פון דאַנען. איך בין מיט אים געזעסן אין איין חדר און האָב מיט יונגער דאָרשטיקער נייגע־ריקייט באַטראַכט זיין אויסטערלישן קאָפּ. פון זיין רויטלעכער נישט־געקעמטער באָרד און פון זיינע געדיכטע צעשויבערטע טונקעלע האָר האָט געשלאָגן מיט היימישער, קליינשטעטלדיקער, „טאַטישער" וואַרעמ־קייט; נאָר אים אַליין איז געווען קאַלט. ער פלעגט אויפשטיין נאָך אַ הייס־אויפגעשריבענעם אַרטיקל, זיך אויסקנאַקן די בלייכע געפרוירענע פינגער, איינקאָרטשען זיך אין דעם שוואַרצן שבתדיקן סורדוט, אַ לאַף טאָן צו זיך אַליין מיט די ווייגנעדיקע אויגן און זאָגן: „ס'איז קאַלט"...

דער „סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע", דאָס הייסט, אייגנטלעך, דער פּאַקטישער רעדאַקטאָר, וואָס האָט באַזאָרגט און צוזאַמענגעשטעלט די צייטונג, איז געווען דער דעמאָלט באַוווסטער ראָמאַניסט י. בער־שאַדסקי. ער האָט אָנגענומען די שטעלע אינעם „הזמן" בעת זיין גלאַנץ אַלס מאָדערנער העברעאישער ראָמאַניסט האָט שוין אָנגעהויבן טונקל צו ווערן און פון זיינע טרויעריק־שמייכלענדיקע אויגן האָט שוין געלויערט דער טויט. ער איז געווען זייער אַ מילדער, פריינדלעכער

און ביז גאָר העפלעכער חבר — אַן עכטער דזשענטלמאַן. ער איז אָבער געווען פעסט און ערלעך אין זיינע פרינציפּן, צוליב וועלכע ער איז גרייט געווען צו ברעכן אַפילו זיין העפלעכקייט. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט געשריבן העברעאיש, איז ער געווען אַ שאַרפער קעגנער פון ציוניזם מיטן טעריטאָריאַליזם צוזאַמען און האָט זיך שטאַרק געקנייטשט פון צייטלינס פייערדיקע טעריטאָריאַליסטישע אַרטיקלען. פאַר אים איז דער „הזמן" געווען פריער פון אַלץ אַ העברעאישע צייטונג, וואָס דאַרף קעמפן קעגן דעם שלעכטן פּאָליטישן רעזשים אין רוסלאַנד, און דאָס האָט ער באַטאָנט ווי ווייט ער האָט געקאָנט. ער האָט צוגעצויגן צום „הזמן" ב. האָפּמאַנען (צביונען) און האָט שטילערהייט שטאָלצירט מיט דעם, וואָס ביי אים שרייבט העברעאיש אַפילו אַ בונדיסט. פאַר וואָס העברעאיש איז אים אַזוי טייער — איז געווען אַ רעטעניש. ער איז בכלל געווען אַ טראַגישע פּערזאָן, פול מיט רעטענישן.

צווישן די יינגערע מיטאַרבעטער האָט זיך אויך געפונען דער זשור־נאַליסט שמואל טשערנאָוויטש, אַ יינגערער ברודער פונעם מאָדערנעם רב און מלומד חיים טשערנאָוויטש („רב צעיר"). ער האָט ביי אונדז אַלעמען אַרויסגערופן באַוווּנדערונג מיט זיין גיך־שרייבן. ער האָט געשריבן גיכער, ווי אַ מענטש קאָן טראַכטן. צוזעענדיק, ווי אַזוי עס פליט ביי אים די פען איבערן פּאַפּיר, האָט זיך געדאַכט, אַז הינטער אים שטייט איינער און דיקטירט אים פונעם גרייטן.

דער יינגסטער פון אַלעמען בין איך געווען, און טאַוויאָוו האָט מיך געקרוינט מיטן נאָמען „תינוק המערכת" (דאָס קינד פון דער רעדאַקציע). איך האָב מיך אויף דעם נאָמען ניט באַליידיקט, כאָטש איך האָב מיך געפלייסט אויסצוזען צוויי מאָל עלטער, ווי איך בין. איך האָב אין דעם געפילט אַ באַהאַלטענע צערטלעכקייט מצד דעם אויסערלעך־טרוקענעם, פאַרביסענעם טאַוויאָוו — און דאָס האָט מיך אין דער שטיל גערירט.

אין דער גרויסער דירה פון דער אַלמנה ראָם האָט זיך אויך גע־פונען די „אַדמיניסטראַציע" (געשעפט־אָפּטיילונג) פונעם „הזמן", וואָס איז מער ענלעך געווען אויף אַ גרויסער קאַנטאָר פון אַ רייכן וואַלד־הענדלער. דאָרט האָבן געשמאַיעט און געטאַפּט אין דער פינצטער

קליינשטעטלדיקע יונגעלייט מיט שפּאַנישע בערדלעך — בוכהאַלטאָרן, עקס־פּעדיטאָרן און רייזנדע אַגענטן. זיי זענען געבראַכט געוואָרן אַהער דורך די הויפּט־באַלעבאַטים פון דעם „הזמן", די געלט־געבער — רייכע וואַלד־הענדלער פון פּאָליעסיע, און זיי האָבן די ערשטע צייט אַריינגעקוקט פון זייער אָפּטיילונג אין דער רעדאַקציע אַריין מיט גרויס רעספּעקט, ווי דאָרפסלייט קוקען אַריין אין אַ שטאָטישן בית־מדרש. שפּעטער איז דער רעספּעקט געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ קלענער, אַזוי אַז מע האָט שוין אָנגעהויבן פאַרגעסן אַפילו צו טיילן פונטלעך צוקער צו די שרייבטישן פון דער רעדאַקציע.

דער „הזמן" איז אַוועק אין פולן גאַנג און האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען ביים העברעאישן עולם. מע האָט געשמועסט, אַז אין אַ קורצער צייט האָט ער געגרייכט דעם גרעסטן טיראַזש, וואָס אַ העברעאישע צייטונג האָט ווען געהאַט. מיט דער דערלויבעניש אויף אַ יידישער צייטונג אין ווילנע איז נאָך אַלץ געגאַנגען זייער שווער, און מע האָט אין דער רעדאַקציע דערציילט, אַז שלום־עליכם האָט דערווייל אָנגע־הויבן אַרומפאָרן איבער יידישע שטעט אויף פאָרלעזונגען, וואָס ווערן אַראַנזשירט אַ מאָל פון ציוניסטן און אַ מאָל אויך פונעם „בונד", און אַז ס'איז זייער מעגלעך, ער זאָל אויך קומען אויף אַ פאָרלעזונג קיין ווילנע.

און איין מאָל אין אַ ווייסן שנייאיקן נאָכמיטאָג, שפּאַצירנדיק איבער דער זאַוואַלנאַ־גאַס מיט מיין יוגנט־חבר אהרן סינגאַלאָווסקי (שפּעטער דער הויפּט־פאַרוואַלטער פונעם „אָרט"), דערזע איך, ווי אַ ייד רייסט זיך אַרויס פון אַ קופּקע יידן ביי אַ קראָם און ווייזט מיט דער האַנט אין גאַס אַריין:

— אָט פאָרט שלום־עליכם מיט זיין טאָכטער!

מיר דרייען אויס די קעפּ — אין גאַס איז דורכגעלאָפן דורכן ווייך־פאַלנדיקן שניי אַ שליטן, און אויפן שליטן האָבן זיך פאַרבייגע־טראָגן צוויי פיגורן — איינע אין אַן אויסטערלישער גרויער מאַנסביל־שער קוטשמע, די צווייטע אין אַ ווינטערדיקן פרויען־באַשליק.

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז ס'איז שלום־עליכם? — פרעגן מיר דעם יידן.

— וואָס הייסט, ווער האָט מיר געזאָגט? — וווּנדערט זיך דער ייד. — איך ווייס אַליין. ער איז שוין דאָ היינט עטלעכע מאָל דורכ־געפלויגן אויף אַן איזוואָשטשיק. איך דערקען אים שוין נאָך דער קוטשמע...

ח

## שלום־עליכם אין „הזמן"

אויף מאָרגן, נאָך דעם ווי איך האָב געזען שלום־עליכמען דורכ־לויפן אין אַ שליטן איבער די ווילנער גאַסן, האָב איך זיך געפעדערט גאַנץ פרי אין דער רעדאַקציע פונעם „הזמן", מיט דער האָפענונג, אַז היינט וועט ער דאָרט מסתמא מאַכן זיין ערשטן וויזיט.

און איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. די בשורה, אַז שלום־עליכם דאַרף באַלד קומען אין דער רעדאַקציע מיט אַ באַזוך, האָט מען מיר אָנגעזאָגט אין דער אָפטיילונג פון דער אַדמיניסטראַציע. די קליינ־שטעטלדיקע יונגעלייטלעך מיט די שפּאַנישע בערדלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ פּנים מער ווי „שאַפערס" און „בראַקערס" אין אַ וואַלד־קאַנטאָר, איידער אָנגעשטעלטע אין אַ צייטונג, האָבן אַלע אויסגעקוקט זייער יום־טובדיק, ווי חסידים בשעת זיי דערוואַרטן אַ גרויסן „גוטן יידן". דאָס זענען, ווייזט אויס, אַלע געווען געטרייע לייענער פון שלום־עליכמען, וואָס האָבן זיך מיט אים געקוויקט אין דער איינזאַמער פאַר־וואָרפנקייט פון פאָליעסיער וועלדער. אַפילו דער גוי פון דער רע־דאַקציע האָט מיט אַ באַזונדערן יום־טובדיקן פלייס געאַרבעט אין קאָרידאָר איבערן סאַמאָוואַר, צעבלאָזן אין אים דאָס פייער מיט אַ כאָליעווע פון אַן אַלטן פאַרטריקנטן שטיוול.

אַקעגן דעם איז די באַציאונג פון דער רעדאַקציע צו שלום־עליכמען שוין געווען אַ פאַרשיידענע. די עלטערע מיטאַרבעטער האָבן זיך פאַר־פאַרהאַלטן צו אים קאַלטלעך. דערהויפּט איז געווען קאַלט דער אַלטער טאַוויאָוו, מחמת געוויסע טעמים. ערשטנס, איז שלום־עליכם כמעט געווען זיינער אַ קאָנקורענט אויפן געביט פונעם יידישן הומאָר — מע האָט לייענענדיק שלום־עליכמס פעליעטאָנען אויך געלאַכט. צווייטנס, האָט שלום־עליכם געשריבן אויפן „זשאַרגאָן" פון דעם המון — און וואָס

פאַר אַ ווערט האָט הומאָר, אַז מע שרייבט אים, משטיינס געזאָגט, אויף אַ מאַרק־שפּראַך? דאָס הייסט דאָך פשוט — וואַרפן פּערל אין דער בלאָטע אַריין. איך שטעל מיר פאָר, אַז אַזוי, אומגעפער, איז געווען טאַוויאָווס אויסערלעכע באַציאונג צו שלום־עליכמען, כאָטש שטילער־הייט האָט ער פון אים מסתמא געלעקט די פינגער.

ציטראָן, וואָס איז שוין אויסגעווען אין אַלע ליטעראַרישע ווינקלען און איז געווען קלאָר אין די כאַראַקטערן פון אַלע יידישע שרייבער, ווי אין זיינע אייגענע צען פינגער, האָט אויך ניט אַרויסבאַוויזן קיין באַזונדער התפעלות פאַר שלום־עליכמען. ער איז געשטאַנען ביי זיין הויכן שטענדער, געפּיפּקעט דאָס אייביק־פאַרלאָשענע ליולקעלע, און זיין פאַרמעט־גלאַנציק פּנים האָט געשמייכלט מיט אַ בלייכן, קילן שמייכל פון אַ „יודע־הכל״, ווי איינער זאָגט: פרעגט מיך, וועל איך אייך דערציילן. ווער און וואָס שלום־עליכם איז״...

דערפאַר האָבן די יינגערע שרייבער פון דער רעדאַקציע געוואַרט מיט גרויס אינטערעס אויף דער באַקאַנטשאַפט מיט שלום־עליכמען. הלל צייטלין, כאָטש אַ דאָסטאָיעווסקיאַנער, האָט זייער הויך געשעצט שלום־עליכמען, דער עיקר דערפאַר, וואָס מיט זיין „מנחם־מענדלען״ האָט ער פאַר אונדז געעפנט דעם טיפן אָפּגרונט פון אונדזער גלות־לעבן און האָט באַוויזן אונדזער שוידערלעכע באָדנלאָזיקייט. נאָך מנחם־מענדלען בלייבט ניט איבער קיין אַנדערער אויסוועג — סיידן צום טעריטאָריאַליזם.

אַ גוטע פשוטע באַציאונג, אָן שום אויבער־סברות, האָט אַרויסגעוויזן צו שלום־עליכמען בן־ציון כ״ץ, דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר פונעם „הזמן״, וואָס איז אין דער רעדאַקציע, אייגנטלעך, געווען מער גאַסט ווי רעדאַקטאָר. זיין באַשטענדיקער אָרט איז געווען אין פּעטערבורג, פון וואַנען ער האָט עטלעכע מאָל אין וואָך צוגעשיקט זיינע פּאָליטישע בריוו און אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט געשטורעמט די רוסישע ביוראָקראַטיע מיט אָפענער געוואַגטקייט, — צו וואָס מען איז אין דער העברעאישער פּרעסע ביז אַהער גאָרניט געוווינט געווען. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער אַראָפּקומען פון פּעטערבורג קיין ווילנע, אַן איבערגעפּאַקטער מיט פּאָליטישע נייעס און פון אים אַליין אַנטפלעקטע

פאָליטישע סודות. ער איז געווען זייער אָפּטימיסטיש געשטימט וועגן די דערוואַרטעטע פרייהייטן אינעם לאַנד און האָט אַלעמען פאַרזיכערט, אַז ניט היינט, איז מאָרגן — רוסלאַנד מוז באַקומען אַ קאָנסטיטוציע, און גלייך נאָך דעם וועט זיך עפענען דער יידישער „תחום", און עס וועט ווערן אַ ליכט אין די אויגן. אויסגעליידיקט דעם זאַק מיט די נייעס, האָט ער שוין אין דער רעדאַקציע מער ניט געהאַט וואָס צו טאָן — פלעגט ער אַרומלויפן פון איין חדר אין דעם אַנדערן מיט זיין יונגן קיילעכדיקן באַברילטן פּנים און מיט די ליכטיק־פאַרפלאַמטע ייִנגלשע באַקן, צולויפן צו יעדן שרייבטיש, אָנבויגן דעם קאָפּ און נייגעריק פרעגן: „איר שרייבט? וואָס שרייבט איר, האַ? מע מעג אַ קוק טאָן?" — און איז אַ בעלן געווען נעמען ביי יענעם דאָס פּאַפּיר און כאַפּן אין דעם אַ קוק. מיט פּאַפּיר האָט מען אָבער פון כ"צן זיך געהיט, ווי פון פייער, ווייל מע האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט אַ געוווינשאַפט — צו קייען פּאַפּיר. שלום־עליכם, דערציילנדיק שפּעטער וועגן דעם דורכ־פאַל פון די ווילנער אין פּעטערבורג צו קריגן אַ דערלויבעניש אויף אַ יידישער צייטונג, פלעגט זאָגן, אַז שולדיק אין דעם איז געווען באַר איין כ"ץ: ער האָט באַקומען פאַר דער צייטונג ניט איין דערלויבעניש, נאָר עטלעכע — ער האָט זיי אָבער אַלע צעקייעט און אויפגעגעסן. ביי שלום־עליכמען איז פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט כ"צן, פון דער צייט, ווען זיי זענען געזעסן אין פּעטערבורג און אינאיינעם געוואַרט אויף אַ דערלויבעניש פאַר אַ צייטונג, פאַרבליבן אַ גאַנצער רעפּערטואַר פון סצענעס און בילדער, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט אין אַן איבער־געטריבענער, גראָטעסקער פאָרעם כ"צס צעטראָגנקייט.

אין איין סצענע פלעגט שלום־עליכם פאָרשטעלן (אָדער „קאָפּירן" — ווי ער אַליין פלעגט דאָס רופן), ווי אַזוי כ"ץ טרעפט זיך מיט פרוגן אין דער רעדאַקציע פונעם „וואָסכאָד" און גיט אים איבער זיינס אַ געשפּרעך מיטן פירשט אָבאָלענסקי וועגן דער וויכטיקייט פון צייטונגען פאַר יידן, און דערביי מאַכט כ"ץ „צו רעכט" פרוגס אַ נייעם האַרטן הוט. פרוג, וואָס איז געווען זייער אַ פּינקטלעכער און אַן אָפּגעהיטער אין זיין קליידונג, קומט אַריין אין „וואָסכאָד", אויסגעפּוצט אין אַ נייעם

האַרטן הוט און אין פרישע הענטשקעס, און כ״ץ שטעלט אים אָפּ ביי אַ טיש און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס. פרוג לייגט אַוועק אויפן טיש פאָרזיכטיק זיין הוט און די הענטשקעס, און כ״ץ רעדט וועגן דעם פירשט אָבאָלענסקי; און אַזוי ווי בשעת רעדן מוז כ״ץ מיט עפּעס באַ־שעפטיקן זיינע הענט, נעמט ער באַטאַפּן פרוגס הוט און פרוגס הענטש־קעס. פוןביידע זאַכן געפעלט אים בעסער דער הוט, שאַרט ער אַוועק די הענטשקעס אָן אַ זייט און נעמט זיך צום הוט — ער וויל אים אַוועקשטעלן אויפן טיש מיטן קאָפּ אַרויף. דער הוט איז מיט האַלב־קיילעכדיקע ברעגן און וויל בשום אופן ניט שטיין מיטן קאָפּ אַרויף — איז די אַרבעט אַרום אים זייער אַן אינטערעסאַנטע. פרוג איז אָבער אַ פינקטלעכער מענטש און קאָן ניט ליידן, וואָס מע וויל זיין הוט אַוועקשטעלן — אַ הוט דאַרף ליגן, ניט שטיין; נעמט ער אַוועק זייער ווייך זיין האַרטן הוט פון כ״צס הענט און לייגט אים אַוועק אין זיין נאַטירלעכער פּאָזע. געפעלט דאָס ניט כ״צן, און ער פּרוּווט ווידער דעם הוט אַוועקשטעלן. דער דאָזיקער שטומער קאַמף צווישן פרוגן און כ״צן בשעת זייער געשפּרעך ווערט אַזוי איבערגעחזרט עטלעכע מאָל — ביז פרוגן ווערט דער ענין סוף־כל־סוף דערעסן, און ער איז מפקיר זיין נייעם הוט אינגאַנצן אין כ״צס הענט: ער וויל זען, וואָס דערפון וועט ווערן. נעמט כ״ץ דעם באַפרייטן הוט און באַטראַכט אים, רעדנדיק, פון אַלע זייטן: ער זוכט אין אים אַ לאָך, וווּהין אַריינצושטעקן אַ פינגער. אַזוי ווי דער הוט איז אַ נייער הוט און ס׳איז אין אים ניט צו געפינען אַפילו אַ סימן פון אַ לאָך, עפנט אויף כ״ץ דאָס לעדערנע רייפעלע, וואָס ביי די אינ־ווייניקסטע ראַנדן, קוקט אַריין מיט די קורצזיכטיקע אויגן אין זיינע פאַרבאָרגענישן, פּרוּווט עס אָפּטרענען אַ ביסל און שאַפט זיך אַ באַ־קוועם לאָך פאַרן פינגער. איין לאָך איז אָבער ניט גענוג — מאַכט ער עטלעכע לעכער, ביז ער טרענט ביסלעכווייז אַרונטער דאָס גאַנצע לעדערנע רייפעלע און באַקומט אַ פרייען צוטריט צום זיידענעם אונ־טערשלאַק. דער אונטערשלאַק איז דווקא נאָכגיביק, און עס קומט־אָן שוין ניט אַזוי שווער אָפּצוטיילן אים פון דעם הוט. דאָס אייגענע ווערט אויך דורכגעפירט מיט דער זיידענער סטענגע, וואָס אַרום דעם

הוט. ענדלעך בלייבט פרוגס הוט אין כ"צס הענט אַן אַרומגעשיילטער פון אַלע זייטן, אין גאַנצן אַ נאַקעטער, און אַזוי ווי דאָס געשפּרעך וועגן פּירשט אָבאָלענסקי איז נאָך ניט געענדיקט, נעמט זיך כ"ץ אַטאַקירן מיטן פינגער דעם סאַמע קאָפּ פונעם הוט, קלאַפּנדיק אין אים אַזוי לאַנג, אַ קלאַפּ און אַ קוק אינווייניק מיט די קורצזיכטיקע אויגן, ביז אין דעם האַרטן שטאָף ווערט דורכגעבויערט אַ היפּש לאָך. און דאָ קומט דער פינאַל פון דער גאַנצער שווערער אַרבעט: כ"ץ שטעקט אַריין דעם פינגער אין דעם דורכגעבויערטן לאָך און דרייט דעם הוט אויפן פינגער, ווי אַ ווינטמיל — ער איז צוגעקומען בשעת מעשה צום היציקסטן פונקט פון זיין וויכוח מיטן פּירשט אָבאָלענסקי.

שלום־עליכם איז געווען אַ מייסטער אויף פאַרצושטעלן די קאָמישע זייט פון זיינע פריינד און באַקאַנטע אין גראָטעסקער פאָרעם, דערביי פלעגט ער דאָס מאַכן אַזוי נאַטירלעך, מיט איינגעהאַלטענעם, געמאָס־טענעם טאַקט און אין פולן ערנסט, „קאָפּירנדיק" אַרטיסטיש די שטים און די באַוועגונגען פון די פאַרגעשטעלטע פערזאָנען, — אַז עס פלעגט זיך באַקומען ניט קיין גראָטעסק, נאָר אַ רעאַל פּלאַסטיש בילד.

איך שטעל זיך פאָר, אַז בן־ציון כ"ץ האָט מסתמא געוווּסט, אַז שלום־עליכם „באַאַרבעט" אים (וואָרעם וועמען האָט שלום־עליכם ניט „באַאַרבעט"?), און האָט דאָס אויפגענומען גאַנץ גוטמוטיק. כ"ץ פלעגט אין יענע יונגע יאָרן זאָגן אויף זיך אַליין: „איך ווייס, אַז עס גייען אום וועגן מיר מאָדנע מעשיות — איך בין אָבער ניט זיכער, צי זיי זענען אמת"... און ס'איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס כ"צס יונג קיילעכדיק פּנים האָט ליכטיק געשיינט, בשעת אין דער רעדאַקציע האָט זיך באַוויזן שלום־עליכמס קליינע רירעוודיקע פיגור אין אַ צעשפּילעטן פוטער מיט אַ קאַראַקולנעם קאָלנער און אין דער געוווּנטעגער אַרטיסטישער קוטשמע. ער איז דורכגעלאָפן אַלע חדרים פון דער רע־דאַקציע, אַלעמען אָנגעזאָגט די בשורה, אַז שלום־עליכם איז שוין דאָ, און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן מקבל־פּנים זיין דעם ליבן גאַסט אין דעם עקסטן חדר — דער „קדשי־קדשים" פון דער רעדאַקציע, דאָרט, ווו די באַלעבאַטים פונעם „הזמן" פלעגן אָפּהאַלטן זייערע גע־

היימע זיצונגען, ווו ס'איז געשטאַנען אַ ווייכע סאָפקע און ווו געסט האָבן ניט נאָר באַקומען אַ קבלת־פנים, נאָר געקאָנט אויך איבערנעכטיקן אַ נאַכט.

פאַרשטייט זיך, אַז קודם כל האָט דער גוי פון דער רעדאַקציע סערווירט טיי פון דעם קאָכיקן סאַמאָוואַר, און די פאָליעסיער וואַלד־מענטשן האָבן זיך אויסגעשטעלט ביי דער טיר פונעם קדשי־קדשים און אַריינגעקוקט אינווייניק מיט פאַרחידושטע גליקזעליקע פנימער. און ס'איז טאַקע געווען אויף וואָס צו קוקן. שלום־עליכם, אַז ער האָט פון זיך אַראָפגעוואָרפן דעם ווינטערדיקן פוטער און די אַרטיסטישע קוטשמע, האָט געהאַט זייער אַ פיקאַנט אויסזען. עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ זעלטענער, שיין געשניטענער קינסטלער־קאָפּ, באַקרוינט מיט לאַנגע ווייכע ריין־געוואַשענע טונקל־בלאָנדע האָר, וואָס האָבן זיך ווייך געכוואַליעט איבער לעבעדיקע, וואַכעדיקע אויערן און איבער אַ ברייטן קלוגן רייך־געקאַרבטן שטערן. דאָס געזיכט, כאָטש עטוואָס מיד און פאָטערלעך פאַרזאָרגט אין די באַהעלטענישן פון די שאַרפע קנייטשן, האָט דאָך געקוקט אויף אַלץ און אויף אַלעמען ריין און אָפן, מיט יונג־רירעוודיקער נייגעריקייט, און די גרוי־בלויע גוטמוטיק־איראָנישע אויגן האָבן דורכגענומען יעדן איינעם פון אונדז בליץ־שנעל מיט אַ טיפן פאַרשנדיקן בליק. באַטראַכטנדיק אַרום זיך דעם כמעט־אומבאַקאַנטן עולם, האָט שלום־עליכם אויסגעטאָן די ברילן און זיי פלינק איבערגע־ווישט מיט אַ זיידענעם טיכעלע, און דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דערווייל באַטראַכט ער אונדז נאָר פון אויבנאויף — דער עיקר באַטראַכטן וועט קומען אָט באַלד, אַז די ברילן וועלן באַקומען דעם נייטיקן דורכזיכטיקן גלאַנץ. אויך זיין אָנטאָן האָט אויסגעזען זייער פיקאַנט: ער האָט געטראָגן אַ צעשפּילעטע שוואַרצע „טוזשורקע" מיט אַן אָפּגעלייגטן קאָלנער איבער אַ שוואַרצן געווענטענעם העמדל, פאַר־גאַרטלט מיט אַ פיינעם זיידענעם גאַרטל. דאָס איז, אייגנטלעך, געווען דעמאָלט אויך דאָס אָנטאָן פון אונדז, די יונגע, נאָר צו שלום־עליכמס זעלטענעם געזיכט, מיט די טיף־באַדייטנדיקע פאָטערלעכע קנייטשן און מיט זיין גאַנצן גרויס־שריפטשטעלערישן פאַרנעם, האָט דאָס

שוואַרצע העמדל צוגעגעבן אַ באַזונדערן טעם — אַ סימן פון אָפענער איבערגעגעבנקייט צום שרייבער־צעך, פון שרייבערישער האַרעפּאַש־נעקייט און פון גוטער גלייכער חברשאַפט.

מע האָט פאַרפירט אַ געשפרעך אויף דער טעמע פונעם טאָג — וועגן דער פּאָליטישער לאַגע. שלום־עליכם האָט געהאַט צו דערציילן פון דעם, וואָס ער האָט געזען פריער אין פעטערבורג און שפעטער אין וואַרשע, וווהין ער איז אַריינגעפאַלן אין די סאַמע אומרואיקע טעג פון דעמאָנסטראַציעס און סטרייקן. ער האָט גערעדט אין סקעפּטישן טאָן וועגן די דערוואַרטע פרייהייטן פאַרן לאַנד — ער האָט ניט שטאַרק געגלייבט אין דעם שכל הישר פון די צאַרישע מיניסטאָרן. מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט אַריינפירן אַ פאָלק פון הונדערט אַכציק מיליאָן אין דער בלאָטע פון דער יאַפּאָנישער מלחמה, וועלן קריכן ווייטער. „פאָניע" האָט פאַר בלאָטע קיין מורא ניט — ער טראָגט טיפע שטיוול און איז בכלל ניט קיין גרויסער מפונק. בן־ציון כ"ץ האָט דאָס אויס־געהערט מיט אַ ליכטיק־פאַרפלאַמטן פנים און האָט אָבער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין: ער איז דורכויס דערמיט ניט מסכים. אין רוסלאַנד וועט זיין אַ קאָנסטיטוציע. אָט וועט איר זען זיין וואָרט: ניט היינט, איז מאָרגן — ס'וועט זיין אַ קאָנסטיטוציע!... גערעדט האָט מען, פאַרשטייט זיך, רוסיש, דערביי האָט זיך שלום־עליכם אויסגעצ־ייכנט פון אַלעמען מיט אַ נאַטירלעכער, פליסיקער רוסישער שפּראַך, אַקצענטירט אויפן קליין־רוסישן שטייגער, כאָטש דער אינערלעכער זאַפט פון די פראַזעס און דער הומאָריסטישער טראָפּ זענען פאַרבליבן עכט שלום־עליכמדיק. עס האָט זיך אָבער פון שלום־עליכמען געוואָלט הערן אַ יידיש וואָרט — איז אונדז געקומען צו הילף דווקא דער פאַר־ביסענער „אַנטי־זשאַרגאָניסט" טאַוויאָוו. טאַוויאָוו, וואָס האָט מיט שלום־עליכמען זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל, איז לכתחילה געזעסן ביים טיש ווי אַ זייטיקער און ברוגזלעך געשוויגן. עס האָט זיך אָבער ניט געפאַסט אייביק צו שווייגן — האָט ער זיך מיישב געווען און האָט אָנגעהויבן צו רעדן דייטש, און דווקא טיף־דייטש. ווי באַלד דייטש, האָט שוין שלום־עליכם גענומען רעדן יידיש — און מיר האָבן ענדלעך

דערהערט דעם אמתן שלום־עליכם. אויף מיר האָט שלום־עליכמס איבער־גאַנג פון רוסיש צו יידיש דעמאָלט געמאַכט דעם זעלבן איינדרוק, וואָס איז מיר פארבליבן פון די חדר־יאָרן, בשעת מע האָט געלערנט דעם ספר „דניאל" און מע פלעגט איבערגיין פון דעם טונקעלן אַראַמישן טעקסט צו אַ ליכטיקן היימישן שטיק פון ריינעם העברעאיש.

פאַרבראַכט מיט שלום־עליכמען ביי אַ פערטל שעה אין דעם „קדשי־קדשים" פון די באַלעבאַטים, האָט אים כ"ץ געפֿירט פירן איבער די חדרים פון דער רעדאַקציע, געוויזן אים יעדן טיש פון יעדן מיט־אַרבעטער. שלום־עליכם איז געגאַנגען מיט אַ רירעוודיקן גאַנג, וואָס האָט געהאַט מער דעם כאַראַקטער פון לויפן, איידער פון גיין, געטראָגן אין האַנט אַ פיין ליולקעלע, אין וועלכן עס האָט זיך געראַכערט אַ ציגאַר, שאַרף באַוועגט אויף אַלע זייטן די גלאַנציקעברילן און געלויבט די רעדאַקציע: „אַ פיינע רעדאַקציע, פיינע שטאַרקע שרייבטישן!"...

י. ב. לעוונער, דער רעדאַקטאָר פון דעם קינדער־זשורנאַל „החיים והטבע", אַ הויכער שווייגנדיקער ייד מיט אַ קורץ געשוירענעם געלב־לעך־גרויען בערדל און מיט אַ גרויסער פליישיקער נאָז, אָנגעזאָפּטלט מיט אַ פּאָר ברילן, איז געווען דער לעצטער צו באַגריסן שלום־עליכמען. ער איז גאַנצע טעג געזעסן פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ וויטן חדרל, געטאָן דאָרט שטיל זיין אַרבעט און זיך כמעט ניט אָנגעקערט מיט דער איבעריקער רעדאַקציע. ער איז צופעליק אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש, אַ ווילע געקוקט פאַר זיך דורך די ברילן, ווי אַ נעכטיקער, דערזען פלוצעם שלום־עליכמען — האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט און צעשפרייט די הענט מיט אַ ברייטער גאַסטפריינדלעכער באַוועגונג. דערביי איז צווישןביידע פאָרגעקומען אַ קורצע קאָמישע סצענע, וואָס איר פולע באַלייכטונג האָט מיר געגעבן ערשט מיט יאָרן שפּעטער שלום־עליכם אַליין. די געשיכטע קאָן דערציילט ווערן אַזוי:

לעוונער, דעמאָלט אַ גוט־באַקאַנטער העברעאישער שרייבער פון קינדער־ליטעראַטור (ער האָט באַאַרבעט פאַר קינדער אַ היפּשע זאַמ־לונג פון יידישע לעגענדעס), איז אויך געווען באַקאַנט אין דעם שריפט־שטעלערישן קרייז מיט זיין זעלטענער קאַרגשאַפט, פון וועלכער ער

האַט זיך אָפּגעשפּאַרט אַ קאַפּיטאַל (ציטראָן האָט וועגן אים געזאָגט, אַז דער ערשטער פונדאַמענט פון זיין קאַפּיטאַל איז געווען — די ערשטע דריי קאָפּיקעס, וואָס ער האָט יינגלווייז באַקומען פון אַ באַלעבאָסטע, בשעת ער האָט „געגעסן טעג"). דאַרף זיך מאַכן אַזוי, אַז קומענדיק קיין פּעטערבורג זיך משתדל זיין וועגן די ווילנער צייטונגען, איז ער איינגעשטאַנען אין איין האָטעל מיט שלום־עליכמען און האָט איין מאָל דאָרט באַצאָלט פאַר אים דער וועשערין ניין און פערציק קאָפּיקעס. שלום־עליכם איז אַוועקגעפאָרן צוריק קיין קיִעוו, און לעווונער האָט, מעשה שטן, פאַרגעסן אויפמאָנען פון אים דעם חוב. געכאַפּט האָט ער זיך ערשט נאָך שלום־עליכמס אָפּפאָרן — און האָט אים גענומען באָמבאַרדירן מיט בריוו, פריער מיט אָפענע, דערנאָך מיט פאַרמאַכטע, און אויב איך האָב קיין טעות ניט — אויך מיט רעגיסטרירטע, צוליב זיכערקייט. די ערשטע בריוו זענען געווען געשריבן אין אַ געלאַסענעם טאָן: „ידידי! איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב פאַר אייך באַצאָלט דער וועשערין ניין און פערציק קאָפּיקעס; על כן בעט איך אייך, אַז תיכף ווי איר באַקומט מיין בריוו, זאָלט איר למען השם ולמען השם מיר אָפּשיקן די ניין און פערציק קאָפּיקעס — און זאָלט ניט מאַכן רוען אין אייער געצעלט אַן עוולה"(„ואל תשכן באהלך עולה")... וואָס ווייטער זענען די בריוו געגאַנגען אַלץ אין אַ מער שאַרפן און אומרואיקן טאָן: „ידידי! איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס איז מיט אייך! איך האָב פאַר אייך באַצאָלט דער וועשערין מזומן געלט ניין און פערציק קאָ־פּיקעס, איך שרייב אייך בריוו אויף בריוו — און איר שווייגט! צי דען אַזוי טוט מען צו אייגענע קאָמפּאַניע־לייט? (וכי כך עושין לבני־לויה?). ענטפערט מיר כאָטש מיט אַ בריוול, וועל איך וויסן, ווו איך האַלט מיט אייך אין דער וועלט!"... שלום־עליכמען איז דער ענין זייער געפעלן געוואָרן, האָט ער לעוונערן געלאָזט שרייבן בריוו, וואָס האָבן יענעם אַריינגעטריבן אין אַ הוצאה ווייט מער פון ניין און פערציק קאָפּיקעס, די בריוו האָט ער צוזאַמענגענומען אין אַ היפּש פּעקעלע, איבערגעבונדן מיט אַ זיידענעם פאָדים און באַהאַלטן ביי זיך אין אַרכיוו לזיכרון.

איצט, אַז לעוונער האָט פּלוצעם דערזען שלום־עליכמען אין דער רעדאַקציע פונעם „הזמן‟, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט, ברייט צע־גומען די הענט, און די ערשטע ווערטער זיינע אויף אַ גוטן יעקאַטערי־נאָסלאַווער רוסיש זענען געווען:

— אַ כאַראַשאָ, שטאָ ווי פּריעכאַלי, סאָלאָמאָן נאַאומאָוויטש. וויעד זאַ וואַמי דאָלזשאָק! (גוט, וואָס איר זענט געקומען צו פאָרן! פון אייך קומט דאָך אַ קליין חובעלע!).

— קאָקאָי טאַקאָי דאָלזשאָק? (וואָס פאַר אַ חובעלע?) — פרעגט שלום־עליכם פאַרוווּנדערט און הייבט אויף אויף אים די גלאַנציקע ברילן גאַנץ אומשולדיק.

— דאַ שטאָ ווי, סאָראָק דיעוויעט קאָפּעיעק! ניעאוזש־טאָ זאַבילי? (וואָס רעדט איר, ניין און פערציק קאָפּיקעס! איר האָט דען פאַרגעסן?).

— אַך, דאַ! — טוט זיך שלום־עליכם אַ פּאַטש אין שטערן און נעמט פאַמעלעך פון קעשענע אַרויס אַ האַלב קערבל און זאָגט צו לעוונערן זייער ערנסט: — פּאָזשאַלויסטיע קאָפּעיעטשקו סדאַטשי! (זייט מוחל, אַ קאָפּיקעלע רעשט!)...

— סאָווערשעננאָ פּראַווילנאָ! (גאַנץ ריכטיק!) — זאָגט לעוונער נאָך מער ערנכט, נעמט אַרויס פון קעשענע אַן אַלט טייסטערל, פאַר־טיפט זיך אין דעם מיט די ברילן, זוכט־אויף אַ קאָפּיקע און דערלאַנגט זי שלום־עליכמען מיט צוויי פינגער, ווי אַ שמעק טאַבאַק, דערביי באַקומט זיין גרויסע שווייגנדיקע פליישיקע נאָז אַ העכסט־פייער־לעכן אויסדרוק.

ט

## מיט שלום־עליכמען און בעל־מחשבותן

דער איינדרוק, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון שלום־עליכמען נאָך זיין ערשטן באַזוך אין דער רעדאַקציע פון דעם „הזמן", איז געווען דורכויס אַן אָנגענעמער. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז פונקט אַזוי האָב איך אים געזען אין דימיון שטענדיק, זינט איך האָב אים דערקענט אין מיינע קינדער־יאָרן דורך זיין „פאָלקסביבליאָטעק". אייגנטלעך, האָט ער מיט אונדז אין דער רעדאקציע זייער ווייניק פאַרבראַכט און ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זאָגן עפּעס נייעס, נאָר פון דעם, ווי אַזוי ער האָט גערעדט און ווי אַזוי ער האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן, האָט געאָטעמט מיט אַזוי פיל גוטער און קלוגער פשטות, אַז ערשט איצט איז מיר רעכט קלאָר געוואָרן, אין וואָס באַשטייט דער גרויסער חן, וואָס שטראַלט אַרויס פון זיינע פשוטע העלדן. ער האָט מיר אויסגע־וויזן, ווי איינער פון זיי, דער שענסטער און בעסטער עקזעמפּליאָר פון זיי, נאָר אָן אַ שפור פון זייער קאָמיזם, ווייל ער אַליין איז געווען דער קלאָר־זעער פון דעם דאָזיקן קאָמיזם און אין זיין אייגענער פערזאָן האָט ער אים אינגאַנצן באַהערשט. ער איז געווען, ווי איך האָב אים תופס געווען באַלד ביים ערשטן מאָל, און נאָך מער — פון מיין שפעטערדיקער, נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט אים, אַ געלייטערטער כת־רילעווקער ייד, וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַלע עכטע, וואָרצלדיקע אייגנשאַפטן פון דער אַלטער גוטער כתרילעווקער היים, נאָר אָן דעם כתרילעווקער שלומפער און אָן דעם שלעכטן בייגעשמאַק פון אָרעמער כתרילעווקער קליינשטעטלדיקייט. די שלעכטע פאַרשטיקטע לופט, וואָס רינגלט אַרום כתרילעווקע, האָט אים ניט אַרומגערינגלט: ווי אַ גרויסער מפונק, מיט אַן איינגעבוירענעם שאַרפן חוש אָפּצוטיילן דעם גוטן ריח פון דעם שלעכטן, האָט ער זיך פון איר, מיט זיין קינסטלעריש־עסטע־

טישן טאַקט, אינגאַנצן באַפרייט. אויך זיין יידיש־רעדן, רייך מיט אַלע היימישע קאָלירן און דורכגעוואַרעמט מיטן אָטעם פון טאַטעס און זיידעס, איז געווען ריין געזיפּט און געלייטערט פונעם כתרילעווער פסולת — אָן די קליינשטעטלדיקע שפּראַך־שמאַטעס און קול־האַוואַיעס, וואָס שלעפּן זיך נאָך ביי אַ סך יידישע אינטעליגענטן בשעת זייער יידיש רעדן, ווי אַן אָרעמע ירושה פון דער ווייטער היימישער אָפּגעלאָזנקייט. ס׳איז פאַרבליבן נאָר דער ריינער, זאַפטיקער יידישער שפּראַך־יאָדער, דער עכטער טראָפּ פונעם יידישן געדאַנקען־גאַנג, דער לויטערער ניגון פון דורות, וואָס קלינגט מיט אָפענער, רעאַלער יידישער איראָניע און מיט באַהאַלטענער לירישער יידישער האַרציקייט. ער איז געווען, אויך אין זיין פּערזענלעכער אַנטפּלעקונג, דער געהויבענער קינסטלער פון כתרילעווקע!

און נאָך אַן אָנגענעמען שטריך האָב איך אין אים דערפילט: ער איז געווען דורך־און־דורך שרייבער — און האָט דאָס אין זיין פּריוואַטן אומגיין מיט מענטשן כמעט פאַרגעסן; ער איז געווען דורך־און־דורך ייד — און האָט זיך ניט „געיידלט״, ניט געבלאָזן פון זיך מיט „יידישקייט״, ניט געקרעכצט אויף „גלות השכינה״; ער איז געווען דורך־און־דורך פאָלקסמענטש — און האָט דאָס ניט אַרויסגעשטעלט ווי אַ גוטע, לויבנסווערטע מידה, ניט געגלאָצט פאָלקסטימלעך מיט די אויגן, ניט געקנייטשט פון זיך קיין פאָלקס־פאַרזאָרגער. איך דערמאָן זיך איצט, ווי איינפאַך מילד ער האָט אין יענער צייט אויסגעקוקט מיט זיינע פריש־פאַרקעמטע לאַנגע האָר, אין דעם שוואַרצן „פּראָלעטאַרישן״ העמדל, — און געפינען אין דעם נאָר אַ קינדעריש־נאַאיוון חשק אונטער־צושטרייכן זיין צוגעבונדנקייט צום ליטעראַריש־דעמאָקראַטישן „צעך״, און קיין שום שפּור פון שריפטשטעלערישער גאווה, פון דיכטערישער אויסדערוויילטקייט, פון פעדער־העלדישער פאַרריסנקייט. נאָך די גרויסע ליטעראַרישע מתנות, וואָס ער האָט געטיילט מיט זיין געבענטשטער לייכטער האַנט אויף רעכטס און אויף לינקס, איז ער געווען זייער רירנד־ליב מיט זיין נאַטירלעך־מענטשלעכער איינפאַכקייט, וואָס איז אָפּט דערגאַנגען ביז עכטער, אומבאַוווסטזיניקער באַשיידנקייט.

איך בין אַוועק פון דער רעדאַקציע, נאָך שלום־עליכמס באַזוך, אין גאַנצן געפאַנגען פון זיין פערזענלעכן חן. און פון דעסטוועגן האָב איך ווי מורא געהאַט צו זוכן ביי אים נעענטערע באַקאַנטשאַפט — עס האָט מיך געשראָקן זיין שאַרפער, פאַרשנדיקער בליק, וואָס ער האָט אויף מיר געוואָרפן פון דער זייט ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש. איך בין נאָך געווען יונג און אומזיכער אין מיינע ערשטע ליטעראַרישע „דעראַ־בערונגען", און כאָטש איך האָב שוין געהאַט די הסכמה און אויפמונ־טערונג פון פרצן און ביאַליקן, איז אָבער שלום־עליכם טיף אין מיין האַרצן ביי מיר געווען פאַררעכנט, ווי דער העכסטער ליטעראַרישער אויטאָריטעט, וואָס זיינער אַ קוק אויף יענעמס אַרבעט איז דער דורכ־דרינגענדיקער קוק פון דעם הויכמייסטער אַליין. איך האָב דעריבער ניט ריזיקירט צו באַזוכן אים פריוואַט און האָב מיך אַפילו ניט נאָכגע־פרעגט, ווו ער געפינט זיך אין ווילנע. איך האָב נאָר געהערט, אַז ער איז אַהער פאַרפאָרן מיט זיין עלטערער טאָכטער, וועלכע וויל זיך דאָ באַזעצן, און אַז מע זעט זיי אָפט ביים ציוניסטישן טוער י. ל. גאָלדבערג אין הויז, און אויך אינעם הויז פון שמעון דובנאָוו, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ ווילנער.

איך אַליין האָב געהאַלטן סטאַנציע ביי אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע אויפן ווינקל פון דער סאַדאָוווער און שאָפען־גאַס. איך האָב דאָרט צוזאַמען מיט מיין פריינד אהרן סינגאַלאָווסקי געגומען צוויי צימערן, און מיר האָבן אין צווייען געפירט אַ בחורשע ווירטשאַפט. אין איין צימער האָב איך געשריבן מיינע זאַכן, און אין דעם אַנדערן צימער האָט ער געגרייט זיינע שאַרפע דיסקוסיעס מיטן „בונד" (ער איז דע־מאָלט געווען אַ הייסער פירער און באַרימטער רעדנער ביי דער ציו־ניסטיש־סאָציאַליסטישער פאַרטיי „עס־עס"). איין מאָל קומט סינגאַ־לאָווסקי אַרויף פון דרויסן, אַ פרישער פונעם פראָסט, מיט אַ יונגן ערנסט־שמייכלענדיקן פנים, און זאָגט מיר אָן אַ בשורה:

— איר ווייסט, ווּעמען מיר האָבן ביי אונדז אין הויז פאַר אַ שכן? איר וועט ניט טרעפן — שלום־עליכמען!

— שלום־עליכם אין אונדזער הויז?!

— ער אַליין, בכבודו ובעצמו! איך האָב אים היינט אין דער פרי באַגעגנט אויף די טרעפּ. איך האָב אים דערקענט נאָך דער קוטשמע!... — זאָגט ער שוין הומאָריסטיש, מיטן לשון פון יענעם יידן אויף דער זאַ־וואַלנאַ־גאַס, וואָס האָט אונדז צום ערשטן מאָל באַוויזן שלום־עליכמען אין אַ שליטן.

דאָס אייגענע האָט מיר אין דער רעדאַקציע באַשטעטיקט אויך ציטראָן, וואָס קיין זאַך איז אים פון ניט געווען פאַרבאָרגן. ער האָט נאָך צוגעגעבן איינצלהייטן: דער אייגנטימער פון דעם הויז, ווו איך וווין, אוציעכאָווסקי איז זיין נאָמען, איז אַ גבאי אין דעם ווילנער יידישן שפּיטאָל „משמרת חולים”; האָט ער אַראָפּגעבראַכט שלום־עליכמען אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט לטובת דעם שפּיטאָל און אים איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אַלס גאַסט. שלום־עליכמס טאָכטער ווידער איז געקומען קיין ווילנע געבן „אוראָקן”, דערווייל וווינט זי ביי באַקאַנטע, און פּרץ הירשביין, זאָגט מען, זוכט פאַר איר אַ דירה.

— נאָר איך זע, — מאַכט צו מיר ציטראָן מיט זיין בלייכן שמייכל אויפן פאַרמעט־גלאַנציקן פּנים, — אַז איר זענט שטאַרק נתפּעל דערפון, וואָס שלום־עליכם איז אייערער אַ שכן. פון וואָס ווערט איר דאָס אַזוי נתפּעל ?...

איך ווייס ניט, פון וואַנען ציטראָן האָט גענומען, אַז איך בין „נתפּעל”. אין דער אמתן, בין איך גאָר געווען אומרואיק, וואָס מיר איז באַשערט צו זיצן מיט שלום־עליכמען אונטער איין דאַך. איצט וועט שוין קיין זאַך ניט העלפן — איך וועל מוזן אַריינקומען צו אים מיט אַ באַזוך.

און אַזוי איז דאָס טאַקע געשען. אין איינעם פון יענע אָוונטן קלינגט אָן צו מיר בעל־מחשבות, וואָס איז דעמאָלט צייטווייליק געזעסן אין זיין געבורט־שטאָט קאָוונע און פלעגט אָפט קומען באַזוכן ווילנע. ער איז געווען אַ סך עלטער פון מיר און האָט שוין פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק; ער האָט זיך אָבער געהאַלטן זייער יונג, און מיט ייִנגערע פון אים איז ער זיך באַגאַנגען פריי און פּראָסט, ווי אַ גלייכער חבר.

— מע האָט מיר געזאָגט אין „הזמן״, — מאַכט ער צו מיר גלייך ביים אַריינקומען, — אַז איר וווינט אין דעם זעלבן הויז, ווו שלום־עליכם. בין איך אַריין אַ קוק טאָן, ווי אַזוי עס לעבן אין ווילנע אונדזערע יונגע טאַלאַנטן... בעסער ווי אין וואַרשע, — זאָגט ער און קוקט אויף די ווענט, — אויב נאָר ס׳איז דאָ ניטאָ קיין וואַנצן... קומט, וועלן מיר אַראָפּ צו שלום־עליכמען — ס׳איז מיר סקוטשנע אַליין צו גיין...

איך האָב אַ ביסל געקווייקלט. בעל־מחשבות האָט מיך אָבער צו־געטריבן.

— קומט, — זאָגט ער, — זייט ניט קיין קליינשטעטלדיקער! ער איז אַ פּראָסטער ייד, שלום־עליכם, און אַ ווילער. עס וועט אייך זיין אָנגענעם מיט אים צו פאַרברענגען אַ האַלבע שעה.

מיר זענען אַראָפּ מיט אַ שטאָק נידעריקער, אַריינגעקומען אין אַ באַלעבאַטיש־פּאַרפּוצטער דירה און געטראָפן שלום־עליכמען איינעם אַליין אין אַ קליינעם זייטיקן צימערל. ער איז געלעגן אין אָנטאָן אויף אַ ווייס־פאַרבעטן בעט און געלייענט אַ בוך. די פּיס האָט ער געהאַלטן אויף אַן אויסגעשפּרייטער צייטונג (דווקא אויף אונדזער „הזמן״), און עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, וואָס צוזאַמען מיטן שוואַרצן „פּראָ־לעטאַרישן״ העמדל טראָגט ער פיינע פרישע לאַקירטע שיך. דערזען געסט, איז ער אויפגעשפּרונגען פונעם בעט מיט דער רירעוודיקייט פון אַ ייִנגל און האָט אונדז געבעטן זיצן.

— איך וועל גיין — זאָגט ער — זוכן אַ מענטשן און הייסן דער־לאַנגען טיי.

— עפּעס אַ פּוסטע שטוב, ווי איך זע? — אינטערעסירט זיך בעל־מחשבות צו וויסן.

— ניין, — זאָגט שלום־עליכם, — די שטוב, מאָלט אייך, איז דווקא ניט קיין פּוסטע, נאָר דער עולם איז זיך ערגעץ צעגאַנגען אין אָונט. אַזוי איז דאָס אַ שטוב פון כל־טוב — פון חדרים מיט חדרימלעך, פון זין מיט שניר, פון חתנים מיט כלות; אַלע אינטעליגענטע יונגעלייט, סטודענטן אין פיינע מונדירן, נאָר מע היט אָפּ דעם אַלטן יידישן שטאָט. אַז דער אַלטער טוט אַ ניס — עפענען זיך באַלד אַלע טירן פון

אַלע חדרים, און די זין מיט די שניר מיט די כלות ענטפערן אַלע אין איין כאָר: „צו געזונט!"... זייער ווילע האַרציקע מענטשן — אַ שאָד, וואָס זיי זענען ליטוואַקעס...

— אין ווילנע זענען אַלע ליטוואַקעס, — באַמערקט בעל־מחשבות מיט אַ שמייכל.

— איך האָב, חלילה, גאָרנישט צו דער ווילנע. אדרבה, אַ טייערע יידישע שטאָט, הלוואי אויף וואַרשע געזאָגט געוואָרן כאָטש האַלב!...

אַרויסגעגאַנגען אין שטוב באַשטעלן טיי, קומט שלום־עליכם צוריק, זעצט זיך אויפן ווייסן בעט, האַלב־אָנגעשפּאַרט אויף די קישנס, און הייבט אָן באַטראַכטן זיינע געסט, גיך איבערווישנדיק מיטן זיידענעם טיכל די ברילן. מיט בעל־מחשבותן, ווי עס ווייזט אויס, איז ער שוין געווען באַקאַנט פון פריער — נעמט ער זיך צו מיר.

— זאָגט נאָר, — רופט ער זיך אָן צו מיר פּלוצעם, אַרויפכאַפּנדיק אויף דער נאָז מיט אַ פלינקער באַוועגונג די גלאַנציקע ברילן, — דאָס האָט איר דאָך געשריבן „מאָשקעלע חזיר" פאַרן קאָנקורס פונעם „הצופה"? לויט אייערע יאָרן איז די דערציילונג ווערט געווען דעם פרייז פון הונדערט קערבלעך. פאַר וואָס אָבער האָט איר עס גערופן „מאָשקעלע חזיר" — ניט דערפאַר, וואָס ביי מיר איז דאָ אַ ראָמאַן מיטן נאָמען „מאָשקעלע גנב"?...

לכתחילה בין איך פון אַזאַ פּלוצעמדיקער פראַגע צעטומלט גע־וואָרן. איך בין אָבער באַלד געקומען צו זיך און אים דערקלערט, אַז דער קאָנקורס אין „הצופה" איז פּובליקירט געוואָרן מיט אַ האַלב יאָר פריער, איידער זיין „מאָשקעלע גנב" איז דערשינען אין דער „פאָלקס־צייטונג", אַזוי אַז איך האָב, שרייבנדיק מיין דערציילונג, ניט געקאָנט וויסן, אַז ער וועט דרוקן אַ ראָמאַן מיט אַן ענלעכן נאָמען.

— מעגלעך, — זאָגט שלום־עליכם מיט אַזאַ מינע, פון וועלכער איך בין ניט אינגאַנצן זיכער, אַז ער גלייבט מיין דערקלערונג. — די ביידע זאַכן האָבן טאַקע צווישן זיך קיין שום ענלעכקייט ניט; דער עולם קאָן דאָ אָבער פאַרבייטן די יוצרות נאָר צוליב זייערע ענלעכע נעמען. און יונגע שרייבער דאַרפן זיין געהיט אַפילו מיט די נעמען

פון זייערע ווערק. אַ נאָמען פאַר אַ ווערק איז ווי אַ היטל פאַר אַ קאָפּ. יעדער קאָפּ מוז זיך צופּאַסן זיין היטל. אַנו, פּרווּט אויף טשיקאַווּעס אַנטאָן אויף אייער קאָפּ מיינס אַ היטל — וואָס פאַר אַ פּנים וועט איר דעמאָלט האָבן ?...

איך האָב ניט־ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן וועגן זיין אויסטערלישער אַרטיסטישער קוטשמע. איך בין דאָ אָבער געווען גאָט די נשמה שולדיק און האָב ניט פאַרשטאַנען, למאי ער רעדט דאָס צו מיר. אַ ביסל אַרויסגעהאָלפן פון מיין שווערער לאַגע האָט מיך בעל־מחשבות. ער האָט אים אַ פרעג געטאָן גאַנץ ערנסט:

— ווי איך זע, האָט איר גאָר קיין חשק ניט צו שאַפן אַרום זיך אַ שולע פון יונגע יידישע בעלעטריסטן, וואָס זאָלן גיין אין אייערע וועגן ?

— ניין ! — זאָגט שלום־עליכם שאַרף. — איך בין ניט קיין „גוטער ייד" און האַלט ניט פון פראַווען טישן און וויל ניט, אַז חסידים זאָלן פון מיר כאַפן שיריים. איך לאָז איבער די אַרבעט פאַר פּרצן.

און דאָ האָט זיך פאַרבונדן אַ געשפּרעך וועגן פּרצן, מיט וועמען שלום־עליכם האָט ערשט ניט לאַנג פערזענלעך זיך באַקענט אין וואַרשע. איך ווייס עד היום ניט, ווי אַזוי ס'איז פאָרגעקומען די ערשטע באַגעגעניש צווישןביידע שריפטשטעלער — שלום־עליכם האָט וועגן דעם קיין מאָל ניט גערעדט. איך ווייס נאָר, אַז אין זיינע ווערטער יענעם אָוונט האָט זיך געפילט אַ באַהאַלטענער פאַרדראָס, כמעט אַ ביטערקייט. ער איז עטלעכע מאָל אויפגעשטאַנען פונעם בעט, זיך דורכגעגאַנגען איבערן קליינעם חדרל אָן ווערטער, מיט אַן ערנסטן, פאַרזאָרגטן אויסדרוק אין די שאַרפע קנייטשן פונעם פּנים. און אַז ער האָט גערעדט, האָט זיך גערדאַכט, ווי ער וואָלט עפּעס אַראָפּגערעדט פונעם האַרצן. געני איבערגעבן איצט זיין געשפּרעך — נעם איך זיך ניט אונטער. איך באַמי זיך נאָר אויפצושטעלן אין מיין זכרון דעם אינהאַלט פון זיינע ווערטער. און דער אינהאַלט, ווי ווייט איך געדענק, איז געווען אַזוי :

— פּרץ פּראַוועט טישן, ווייל ער איז אין גרונט מער חסידישער רבי. ווי שרייבער. וואָלט ער זיך כאָטש באַמיט צו זיין אַזאַ, ווי אונדזערע פּשוטע וואָלינער „גוטע יידן" — ווי אַ „שפּאָלער זיידע", ווי אַ רבי לוי יצחק פון באַרדיטשעוו, וואָס זענען אַליין געווען פאָלקס־מענטשן און דאָס פאָלק האָט זיי פאַרשטאַנען. איז ער אָבער אַ פּוילישער „צדיק" — אַ בעל־גאווה קעגן דעם פאָלק, האַלט זיך מיטן פאָלק מעשה פּריץ, רעכנט דעם המון־עם נידעריקער פון זיך, רעדט מיט אים ניט אויף זיין שפּראַך, נאָר זאָגט פאַר אים טיפע „תורה" — פול מיט כוונות, מיט רמזים, מיט פינטעלעך... רינגלט זיך אַרום מיט יונגע־לייטלעך — „חסידים", צווישן זיי אַ סך גאָרנישטן, פליאַסקעדריגעס, וואָס באַמקען־צו צו יעדן האַלבן וואָרט זיינעם, קומען אַריין אין קעל־בערנע התפעלות פון יעדן ווונק זיינעם, פון יעדן קנייטש מיטן ברעם: „אַי־אַי, ס'איז דאָך פּלאי פּלאים!"... פאַר דער יונגער יידישער בעלעט־ריסטיק איז דאָס אַ געפאַר, וואָס פּרץ ווערט איר וועג־ווייזער, וואָרעם ס'איז נאָך אַ ספק, צי פּרץ אַליין, מיט זיין גרויסן טאַלאַנט, געהערט צו דער בעלעטריסטיק — ער געהערט אפשר ערגעץ אַנדערשוווּ. אַ וועג־ווייזער פאַר בעלעטריסטן מעג זיין אַזאַ ווי טאָלסטאָי, אַזאַ ווי טשעכאָוו, וואָס מאַכן ניט קיין אָנשטעלן, שרעקן ניט דעם עולם מיט זייער טיפער חכמה, שרייבן ניט קיין פינטעלעך, נאָר רעדן אָפענע, קלאָרע דיבורים, וואָס אַלע פאַרשטייען זיי. אָט ביי ווּעמען מיר דאַרפן זיך אַלע לערנען, ווי אַזוי צו שרייבן! פון פּרצעס „טישן" און פון פּרצעס „תורה" וועלן ביי אונדז נאָר זיך ווידמענען ליטעראַרישע פליאַסקעדריגעס...

שלום־עליכם האָט אויך גערעדט וועגן פּרצעס יידיש, אַז עס איז מער אַ לאָקאַלער דיאַלעקט פון געוויסע פּוילישע גובערניעס, איידער אַ יידישע שפּראַך. „יידיש שרייבן" —האָט ער געזאָגט, — „וואָלט מען, דאַכט זיך, שוין געמעגט גיין לערנען זיך ביים זיידן, ביי אַבראַמאָ־וויטשן, וואָס כאָטש ער איז געבוירן אַ ליטוואַק, האָט ער אָבער אַזוי מייסטערהאַפט צוזאַמענגעגאָסן דאָס ליטווישע מיטן וואָלינישן, אַז ס'איז דערפון אַרויסגעקומען איין שפּראַך, און וואָס פאַר אַ שפּראַך! איז אָבער ניין! אונדזערע פליאַסקעדריגעס לערנען זיך אַפילו יידיש שרייבן ביי

פרצן. און דער דאָזיקער פרץ איז אין דער שפּראַך עפּעס אַ ווילדער צולהכעיסניק. אַז די גאַנצע וועלט, למשל, זאָגט „עמיצער" — שפּאַרט ער זיך איין און שרייבט דווקא „עמיץ"! פּאַר וואָס „עמיץ"? מסתמא דערפּאַר, וואָס ערגעץ אין אַ געסל אין דער שטאָט זאַמאָשטש האָט אַ ייד אַ מלמד, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו שלינגען האַלבע ווערטער, אַ מאָל געזאָגט „עמיץ"... נו־נו! שרייבן שוין איצט אַלע חסידימלעך „עמיץ". אַפילו געבראָטענע ליטוואַקעס! ס'איז געוואָרן אַ מין פּאַספּאָרט פון מאָדערניזם: שרייבסטו „עמיץ" — ביסטו דאָך פון אונדזערע לייט, אַן „עמיציסט"...

אין דער מינוט האָט די דינסט אָנגעקלאַפּט אין טיר, געבראַכט צו טראָגן טיי.

— שאַט! — הייבט זיך אויף שלום־עליכם פונעם בעט און טוט אויף אונדז אַ בליץ מיט זיינע ברילן. — עמיץ קלאַפּט שוין אין טיר!...

בעל־מחשבות האָט די גאַנצע צייט מער געשמייכלט ווי גערעדט, און האָט זיך כמעט ניט איינגעשטעלט פאַר פרצן. ס'איז אים, אַפּנים, געווען אינטערעסאַנט אויסצוהערן שלום־עליכמען. ער אַליין האָט אויך געכאַפּט אַ קליינע פּאָרציע. שלום־עליכם האָט אים פירגעהאַלטן, למאי ער שרייבט נאָך אַלץ דייטשמעריש. „מילא פריער, אַז איר פלעגט זיך אונטערשרייבן אונטער אייערע אַרטיקלען „גר־צדק", האָט איר געמעגט שרייבן יידיש, ווי אַ גר; אָבער איצט זענט איר דאָך עפּעס אַ בעל־מחשבות!"...

אַרויסגעגאַנגען פון שלום־עליכמען און זיך געלאָזט שפּאַצירן ביי־נאַכט איבער ווילנער גאַסן, זאָגט צו מיר בעל־מחשבות:

— אַ האַרץ פילט אַ האַרץ. פונקט אַזוי קריכט פּרץ פון דער הויט צו פאַרלייקענען שלום־עליכמען. און איר ווייסט — ס'איז נאַטירלעך אַזוי. שרייבער דאַרפן ניט זיין צוקער־זיס איינער צום אַנדערן. איר געדענקט, ווי אַזוי דאָסטאָיעווסקי האָט אין זיין „ביעסי" חוזק געמאַכט פון טורגעניעוון?... שרייבער זענען ווי ווייבער — זיי קאָנען ניט פאַר־טראָגן איינע די אַנדערע. נאָך אַ גליק, וואָס דאָ זענען די ווייבער כאָטש ביידע שיינע, נישט קיין מיאוסקייטן...

י

# פאַרן ווילנער עולם

דער שלום־עליכם־אָוונט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן פונעם ווילנער יידישן שפּיטאָל „משמרת־חולים", איז פאַר ווילנער יידן געווען אַ גאַנצער יום־טוב. אין דעם גרויסן העל־באַלויכטענעם שטאָטישן זאַל, ווו דער אָוונט איז פאָרגעקומען, האָבן זיך פאַרזאַמלט יידן פון אַלע שיכטן און פון אַלע מינים, יונג און אַלט — פון די חשובע ווילנער גבירים און שטאָט־פאַרזאָרגערס, ביז דעם געמיינעם המון־עם, פון אָפּגעפּוצטע רוסיפיצירטע אינטעליגענטן ביז אַלטמאָדישע פרומע יידן. עס האָבן זיך אומגעדרייט איבערן זאַל, אין אָפּגעזונדערטע קליינע גרופּעס, איינגעהאַלטן, געלאַסן, ווי אויף אַ נייטראַלן באָדן, אויך בונדיסטן און פּועלי־ציון — דאָס רוב בחורים מיט סאַמעטענע בערדלעך און לאַנגע האָר, אין רויטע און שוואַרצע העמדלעך. פון אונדזער רעדאַקציע „הזמן" איז אָפּגערעדט — מיר אַלע זענען געקומען אויסגעצוואָגענע, ווי מחותנים אויף אַן אייגענער חתונה. אַפילו הלל צייטלין, וואָס האָט זיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן מיט זיין אויסערלעכקייט, האָט לכבוד דעם אָוונט אָנגעטאָן אַ שבתדיקן שוואַרצן אָנצוג — און האָט געמאַכט אַ היפּשן איינדרוק אויף ווילנער באַלעבאַטישע טעכטער מיט זיין יונגן ווילד־באַוואַקסענעם און פילאָזאָפיש־צעשויבערטן קאָפּ האָר און מיט זיין רויט־ברענענדיקער באָרד. „ער זעט אויס, ווי מיכאַיילאָווסקי" — האָבן וועגן אים שטיל גערעדט אינטעליגענטע ווילנער ווייבלעך מיט פרום־דאָרשטיקע מאַנדל־אויגן, אַזעלכע וואָס האָבן מסתמא געלייענט מיכאַילאָווסקיס דיקן זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסוואָ" און אין דער שטיל „מיטגעפילט" מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. נאָר איין ציטראָן האָט וואָכעדיק אַרויסגעקוקט ערגעץ פון אַ ווינקל מיט זיין בלייכן שמייכל אויפן גלאַנציק־פאַרמעטענעם פּנים, און כאָטש ער האָט

לכבוד שלום־עליכמען זיך איבערגעטאָן אין אַ שמאָלן אַלט־מאָדישן סור־דוטל מיט אָפּגעריבענע אַטלאַסענע לאַצן, האָט ער אויסגעזעען אויף דער שמחה עפּעס פרעמדלעך, ווי אַ קליינשטעטלדיקער ווייטער קרוב — פון יענעם מין ווייטע קרובים, וואָס מישן זיך ניט אויס מיט דעם טומלדיקן פריילעכן עולם און ווערן פון דער גאַנצער שמחה ווינציק־וואָס נתפּעל. די אמתע נאָענטע קרובים זענען דאָ אפשר געווען די פּשוטע ווילנער יידן, קרעמער און קליינע סוחרים, אויסגעפּוצטע אין שוואַרצע שבתדיקע קאַפּאָטעס און אין פאַרגעלטע גומענע מאַנישקעס. זיי זענען אַהער געקומען מיט ווייבער און קינדער, ווי אויף אַ זעלטענעם משפּחה־יום־טוב, און האָבן מיט ערלעכע, לעכצנדיקע פּנימער אַרויס־געקוקט אויף דעם בעל־שמחה אַליין — אויף דעם, וואָס האָט יאָרן־לאַנג געקוויקט זייערע הערצער מיט זיינע ליכטיקע מעשיות, ווי אַ גוטער ליכטיקער כישופמאַכער, און היינטיקן אָוונט וועט ער זיך באַווייזן פאַר זיי אויף אָט דער נאָענטער בינע אין זיין רעאַלן מענטשלעכן געשטאַלט.

נאָר ניט אַזוי גיך האָט זיך שלום־עליכם באַוויזן. אַנשטאָט אים האָבן דערווייל זיך אומגעדרייט אויף דער בינע עפּעס יונגע בחורימלעך און מיידלעך מיט געדיכט־אָנגעפּאַרבטע פּנימער, מיט אָנגעקלעפּטע נעז און אין פלאַקסענע פּאַריקן. די אַראַנזשירער פון דער שמחה האָבן גע־וואָלט יוצא זיין קעגן דער ווילנער רוסיפיצירטער אינטעליגענץ און האָבן צו דעם שלום־עליכם־פּראָגראַם צוגעגעבן אַן אומזיסטע פּרעמיע — אַן אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונג אויף רוסיש. די פאָרשטעלונג האָט גע־טראָגן אַן עקזאָטישן נאָמען „פּאָד סאָלנצעם יוגאַ״ — אונטער דער זון פונעם דרום, הייסט עס, — און אויף די דעקאָראַציעס האָט מען טאַקע געקאָנט זען בפירוש אויסגעמאָלט פרישע פּעט־גלאַנציקע פלאַנצונגען, וואָס האָבן געכאַפּט דעם אָנבליק פון פּאַלמעס, און איבער זיי — אַ גרויסן געלן קירבעס, וואָס האָט באַדאַרפט סימבאָליזירן די הייסע זון פונעם דרום. די שפּילער, ווילנער באַלעבאַטישע קינדער, דערוואַקסענע גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, האָבן געהאָרעוועט אויף דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל היפּשע עטלעכע וואָכן פריער, נאָר אַזוי ווי היינט איז געווען די „פּרעמיערע״, האָבן זיי נאָך געטאַפּט אין דער פינצטער, זיך גע־

פלאָנטערט אין דער עברי און אַריינגעפאַלן איינע די אַנדערע אין די אַרויסטרעטונגען און אין די רעפּליקעס. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקען אויף זיי — עס האָט פון זיי געגאָסן מיט טייכן שווייס. ביים ערשטן אַקט, כל־זמן די זאַך איז נאָך געווען פריש, איז דער עולם געזעסן געדולדיק: מען איז פשוט טשיקאַווע געווען צו זען, וואָס וועט דאָ פאָרקומען אונטער דער זון פונעם דרום? אַז מע האָט אָבער אַ צווייטן מאָל פונאַנדערגענומען דעם ווייסן ליילעך אויף דער בינע און געגעבן צו וויסן, אַז עס קומט אַ צווייטער אַקט, און די יונגע אויסגע־פייניקטע אַקטיאָרן האָבן ווידער גענומען זיך פּלאָנטען איינער אין דעם אַנדערנס רייד און קוקען מיט די פאַרשוויצטע פאַרצווייפלטע פּנימער צו דעם סופלערסביידל — האָט שוין דער עולם אָנגעהויבן ווערן נערוועז: וואָס טוט זיך עס דאָרטן, אונטער דער זון פונעם דרום? עפּעס קאָן מען פון די יונגעלייט גאָר קיין טאָלק ניט דערגיין! און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַ שטייגער — אויסצובאַהאַלטן שלום־עליכמען פון אַן עולם מיט יידן צוליב עפּעס אַ זון פונעם דרום, וואָס זעט סך־הכל אויס, ווי אַ געלער קירבעס! דער זייגער איז דאָך שוין האַלב עלף!...

הויך פּראָטעסטירן און מאַכן עפנטלעכע סקאַנדאַלן איז אָבער ניט אין דער טבע פון ווילנער יידן, וואָס האַלטן זיך זייער סטאַ־טעטשנע. האָט מען זיך שטילערהייט אויפגעהויבן פון די בענקלעך, אויסגעדרייט זיך מיט די רוקנס צו דער בינע און זיך צעשפּרייט קופּ־קעסווייז איבערן גרויסן זאַל און איבער די חדרים וואָס אַרום דעם זאַל, איבערגעלאָזט די יונגע פאַרשוויצטע אַקטיאָרן אין זייער פאַר־פּלאָנטעטן ענין גאַנץ אַליין. ביסלעכווייז זענען פון די קופּקעס געוואָרן היפּשע רעדלעך, דאָס געדרעדעריי אין זאַל און אין די אַרומיקע חדרים האָט זיך צעוואַקסן, געוואָרן אַלץ העכער און טומלדיקער, ביז עס האָט אינגאַנצן פאַרהילכט דאָס שפּילן פון די פאַרמוטשעטע אַמאַטאָרן אויף דער בינע. דער עולם איז שוין געווען שטאַרק אויפגעבראַכט, זיך גע־נומען היצן.

— וואָס דרייען זיי דאָרט אַ היטל מיט דער „סאָלצנע” פון „יוג” (מיט דער זון פון דרום)? אין דרויסן איז דאָך גאָר ווינטער, עס שיט אַ שניי!...

— ווי געפעלט דאָס אייך? געלאָפן אַהער אָן אָטעם פון אַנטאָקאָל, געוועלט הערן שלום־עליכמען — טראָגט מען מיר אונטער גאָר אַ גוייִשן טריאַטער!

— וואָסער טעאַטער? יינגלעך מיט מיידלעך שפּילן פּורים־שפּיל! אַז זיי קאָנען דאָך נעבאַך ניט! ס׳איז פּשוט אַ בזיון פאַר שלום־עליכמען! וואָס וועט ער דערויף זאָגן?...

— זייט רואיק — ער וועט שוין דערפון עפּעס מאַכן פאַרן בלאַט! עס וועט שוין זיין פון וואָס צו לאַכן!...

— ביי אים אין די הענט וועט שוין פון ווילנע ווערן כתרילעווקע!...

— הערט, יידן, ס׳איז דאָך אָבער קיין תכלית ניט, ס׳איז שוין באַלד עלף אַ זייגער. ביז וואַנען וועט מען האַלטן דעם עולם?

— די זאַך איז עפּעס ניט אַזוי גלאַט.

— וואָס הייסט ניט גלאַט?

— ס׳איז אַ סברה, אַז שלום־עליכם איז גאָר אין ווילנע ניטאָ. אַזוי זאָגן זיי דאָרטן.

— אַ שיינע מעשה! ווו דען איז ער?

— ביי זיך אין דער היים מסתמא — אין קיִעוו.

— ניט אין קיִעוו, נאָר אין באָברויסק.

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט שלום־עליכם מיט באָברויסק? ער איז דען אַ באָברויסקער?

— קיין באָברויסקער איז ער ניט. ער איז אָבער געפאָרן קיין באָברויסק זיך ווייזן פאַרן עולם, געדאַרפט אַרויספאָרן אַהער קיין ווילנע — און פּשוט פאַרשפּעטיקט דעם פּאָיעזד.

— וואָס דערציילן זיי אייך בבא־מעשיות — באָברויסק? אָט געפינט זיך דאָך דאָ אין זאַל זיין טאָכטער!

— וועמענס טאָכטער?

— זיין אייגענע טאָכטער. שלום־עליכמס טאָכטער.

— שלום־עליכם האָט דאָ אַ טאָכטער אין ווילנע? ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— מיר דאַרף מען ניט זאָגן. איך ווייס אַליין. איך קען די מענטשן,

ביי ווענען זי האַלט סטאַנציע. אָט איז זי דאָ ערשט געשטאַנען מיט אירער אַ חברטע.

— טאַקע באמת? כדאי אַ קוק צו טאָן אויף שלום־עליכמס אַ טאָכטער... ווי אַזוי זעט זי אויס?

— ווי אַזוי זאָל זי אויסזען? אַ יידיש קינד...

— פאַרשטייט זיך, אַ יידיש קינד. ווי באַלד זי איז שלום־עליכמס טאָכטער, איז זי געוויס אַ יידיש קינד... הערט אַ מעשה! האָט גאָר שלום־עליכם דאָ אַ טאָכטער! וואָס טוט זי דאָ ביי אונדז אין ווילנע?

— ווו טאָכטער? ווער טאָכטער? איך האָב גאָר געהערט, אַז שלום־עליכם האָט בלויז זין, ניט קיין טעכטער!

— און איך האָב געהערט פונקט קאַפּויר: אַז שלום־עליכם האָט בלויז טעכטער, ניט קיין זין...

די פראַגע, צי שלום־עליכם האָט בלויז זין, צי האָט ער בלויז טעכטער, איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, ווייל אין מיטן איז געשען אַ נס. די אויסגעמוטשעטע, האַלב־פאַרחלשטע אַמאַטאָרן האָבן זיך פּלוצעם אַרומגעזען, אַז זייער שפּיל איז פאַרן טייוול, קיינער הערט זיי ניט און וויל זיי ניט הערן — האָבן זיי גיך אָפּגעכאַפּט דאָס לעצטע ביסל עברי, ווי יוצא צו זיין פאַר זייער אייגענעם געוויסן, פאַרצויגן דעם ווייסן ליילעך און נעלם געוואָרן פון דער בינע. באַלד האָט מען אָפּגעראַמט די דעקאָראַציעס, אַוועקגעטראָגן ערגעץ אין אַ פינצטערן ווינקל די פעט־געפּאַרבטע פּאַלמעס מיטן געלן קירבעס, אַוועקגעשטעלט אויף דער בינע אַ טישל מיט צוויי ברענענדיקע ליכט, און איבערן זאַל האָט זיך צעטראָגן די לאַנג־געגאַרטע בשורה, אַז שלום־עליכם איז שוין דאָ! פון אַלע אַרומיקע חדרים און קאָרידאָרן האָט אַ שפּאַר געטאָן דער פאַרשיידנפאַרביקער עולם, געלאָפן פאַרכאַפּן ערטער, אָנגעפּאַקט דעם גרויסן זאַל קאָפּ אויף קאָפּ. אויף דער בינע, ביים טישל מיט די ברענענדיקע ליכט, אַרומגערינגלט מיט די אויסדערוויילטע פאָרשטייער פון דער שטאָט ווילנע, איז שוין געשטאַנען שלום־עליכם, אַ בלייכער, אַ שמייכלענדיקער, אַ פייער־לעכער — אָנגעטאָן שוין ניט אינעם פּראָלעטאַרישן העמדל, נאָר אין אַ פּאַראַדנעם שוואַרצן סורדוט, אין אַן עלעגאַנטן געשטרייפטן סאַמעטענעם

זשילעט און אין אַ ווייס־געפּרעסטן העמד מיט אַ ווייסן שניפּס. ער איז געשטאַנען שטיל־איינגעהאַלטן, ווי עטוואָס באַרוישט פון דער לאַנגער הייסער אָוואַציע, וואָס האָט געשטורעמט אַקעגן אים פון דער טויזנט־קעפּיקער פריידיקער מאַסע. יידן מיט ברוגזע בערד האָבן צו אים גע־שמייכלט מיטן ליכטיקסטן שמייכל, און בר־מצווה־יינגלעך מיט צע־פלאַמטע פּנימלעך האָבן צו אים הייס און פלייסיק געפּאַטשט מיט זייערע יונגע רירעוודיקע הענטלעך. און אָט האָט ער זיך שוין אַוועקגעזעצט ביים טישל, צווישן ביידע ברענענדיקע ליכט, אַ מיש געטאָן אין אַ ביכל עטלעכע בלעטלעך, געוואָרפן אויפן עולם אַ ליכטיקן קוק פון זיינע גלאַנציקעברילן — און דער גאַנצער זאַל, ווי איין מענטש, איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן.

„ווען איך בין רויטשילד — אַ מאָנאָלאָג פון אַ כתרילעווקער מלמד!״ — האָט דורך דער שטילקייט פון זאַל ווייך און קלאָר דורכגעקלונגען שלום־עליכמס לירישער טענאָר, און איבער אַלע פּנימער האָט זיך צעגאָסן אַ שמייכל פון נחתדיקער דערוואַרטונג. איך בין געשטאַנען פון דער זייט, צווישן די, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו פאַרכאַפּן ערטער, און בין געווען נישט ווייניקער אָנגעשטרענגט פון אַלע אַנדערע אַרום מיר, וואָס ענדלעך וועל איך הערן, ווי אַזוי שלום־עליכם אַליין לייענט פאָר זיינע ווערק. מע האָט שוין דעמאָלט דערציילט פון אים, אַז ער איז אַ זעלטענער, אומפאַרגלייכלעכער פאָרלייענער פון זיינע אייגענע ווערק, און איך האָב זיך געגרייט צו הערן עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. און כאָטש מיינע באַ־גריפן וועגן אַקטיאָרישן שפּיל און אַקטיאָרישער דעקלאַמאַציע זענען נאָך געווען זייער באַגרענעצט, בין איך דאָך איבערראַשט געוואָרן פון זיין איינפאַכער, נאַטירלעכער מייסטערשאַפט אין לייענען, פון זיין שטילן איינגעהאַלטענעם טאָן, פון זיין טיפן ערנסטן טאַקט, מיט וועלכן ער האָט פאַרטיפט און פאַרפיינערט זיין אייגענעם הומאָר און האָט אים צוגעגעבן דעם חן פון טיפן אמת. דורך זיין לייענען איז דאָס אומנאַטירלעכע געוואָרן נאַטירלעך, דאָס אומגלויבלעכע — גלויבלעך. זיין מייסטערשאַפט האָט זיך אַרויסבאַוויזן ניט אין פעטע שטריכן, ניט אין שטאַרקער באַטאָנונג, ניט אין איבערגעטריבענער זשעסטיקולאַציע, נאָר פאַרקערט — אין

פיינעם שטילן טראָפּ, אין געלייטערטן ניגון, אין קאַרגן, נאָר טיפּישן יידישן זשעסט. איין בויג פון דער שטים, איין הייב מיט דער האַנט — און אַ העלער בליציקער שייַן באַלייכט די גאַנצע פּערזאָן, די גאַנצע סי־טואַציע. פּונקט ווי אין זיין פּריוואַטן יידיש־רעדן, אַזוי אויך אין זיין עפנטלעכן פאָרלייענען איז ער געווען ריין פון קליינשטעטלדיקע האַ־וואַיעס, פון שפּראַכלעכע און וואָקאַלע איבערטרייבונגען, פון אַקטיאָריי־שער נייגונג איבערצוקרימען די שלעכטע געוווינשאַפטן פון דער יידישער פיזיק. אַז איך דערמאָן מיך איצט, ווי אַזוי שלום־עליכם פלעגט זיך אַליין אויסטייטשן אין זיינע פאָרלעזונגען, ווי אַזוי ער האָט געגעבן דעם יידישן מענטשן אין שטים און זשעסט — טראַכט איך ניט ווילנדיק, אַז יידישע אַקטיאָרן וואָלטן פון אים אַ סך געקאָנט לערנען, און נאָך מער וואָלטן פון אים באַדאַרפט לערנען די זעלבסט־געקרוינטע אויסטייטשער זיינע, די אַזוי־גערופענע „שלום־עליכם־פאָרלייענער״, מיט וועלכע די יידישע גאַס איז פול געוואָרן — די וואָס „טייטשן״ אים אויפן האַמעטנעם בורלעסקען שטייגער, וואָס וויקלען אים אין זייערע אייגענע שפּראַך־און־שטים־שמאַטעס, וואָס פאַרוואַנדלען זיין לויטערן קלוגן הומאָר אין נאַרישן חוזק פון פּריזבע־לצים...

דאָס זענען אָבער שוין שפּעטערדיקע געדאַנקען. דעמאָלט, בשעת איך בין געשטאַנען צווישן ווילנער יידן און צוזאַמען מיט זיי אַרויפ־געקוקט אויף דער בינע, ווו שלום־עליכם איז געזעסן אַ יום־טובדיקער צווישן צוויי ברענענדיקע ליכט און מיט טיפער איינגעהאַלטענער פייער־לעכקייט געלייענט פאַר אונדז קאַפּיטלען פון כתרילעווקע — האָב איך געהאַט נאָר איין געדאַנק: אַז צו אונדז, ליטוואַקעס, איז אַראָפּגעקומען אַ מייסטער פון מרחקים, געבראַכט מיט זיך אַ זעלטענע מגילה, וואָס ער אַליין האָט זי אָנגעשריבן און ער אַליין איז איר וווּנדערלעכער בעל־קורא, און כאָטש זיין שפּראַך איז אַ ביסל אַנדערש געווירצט פון אונדזערער און זיין ניגון איז ווייכער און זיסער פון אונדזערן — גיסן זיך זיינע ווערטער צו אונדז אין האַרצן אַריין, ווי אייגענער גוטער יום־טובדיקער ווייַן. איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַן אויסדרוק ביי מיר אויפן פּנים איז אין יענע מינוטן געווען; ביי מיינע שכנים און ביים גאַנצן עולם מיט

יידן, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם זאַל, האָב איך אויף די פּנימער געזען ליכטיקן עקסטאַז פון טיפער ליבשאַפט צום מייסטער פון מרחקים. דער זאַל האָט געהילכט פון געלעכטער, נאָר צווישן איין געלעכטער און דעם אַנדערן האָבן די פּנימער סתם געקוואָלן, געקוקט אַרויף צו דער בינע און געקוואָלן.

אין אַנטראַקט צווישן די פאָרלעזונגען איז מיט מיר פּערזענלעך געשען עפּעס, וואָס איז מיר געווען זייער אָנגענעם — וואָס איך האָב אָבער דעמאָלט נאָך ניט געוווּסט, ווי ווייט ערנסט דאָס וועט פאַר מיר ווערן שפּעטער: אַ באַקאַנטע פריילין האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר שלום־עליכמס טאָכטער. מיר זענען געשטאַנען זאַלבעדריט צווישן דעם שטייענדיקן עולם און געהערט די ווייטערדיקע פאָרלעזונג. איבערראַשט האָט מיך, וואָס שלום־עליכמס טאָכטער קוקט אַרויף צום פאָטער מיטן זעלבן ליכטיקן עקסטאַז, וואָס ביים איבעריקן עולם, פּונקט ווי זי זעט אים און הערט אים צום ערשטן מאָל, און אין דעם אָפענעם צוטרויליכן שמייכל פון אירע אויגן האָט זיך געפילט די נאַטירלעכע איינפאַכקייט פון איר פאָטער.

אונטער דעם איינדרוק פון שלום־עליכמס פאָרלעזונג האָב איך אויף מאָרגן אָנגעשריבן וועגן דעם אַן אַרטיקל פאַרן „הזמן", און אַזוי ווי איך האָב זיך זשענירט אָפן צו לויבן שלום־עליכמען, האָב איך זיך באַהאַלטן אונטערן פּסעוודאָנים „ב. ליטוואַק". דערמיט האָב איך ווי אַ כוונה געהאַט צו באַדאַנקען שלום־עליכמען אין נאָמען פון אַלע ווילנער ליטוואַקעס.

אַז איך בין געקומען אין דער רעדאַקציע זען די קאָרעקטור פון מיין אַרטיקל, האָט מיך ציטראָן, דער קאָרעקטאָר, אַ ווײַלע שטום באַטראַכט מיט זיין בלייכן שמייכל אויפן גלאַנציק־פאַרמעטענעם פּנים.

— איר האָט זיך עס — זאָגט ער צו מיר מיט דער פאַרלאָשענער פּיפּקע צווישן די ציין — אַ ביסל צעזונגען, ווי אַן אמתער סאָלאָוויי!

— פאַראַן עפּעס גרייזן? — פרעג איך אים און וויל אָפּווענדן די רייד פון דער דאָזיקער טעמע.

— גרייזן? — זאָגט ער — ס'איז איין גרויסער גרייז פונעם אָנהייב ביזן סוף! איר הייבט אויף שלום־עליכמען אויף דרוקעס. איך האָב אין

אייער אַרטיקל איבערגעציילט אפשר צען מאָל „הסופר החביב” (דער באַ־
ליבטער שרייבער)... ער האָט דאָס גאָרניט פאַרדינט!

— ביי מיר האָט ער עס פאַרדינט!

— ביי אייך? מיט וואָס?... אפשר ווילט איר זיך גאָר איינקויפן ביי
אים פאַר אַן איידעם?...

— וואָס עפּעס אין מיטן דרינען אַן איידעם?

— אַזוי, — זאָגט ער מיט זיין בלייכן שמייכל און פּיפּקעט אָקעגן
מיר מיט דער פאַרלאָשענער פּיפּקע. — איך האָב געזען, ווי אַזוי איר
זענט געשטאַנען מיט זיין טאָכטער עפּעס זייער פאַרטיפט אין אַ שמועס.

קיין זאַך איז פון ציטראָנס אויגן ניט פאַרבאָרגן!...

יא

# מיין ערשטע העברעאישע איבערזעצונג פון שלום־עליכם

איין מאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן, באַלד נאָך שלום־עליכמס אָונט אין ווילנע, שטיי איך אויף אַ ביסל שפּעטלעך אויפן טאָג און געפין ביי מיר אין צימער אויפן טישל אַ פּאַפּיר פון שלום־עליכמען, געשריבן אויף העברעאיש מיט אַ רויטער בלייפעדער און מיט גרויסע שיטערע אותיות:

„אדוני פריץ בערקאָוויץ! כשתקום משנתך, תמחול לרדת אלי למטה.

שלום־עליכם".

אויף יידיש הייסט דאָס: „פריץ מיינער בערקאָוויטש! אַז איר וועט אויפשטיין פון שלאָף, וועט איר מוחל זיין אַראָפּגיין צו מיר אונטן".

מיין באַלעבאָסטע, דורכגענומען דורך דער פּאַסירונג מיט גאָר אַ פרישן רעספּעקט צו מיר, דערציילט מיר מיט אַ ליכטיקן פּנים, אַז שלום־עליכם איז דאָ געווען גאַנץ פרי. זי האָט געוואָלט מיך אויפוועקן, האָט שלום־עליכם ניט דערלאָזט. „זאָל ער זיך בעסער אויסשלאָפן, וועט ער אויפשטיין מיט אַ קלאָרן קאָפּ"... אַזוי האָט ער געזאָגט. טאַקע מיט די ווערטער.

פאַרשטיי איך שוין, אַז דער „אדוני פריץ" באַציט זיך אויף מיין שפּעט שלאָפן, און אויפן האַרצן ווערט מיר אי ליכטיק, אי קאַלעמוטנע. ליכטיק — וואָס שלום־עליכם האָט מיר אַרויסבאַוויזן חברשאַפט, ניט געשיקט רופן מיך צו אים, נאָר איז אַליין אַרויפגעקומען צו מיר. און קאַלעמוטנע — למאַי ער האָט זיך אַליין מטריח געווען צו מיר און האָט מיך גראָד געטראָפן שפּעט שלאָפנדיק, און האָט דאָס אַפילו איראָניש באַטאָנט אין זיין רויטן צעטל. און וואָס, אַ שטייגער, האָט ער געמיינט

מיט דעם, אַז איך זאָל אויפשטיין מיט אַ קלאָרן קאָפּ — אויף וואָס דאַרף ער מיין קלאָרן קאָפּ?...

לאַנג טראַכטן האָב איך אָבער איצט ניט געטאָרט. איך האָב מיך אויף גיך פאַרטיק געמאַכט און בין אַראָפּ, אַ רעכט ביסל אָנגעשרויפט, אין אוציעכאָווסקיס אונטערשטער דירה, וווּ שלום־עליכם איז איינגעשטאַנען.

איך האָב געטראָפן שלום־עליכמען ביי דער אַרבעט. ער האָט פאַרטיפט עפּעס געשריבן, זיצנדיק שטאַרק אָנגעבויגן, ווי צוגעשמידט, צו אַ קליינעם טישל, אויף וועלכן עס זענען געווען אָנגעוואָרפן העפטלעך פּאַפּיר, קליינע בלאָקנאָטן, אויך אַ היפשער אויסוואַל פון אַלערליי פּענעס און פאַרביקע שטיפטלעך. דערביי איז אויף אַ שטול געשטאַנען אַן אָפן רענצל, וואָס האָט עדות־געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע שרייב־מאַטעריאַל איז גענומען פון דאַנען.

שלום־עליכם האָט מיך באַגריסט אָן ווערטער, מיט אַ שטומען מאַך מיטן קאָפּ, אָנגעוויזן מיט דער האַנט, איך זאָל זיצן, און האָט ווייטער געשריבן. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַ שטרענגער מינע פון אַ פאַרנומענעם מענטשן, וואָס האָט דייטלעך גערעדט, אַז איצט דאַרף מען אים ניט שטערן. צו דער זעלבער צייט איז דאָס אָבער געווען אַ מילדע שטרענגקייט, פאַרווייכט דורך גוטן, היימישן צוטרוי, אַזוי אַז איך האָב זיך אין זיין קליינעם צימערל באַלד דערפילט פריי און לייכט און בין גרייט געווען צו זיצן און וואַרטן אַזוי לאַנג, ווי דאָס וועט נייטיק זיין. אַגב, האָב איך דערווייל געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן פון דער נאָענט זיין אויסטערליש חנעוודיק געזיכט און זיין גאַנץ וועזן, פון וועלכן עס האָט איצט געאָטעמט מיט פרימאָרגנדיקער פרישקייט און ציכטיקייט, מיט פרימאָרגנדיקן פלייס צו אַרבעט. איך מוז מיך מודה זיין, אַז לכתחילה האָט זיך ביי מיר פאַרגנבעט אַ חשד, צי פאַזירט ער דאָ ניט פאַר אַ יונגן מענטשן מיט איבערגעטריבענעם ליטעראַרישן פלייס? זיין ברייטער געקאַרבטער שטערן מיט די פאָטערלעך־ערנסטע בראָדעווקעס איז אָבער געווען אַזוי ערלעך פאַרטיפט אין דער אַרבעט, און זיין רירעוודיקע, נערוועזע האַנט מיט די ווייכע אַרומגעביסענע שפּיץ־פינגער

איז אַזוי פלינק און פעסט געלאָפן איבערן פּאַפּיר, אַרויסגעבראַכט איין שורה נאָך דער אַנדערער, — אַז דער מינדסטער פּאַרדאַכט וועגן פּאָזע האָט געמוזט פאַרשווינדן. אַדרבה, וואָס לענגער איך בין דאָ מיט אים געזעסן, אַלץ מער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער האָט אָן מיר אין גאַנצן פאַרגעסן — אַזוי פאַרשלונגען איז ער געווען פון דער אַרבעט.

ענדלעך האָט ער פאַרענדיקט דאָס שרייבן, צונויפגענומען פון דעם טישל די צעוואָרפענע בלעטלעך, איבערגעלייענט, אַריינגעלייגט זיי אין קאָנווערטן און אויף די קאָנווערטן אָנגעשריבן אַדרעסן. דאָס אַלץ איז אָפּגעטאָן געוואָרן גיך און גוט, מיט אַ באַזונדער רירעוודיקער פּינקט־לעכקייט, און אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס האָט ער געשריבן ניט קיין ליטעראַרישע „שאַפונג״, נאָר פּשוטע בריוו, האָב איך שוין אין גאַנצן חרטה געהאַט אויף מיין פריערדיקן פאַרדאַכט, — וואָרעם מיט בריוו שרייבן וועט דאָך אַ באַרימטער שרייבער ניט וועלן מאַכן קיין אָנשטעלן.

פאַרטיק געוואָרן מיט די בריוו, האָט שלום־עליכם אויסגעגלייכט דעם רוקן, מיט איין פלינקער באַוועגונג אַראָפּגעכאַפּט די ברילן, ווי איינער וואָס טרייסלט זיך אָפּ פון אַ שווערער משא, און פּלוצעם זיך אַ קער געטאָן צו מיר מיט אַ ליכטיקן גוטן בליק:

— הייסט עס, — זאָגט ער מיט אַ שמייכל, ווי ער וואָלט זיך אומגע־קערט צו אַן איבערגעריסענעם שמועס פון פריער, — אַז ביי אייך אין דער ווילנע שלאָפט מען, קיין עין־הרע, זייער שפּעט?...

צו אַזאַ פראַגע בין איך דווקא געווען צוגעגרייט, און איך ענטפער אים גלייך מיט אַ געוויסער דאָזע פון יונגער באַרימעריי:

— איך בין נעכטן געזעסן שפּעט, געאַרבעט ביז האַלבער נאַכט...

— אַזוי? געזעסן און געשריבן? — פרעגט שלום־עליכם שוין זייער ערנסט, און פון דעסטוועגן דאַכט זיך מיר, אַז אין זיין קול הערט זיך איראָניע. — זאָגט זשע מיר, דאָס זענט איר דער „ליטוואַק״, וואָס האָט אין דעם „הזמן״ געשריבן וועגן מיין אָוונט?

— דאָס — זאָג איך — איז אַ סוד פון דער רעדאַקציע.

— מאָלט אייך, — זאָגט שלום־עליכם, — אַז דעם דאָזיקן סוד

פון דער רעדאַקציע האָט מען מיר אַנטפּלעקט טאַקע אין אייער רע־דאַקציע גופא: ס'איז דאָ ביי אייך אַ ייד פון סודות, ציטראָן הייסט ער...

איך קאָן ניט זאָגן, אַז מיך פאַרדריסט, וואָס מיין סוד איז אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר שלום־עליכמען. אדרבה, איך וואָלט שוין וועלן הערן, ווי אַזוי שלום־עליכם האָט מיין אַרטיקל אויפגענומען. נאָר פון דעם שווייגט ער. ער זאָגט נאָר:

— מילא, ניט דאָס איז דער עיקר. איך האָב צו אייך אַן אַנדער ענין.

און ער דערציילט מיר אין פשטות, אין וואָס דער אַנדער ענין באַשטייט: אַזוי ווי ס'איז געבליבן נאָר עטלעכע טעג ביז פורים, און דער „הזמן" פאַרלאַנגט פון אים דורכויס אַ פעליעטאָן פאַרן פורימדיקן בלאַט, און ער איז אונטערוועגנס, ס'איז אים שווערלעך אַליין צו שרייבן העברעאיש, „ווייל צו העברעאיש מוז מען זיך אַ ביסל אונטערגאַרטלען",— על כן איז אפשר אַ סברה, אַז ער וועט דעם פעליעטאָן אָנשרייבן אין יידיש און איך זאָל אים גלייך איבערזעצן אויף העברעאיש? ער האָט מיין שרייבן טאַקע זייער ווייניק געלייענט, נאָר פון דעם ביסל, וואָס ער האָט געלייענט, דאַכט זיך אים, אַז איך בין פון די יונגעלייט, וואָס „יכלען"... אויב מיין איבערזעצן וועט אים געפעלן, קאָן איך ביי אים האָבן שטענדיקע באַשעפטיקונג — ער וועט מיר געבן איבערצוזעצן זיינע פעליעטאָנען אויך פאַר די וואַרשעווער העברעאישע צייטונגען, ווו ער איז אַ שטענ־דיקער מיטאַרבעטער...

פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן אָנבאָט ווער איך אַ היפּש ביסל צעטומלט. פון איין זייט גיט מיר אַ בליץ אין געדאַנק מיין אַמאָליקער ווונטש פון די יינגלשע יאָרן איבערצוזעצן שלום־עליכמען אויף העב־רעאיש, און איך בין איבעראַשט, וואָס איך בין פּלוצעם צוגעקומען דערצו אַזוי נאָענט. פון דער אַנדערער זייט שרעקט מיך אָבער די דאָזיקע נאָענטקייט: ווער ווייסט, צי וועל איך אַזאַ ריזיקאַלישע אַרבעט קאָנען בייקומען? וואָרעם סתם איבערזעצן שלום־עליכמען, ווי מע זעצט אים איבער אין די וואַרשעווער העברעאישע צייטונגען — דאָס וויל איך ניט: ער קומט דאָרט אַרויס עפּעס ווי אַן אָפּגעמעקטער, פאַרלירט זיין גאַנצן חן. נאָר מער פון אַלץ אַרט מיך דאָ אַ באַהאַלטענער עגאָאיסטישער

מאַטיוו: דאָס, וואָס שלום־עליכם וויל מיך אונטערקויפן מיט „שטענדיקער באַשעפטיקונג". ווי עס ווייזט אויס, מאַכט ער מיך אַליין עפּעס גאָר צו קליינגעלט: מיינע זאַכן, זאָגט ער זיך אָפּ אַזוי לייכט, האָט ער ניט געלייענט, און ער ווייסט אַפילו ניט, אַז איך בין אין „הזמן" כמעט אַ רעדאַקטאָר. ער מיינט מיך פּראָסט צו דינגען פאַר זיינעם אַן איבער־זעצער — און דאָס פאַרדריסט מיך ביז איןביין!

— ניין! — זאָג איך צו אים גאַנץ שאַרף. — איך קאָן זיך ניט פאַרנעמען מיט איבערזעצונגען!

— מיט איבערזעצונגען? — שמייכלט שלום־עליכם. — עס האַנדלט זיך דערוויילע סך־הכל וועגן איין איבערזעצונג. וואָס ווייטער וועט זיין — וועלן מיר זען שפּעטער...

— אַז איך האַלט ניט דערביי! איך בין פאַרנומען מיט שרייבן מיינע אייגענע זאַכן!...

— ווי אַלט זענט איר, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר? — גיט מיך שלום־עליכם פּלוצעם אַ פרעג עפּעס ווי ניט צו דער זאַך. — מע האָט מיר, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז נאָך ניט קיין פולע אַכצן?...

— איך בין שוין באַלד צוואַנציק! — כאַפּ איך אויף זיין איראָניע און טו אַ זאָג אַ טיף־באַליידיקטער.

— בקיצור, — מאַכט צו מיר שלום־עליכם אין גוטן חברשן טאָן און גיט אויף מיר אַ וואַרעמען בליק מיט גוטע, ליבע, שמייכלענדיקע אויגן, — קומט מיט מיר אין דער רעדאַקציע אַריין און מיר וועלן זיך ביידע נעמען פאַר דער אַרבעט. איר וועט זען, אַז עס וועט ביי אונדז גיין, ווי אַ מזמור. און טאָמער וועט אייך אויסקומען שווערלעך, וועל איך אייך אַרויסהעלפן...

אונטער דעם דאָזיקן וואַרעמען קלוגן קוק פון שלום־עליכמס פאָטער־לעכע אויגן ווערט מיין יינגלשער שטאָלץ אינגאַנצן צעשמאָלצן, און איך גיב זיך באַלד אונטער. מיר רעדן־אָפּ, אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין דער רעדאַקציע פון דעם „הזמן" איינס אַ זייגער, בעת דער עולם צעגייט זיך מיטאָג עסן, כדי קיינער זאָל אונדז ניט שטערן.

פונקט איינס אַ זייגער איז שלום־עליכם שוין אין דער רעדאַקציע

אין זיין צעשפּילעטן פּוטער מיט דעם קאַראַקולנעם קאָלנער און אין זיין חנעוודיקער אַרטיסטישער קוטשמע. ער גייט דורך מיט זיין גיכן גאַנג די אָפּגעליידיקטע צימערן פון דער אַלמנה ראָמס גרויסער דירה און קומט־צו צו מיין טישל, ווו איך וואַרט אויף אים מיט אומגעדולד.

— סאַראַ מחיה, — זאָגט ער צו מיר, נאָכמאַכנדיק דעם ליטווישן יידיש, — ניטאָ קיין לעבעדיקע נעפאַשע...

ס'איז אָבער ניט געווען אין גאַנצן ריכטיק. איין לעבעדיקע „נע־פאַשע" האָט זיך מיט אונדז יאָ געפונען. פון הינטער דעם הויכן קאָרעק־טאַר־שטענדער האָט צו אונדז אַרויסגעקוקט ציטראָנס פאַרמעט־גלאַנצנדיק פנים מיטן בלייכן שמייכל און מיט דער אויסגעלאָשענער פּיפּקע צווישן די ציין. ציטראָן האָט זיך ניט געאיילט אַוועקצוגיין, בשעת אין דער רעדאַקציע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן צוויי פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען.

שלום־עליכם נעמט אַרויס אַ קליין בלאָקנאָטל, רייסט אויס פון דעם אַ צען פאַרשריבענע בלעטלעך און גיט זיי מיר איבער. פאַר דער קורצער צייט, זינט איך בין ביי אים געווען, האָט ער שוין באַוויזן אָנצושרייבן אַ היפּשן טייל פון דעם פורימדיקן פעליעטאָן. ער זאָגט צו מיר:

— אַנו, לייענט דאָס אויף טשיקאַוועס דורך און נעמט זיך גלייך צו דער אַרבעט. איך וועל דערווייל שרייבן ווייטער.

מיר זעצן זיך אַוועקביידע ביי צוויי טישן: איך — ביי מיינעם, און שלום־עליכם — אַ ביסל דערווייטערט פון מיר, ביי הלל צייטלינס טיש. איך נעם מיט אַ באַזונדער געפיל שלום־עליכמס מאַנוסקריפּט צום ערשטן מאָל אין מיינע הענט און קאָן מיך ניט זאַט אָנקוקן אין זיין חנעוודיקן, לעבעדיקן, שמייכלענדיקן כתב, וואָס גיסט זיך צוזאַמען אַזוי האַרמאָניש מיט זיין ליכטיקער, ליבער יידישער שפּראַך. עס פאַרדריסט מיך נאָר, וואָס דער אינהאַלט פון דעם שיינעם מאַנוסקריפּט איז גראָד היינט, ווי עס דאַכט זיך מיר, צו לייכט, צו שיטער... ס'איז אַ מעשה, וואָס טראָגט דעם נאָמען „המן און מרדכי אין כתרילעווקע", און עס ווערט דאָ דערציילט, ווי אַזוי אין כתרילעווקע זענען פאַרפאָרן אין אַן אַכסניה אַ פּריץ מיט אַ יידן, ביידע אָנגעטאָן אין מאָדנע מלבושים, און אַז די כתרילעווקער האָבן געפרעגט דעם יידן, ווער זיי זענען, האָט

דער ייד געענטפערט אויף לשון־קודש, מיט דער ספרדישער הברה, אַז זיין נאָמען איז „מרדכי היהודי״, און אַז זיין פריצס נאָמען איז „המן בן המדתא האגגי״ — און אין כתרילעווקע האָט זיך דערפון פאַרקאָכט אַ קאַשע. וואָס פאַר אַ קאַשע — קאָן מען נאָך ניט וויסן: דאָס שרייבט ערשט שלום־עליכם איצט ביים צווייטן טיש...

עס האָט מיר אַפילו אויסגעזוען אומנאַטירלעך, איך זאָל נעמען איבער־זעצן אַ זאַך, וואָס איך ווייס נאָך ניט קלאָר איר אינהאַלט, נאָר ס'איז מיר געפעלן געוואָרן אַזאַ מין ספּאָרט, און איך האָב מיך אָנגעצונדן מיט שלום־עליכמס פלייס און בין גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. ביי מיר איז גראָד דעמאָלט געוועזן אַ פּעריאָד פון איבערשוימענדיקער יונגער ענערגיע, ווי עס טרעפט ביי יעדן אָנפאַנגער אין די ערשטע הייסע יאָרן. אַחוץ וואָס איך האָב געשריבן דערציילונגען איינע נאָך דער אַנדערער, האָב איך אין „הזמן״ געגעבן אַ וועכנטלעכן פעליעטאָן, און פאַרן פורימדיקן נומער האָב איך שוין געהאַט צוגעגרייט עטלעכע זאַכן מיט אַ מאָל — פון וואָס דער אַלטער טאַוויאָוו האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן און האָט געזאָגט אָפן פאַר אַלעמען, אַז דער „תינוק״ (דאָס קינד) האַלט, קיין עין־הרע, אין וואַקסן... דער זעלבער אינערלעכער מוט איז מיר בייגעשטאַנען אויך ביי מיין ערשטער איבערזעצונג פון שלום־עליכם. איך האָב גלייך געכאַפּט דעם ריכטיקן טאָן, זיך פאַרטיפט אין דער אַרבעט, און עס האָט לאַנג ניט געדויערט ביז איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט די ערשטע צען בלעטלעך. עס זענען געווען עטלעכע שווערע פלעצער, ווו שלום־עליכמס אידיאָמאַטישער הומאָר האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט איבערגיסן אויף העברעאיש — האָב איך זיי פאַרביטן אויף העברעאישע עקוויוואַ־לענטן, וואָס האָבן זיך גראָד גוט צוגעפּאַסט צום אינהאַלט. אַז שלום־עליכם האָט דאָס איבערגעלייענט, איז דאָס אים דווקא שטאַרק געפעלן. „אָט דאָס איז גוט! — זאָגט ער. — איך האָב פיינט, אַז דער איבערזעצער גייט מיר נאָך, ווי אַ קעלבל, קייט מיר איבער מיינע ווערטער אויף העברעאיש. דער איבערזעצער דאַרף זיך האַלטן פריי!... נאָר וואָס דען? עס פעלן דאָ עטלעכע פסוקים... צו ווייניק פסוקים״...

— וואָסערע פסוקים? — וווּנדער איך מיך.

— פסוקים פון תנ"ך, פון מדרש... מע דאַרף געפינען נאָך עטלעכע פיינע פסוקים, וואָס זאָלן טרעפן אין קאַרב אַריין! לשון־קודש האָט ליב וואָס מער פסוקים...

מיט דעם האָב איך ניט געקאָנט מסכים זיין און האָב זיך געשטעלט אַקעגן. די צען איבערגעזעצטע בלעטלעך זענען מיר שוין טייער געוואָרן, ווי אייגענע, און איך האָב זיי געוואָלט אויסהיטן פון אַן אומנייטיקן באַלאַסט פון פסוקים — און איך האָב אויסגעפירט.

נאָך די ערשטע צען בלעטלעך איז די אַרבעט ביי אונדז אַוועק ווי אַ מזמור. שלום־עליכם האָט מיר פון זיין טיש געוואָרפן אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל, און איך האָב זיי גלייך פאַרשלונגען אין דער איבערזעצונג. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ מין געוועט צווישן אונדזביידן — ווער וועמען וועט איבעריאָגן? און נאָך איידער דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך צונויפֿ־קומען נאָך מיטאָג אין דער רעדאַקציע, זענען מיר מיט דער אַרבעט פאַרטיק געוואָרן.

דאָס הייסט, דער פעליעטאָן, ווי אַ גאַנצע זאַך, איז ניט פאַרענדיקט געוואָרן. שלום־עליכם האָט זיך אַרומגעזען אַז די מעשה פאַרציט זיך צו לאַנג, האָט ער זי אָפגעהאַקט אין מיטן און האָט צוגעשריבן: „פאָרט־זעצונג קומט, אם ירצה השם, איבער אַ יאָר פורים"... שפעטער מיט יאָרן האָט ער די זעלבע טעמע עטלעכע מאָל באַאַרבעט אונטערן נאָמען „דער פריץ מיטן יידן".

אַז איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער איבערזעצונג, נעמט ביי מיר שלום־עליכם מיין מאַנוסקריפט און לייענט דאָס זייער אויפמערקזאַם, און איך קוק אים גלייך אין די אויגן. איך זע, אַז די אויגן ביי אים שמייכלען זייער ליכטיק — דאַכט זיך, אַ גוטער סימן? איך וואַרט מיט אַ קלאַפנדיקן האַרצן צו הערן זיין מיינונג. נאָר ער שטייט ביי מיין טישל, לייענט די בלעטלעך זייער בנעימותדיק, שמייכלט ליכטיק, און קיין מיינונג הערט מען פון אים ניט. און מיט אַ מאָל רופט ער זיך אָן:

— אַ פראַכטפול כתב ביי אייך, כמעט ענלעך אויף מיינעם... ניין, עס כאַפּט מער דעם אָנבליק פון אַבראַמאָוויטשעס [מענדעלעס] האַנט־

שריפט... אויסגעקיילעכיקט, דערפירט ביזן לעצטן שטריך... אַ ליטוויש כתב... ווער האָט אייך דער ערשטער געלערנט שרייבן?

— אַ רבי.

— מיך האָט אויך געלערנט אַ רבי. רב זרחל האָט ער געהייסן. ווי אַזוי האָט געהייסן אייער רבי?

— שמואל מיכל, — זאָג איך מיט זייער אַ געפאַלענעם קול, וואָרעם איך בין שוין מער ווי זיכער, אַז דאָס, וואָס שלום־עליכם רעדט אַזוי לאַנג פון מיין כתב, איז דער בעסטער סימן, אַז די איבערזעצונג אַליין טויג אויף כפרות.

ס׳איז מיר נאָר אַ חידוש, וואָס ער שמייכלט אַזוי ליכטיק — לייענט און שמייכלט!

— און דאָס לשון — זאָגט ווייטער שלום־עליכם, קוקנדיק אין די בלעטלעך — איז אויך ניט שלעכט... ניין, טאַקע גוט, בפירוש גוט! אויס־געצייכנט גוט!... ס׳איז פונקט צוגעפּאַסט — ס׳איז כאשר אָהבתי (ווי איך האָב ליב)!...

ס׳איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן, און דער אופן, ווי אַזוי ער האָט מיר דאָ אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן מיין אַרבעט, באַקומט ביי מיר אין די אויגן דעם זיבעטן חן.

דעם מאַנוסקריפּט לאָזט שלום־עליכם ביי מיר, איך זאָל עס איבער־געבן אין דער דרוקעריי. און אַרויסגייענדיק פון דער רעדאַקציע זאָגט ער צו מיר:

— דעם האָנאָראַר וועלן מיר האַלבירן — מיר אַ העלפט, אייך אַ העלפט.

— ניין! — זאָג איך שאַרף. — איך וועל ביי אייך קיין געצאָלט ניט נעמען!

— וואָס הייסט? — פרעגט שלום־עליכם דערשטוינט.

דערציילן אים, אַז מיטן געלט וועט ער מיר פאַרשווערכן מיין גאַנצע פרייד — פּאַסט מיר ניט. געפין איך גלייך אַ תירוץ:

— איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין איבערזעצער!

שלום־עליכם זעט אויס שטאַרק אומצופרידן.

— אויב אַזוי, — זאָגט ער, — איז דאָס געווען אַ מקח־טעות. ווען איך ווייס דאָס פריער, וואָלט איך געזוכט אַן אַנדערן. איר האָט מיך פשוט פאַרפירט!... קומט זשע כאָטש אַריין מיט מיר אין אַ רעסטאָראַן — איר קערט דאָך זיין מסתמא גוט הונגעריק!...

— ניין, — שפאַר איך מיך שוין איין באַליידיקט, ניט ווּיסנדיק אַליין, פון וואָס, — איך מוז ערגעץ גיין — מע וואַרט אויף מיר...

שלום־עליכם שטעלט זיך אָפּ און קוקט מיך אָן מיט זיינע שאַרפע ברילן.

— איר ווייסט — זאָגט ער — וואָס איך וועל אייך זאָגן? איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ ווילדער... ליטוואַק!

יב

## שווערע טעג

נאָך אונדזערע ערשטע באַגעגענישן, אין פאַרלויף פון זומער 1905, איז שלום־עליכם געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין ווילנע, הויפּטזעכלעך צוליב זיין טאָכטער, וואָס האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן. ער האָט אָנגעהויבן אָפט אַרויספאָרן אויף פאָרלעזונגען איבער די גרעסערע שטעט פון דער ליטע און די באַלטישע געגנטן, און די צענטראַלע סטאַנציע אויף די דאָזיקע נסיעות איז פאַר אים געווען ווילנע, וווהין ער פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן פונעם וועג אויף עטלעכע טעג זיך זען מיט דער טאָכטער און אָפּרוען אין דעם קרייז פון זיינע נייע פריינד, וואָס ער האָט זיך געשאַפן צווישן די „ליטוואַקעס". ער האָט זיך אין ווילנע גיך אַקלימאַטיזירט, געפילט זיך דאָרט, ווי אין דער היים, ליב געהאַט צו שפּאַצירן דווקא אין די ענגע און געדיכטע יידישע געסלעך, איבער די אַלטע שמאָלינקע טראָטואַרלעך, ווו פאַר צוויי מענטשן איז שווערלעך צו גיין צוזאַמען און ניט אַראָפּגעשטופּט צו ווערן פונעם וועג דורך פאַרבייגייער. שלום־עליכם האָט אָבער דערצו געפונען אַ מיטל: ער פלעגט זיך אָפּטיילן פון זיינע באַגלייטער, אַריבערלויפן אויפן טראָטואַרל פון דער צווייטער זייט גאַס, און פון דער ווייטן פאָרזעצן מיט זיי דעם שפּאַציר און דעם שמועס, אַריבערוואַרפנדיק די ווערטער הויך אויפן קול איבער די קעפּ פון די דורכגייער און דורכפאָרער. דערמיט האָט ער געוואָלט דעמאָנסטרירן די ענגשאַפט און היימישקייט פון ווילנער גאַסן, און דאָס דאָזיקע קינדערשע שפּיל האָט אים שטאַרק אַמוזירט. מיט די ווילנער קרעמער און קרעמערינס האָט ער גערעדט עכט ווילנער לשון, מיט דער ליטווישער „סין", פלינק אויסגעקליבן ווערטער מיט גאָלע „שינען", דערביי האָט ער אַפילו קיין פינטל ניט געטאָן מיט אַן אויג, זיך געהאַלטן אַזוי ערנסט און נאַטירלעך, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ

שניפּישאָקער אַ געבוירענער. בכלל האָט ער זיך צווישן די ערלעכע און גוטהאַרציקע ווילנער געפילט זייער וואויל, און די ווילדע, פּרימיטיווע אָפּגעפרעמדקייט, וואָס אַ וואָרצלדיקער אוקראַאינער ייד טראָגט אין האַרצן קעגן „ליטוואַקעס״, איז דאָ ביי אים אַ היפּש ביסל מילדער געוואָרן.

יענעם זומער האָט שלום־עליכם דורכגעמאַכט זייער אַ ביטער שטיקל צייט, אפשר דאָס ביטערסטע פון אַלע זיינע שווער־דורכגעלעבטע שריפט־שטעלער־יאָרן. דער חלום וועגן גרינדן אין ווילנע אַ יידיש בלאַט צוזאַמען מיט די לייט פונעם „הזמן״ איז ביסלעכווייז צערונען געוואָרן. פון דעם „פריינד״, וואָס איז דעמאָלט געבליבן די איינציקע יידישע צייטונג אין רוסלאַנד, האָט ער זיך אין גאַנצן אָפּגעריסן, און די בריקן צו דער קיִעווער בערזע זענען שוין לאַנג געווען פאַרברענט. דאָס הויז אין קיִעוו האָט מען אָבער געמוזט פירן „מיט לייטן גלייך״, לויט דער אינערציע פון די פריערדיקע גוטע יאָרן, די אונטערגעוואַקסענע קינדער האָבן באַדאַרפט באַקומען ניט קיין ערגערע דערציאונג, ווי עס האָבן באַקומען אין די רוסישע גימנאַזיעס קינדער פון אַלע אַנדערע יידיש־באַלעבאַטישע הייזער. די באַדערפענישן זענען געווען גרויס — און די קוואַלן פון עקזיסטענץ זענען אַלע אויסגעטריקנט געוואָרן. שלום־עליכמען איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, נאָר צו לאָזן זיך אויף אַ נייעם וועג, וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען אין גאַנצן פרעמד דעם יידישן שרייבער — פאָרן פון שטאָט צו שטאָט און פאָרלייענען זיינע ווערק פאַר יידישע קינדער אויף בילעטן. דער עולם האָט אים טאַקע אומעטום אויפגענומען מיט גרויס כבוד, זיין אָנקומען אין יעדער שטאָט איז פאַר דער יידישער באַפעל־קערונג געווען אַ היפּשער יום־טוב, און ער אַליין, לויט זיין קינסטלעריש־נייגעריקער נאַטור, האָט פון אַזאַ סאָרט איבערלעבונגען באַדאַרפט זיין שטאַרק באַפרידיקט: ער האָט שטענדיק ליב געהאַט נייע שטעט, נייע מענטשן, נייע זעאונגען, וועלכע ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך, ווי אַ דאָרשטיקער שוואָם. און פון דעסטוועגן פלעגט ער צוריקקומען פון די דאָזיקע נסיעות אַ מידער, אַ געדריקטער, עפּעס ווי אַ היימלאָזער — אַרויסגעשלאָגן ניט נאָר פון זיין גוטער היימישער אַטמאָספער, אין וועלכער ער איז געווען איינגעוואַקסן מיט לייב און זעל, נאָר אויך פון

זיין גייסטיקן גלייכגעוויכט. איך האָב שוין דעמאָלט זיך נאָענט באַקענט מיט זיין טאָכטער, מיין צוקינפטיקער פרוי, און פלעג אים אָפט טרעפן ביי איר אין צימער נאָך אַזאַ צוריקקער פון זיינע שריפטשטעלעריש־אַרטיסטישע טריאומפן, ווי ער רוט זיך אָפּ אויף דער סאָפע האַלב־אָנגעשפּאַרט, מיט אַן אויסגעבלייכטן געזיכט און מיד־פאַרמאַכטע אויגן — ער האָט דאָ אויסגעזען אין זיין שמאָלן שוואַרצן העמדל אַזוי קינדיש־איינזאַם, אַזוי טרויעריק באַלוינט פאַר זיין ליכטיקן טאַלאַנט. ער האָט אויך דעמאָלט, ווי אַלע מאָל, שאַרפזיניק געשפּאַסט, געווען רירעוודיק־טרעפלעך אין זיינע איינפאַלן, נאָר אונטער דער לייכטער מאַסקע, אין די פריצייטיקע שאַרפע קנייטשן פון זיין יונגן פנים, האָט זיך טיף גענעסט אַ באַהאַלטענער עגמת־נפש. איצט, אַז איך טראַכט פון יענע טעג, קע־נענדיק זיין אָפּטימיסטישע גבורה און זיין ביטחונדיקע באַציאונג צו די שוועריקייטן פון לעבן, בין איך גענייגט צו גלייבן, אַז דאָס איז געווען ניט דווקא עגמת־נפש איבער דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, נאָר עפּעס טיפערס דערפון: עס איז אים ניט אַזוי לייכט איינגעגאַנגען זיין נייער וועג פון נייע רוישנדיקע נצחונות אויף דער עסטראַדע. ער האָט זיך אַליין געפרוווט טרייסטן, אַז דאָס איז, אייגנטלעך, קיין נייעס ניט אין דער שריפטשטעלערישער וועלט: דיקענס, דער גרויסער ענגלישער הומאָריסט, וואָס איז געווען זיין ליטעראַרישער אידעאַל זינט דער סאַמע יוגנט, איז אויך אַרומגעפאָרן אין דער פרעמד און פאָרגעלייענט זיינע ווערק פאַר געצאָלט. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז אין אָדעס און אין וואַרשע קוקט מען קרום, ווערט מיט באַדויער און ווער מיט ביטול, אויף זיין נייער „פרנסה", מיט וועלכער ער „פאַרשוועכט" די שריפטשטעלערישע ווערדע. און טיף אין האַרצן האָט מסתמא געטאָטשעט אַ וואָרעם, אַז אָט זיצט מענדעלע אין אָדעס אין זיין קאָלאָסאַלן קאַבינעט, אַרומגערינגלט פון הויכע ווענט מיט ספרים, אַן אָפּגעהיטער, אַ געלייטערטער, אַ באַרוטער אויף זיין ליטעראַרישן כבוד, און אָט פראַוועט פרץ אין וואַרשע די עבודה פון אַ כהן־גדול, אינגאַנצן איינגעוויקלט אין וואָלקנס פון זיסן געווירצטן קטורת, און נאָר ער אַליין, איינער פון דעם אָנערקענטן דריילינג, אפשר דער עכטסטער פון זיי און באַליבטסטער ביים פאָלק, — אים איז

אַנגעצייכנט אַרומצודרייען זיך אין דרויסן, זיין נע־ונד, אַ מין וואַנדערנ־דיקער אַקטיאָר, שלאָפן אין וואַגאָנעס, פאַרשפעטיקן צוגן, געערט ווערן פון קליינשטעטלדיקע אינטעליגענטן, וואָס פּאַטשען אים „שלום־עליכמדיק״ אין פּלייצע און דערציילן אים נודנע אַנעקדאָטן...

איך האָב שוין געזאָגט אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, אַז ס׳איז ניט באַקאַנט, ווי אַזוי פּרץ האָט אויפגענומען שלום־עליכמען אין וואַרשע, און צי האָט ער מיט אים בכלל זיך באַגעגנט. לויט אַלע וואָר־שיינלעכקייטן האָט פּרץ, דעמאָלט צעוואַרעמט פון פּרוכטבאַרן שאַפן און צעבאַלעוועט פון די אינטעליגענטישע קרייזן, געלאָזט פילן שלום־עליכמען, צי פּערזענלעך, צי דורך ליטעראַרישע פּאָטשטן־טרעגערס, אַז ער שעצט אים ניט אַזוי הויך. ניט אומזיסט האָט שלום־עליכם יענעם זומער זיך שטאַרק געטוליעט צו פרישמאַנען, וועלכער איז געווען פּרצעס שאַרפער קעגנער און אייביקער פאַרלייקענער. שלום־עליכם האָט אין די ערשטע זומער־חדשים באַזוכט וואַרשע עטלעכע מאָל. איין מאָל איז ער אַהין אַרויסגערופן געוואָרן צו דער פּוילישער פאָרשטעלונג פון זיין פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט״. זיין מאַטעריעלע לאַגע איז אָבער געווען אַזוי טרויעריק, אַז ער האָט פּשוט ניט געהאַט אויף אַ באַן־בילעט און האָט ניט געקאָנט קומען צו דער פּרעמיערע. ער איז געקומען קיין וואַרשע צו דער צווייטער פאָרשטעלונג, און דער יידישער עולם אין טעאַטער האָט אים געמאַכט אַ שטורעמדיקע אָוואַציע. עס איז געווען אַ גרויסע יידישע פּאַסירונג: צום ערשטן מאָל האָט דאָס וואַרשעווער פּוילישע טעאַטער אויפגעפירט אַ יידישע פּיעסע, איבערגעזעצט פון יידיש. און פון דעסטוועגן האָט פּרץ, וואָס האָט שטענדיק געשפּילט די ראָל פון דעם ליטעראַרישן מכניס־אורחים אין וואַרשע, ניט אַרויסגעוויזן שלום־עליכמען די מידה פון גאַסטפריינדלעכקייט און מיט קיין זאַך אין דער שמחה זיך נישט באַטייליקט.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז שלום־עליכם פאַרפאָרן אויף עטלעכע טעג קיין ווילנע, און איך געדענק, אַז די שטימונג ביי אים איז געווען אַ גע־מישטע: פון איין זייט איז ער געווען אויפגעוואַרעמט פון דעם הייסן קבלת־פּנים, וואָס ער האָט באַקומען אין טעאַטער פונעם ברייטן עולם,

און פון דער אַנדערער זייט האָט אים אין דער שטיל געקרענקט די פרעמדע, קאַלטע באַציאונג פון די אייגענע קאָלעגן. איין מאָל אין אַן אָוונט בין איך אַריינגעקומען אין דער רעדאַקציע פונעם „הזמן" און געטראָפן שלום־עליכמעןביים טיש פון י. בערשאַדסקין, דעם סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע, אין אַ טיף־אויפגערעגטן צושטאַנד: נאָמבערג האָט אָפּגעדרוקט אינעם וואַרשעווער „הצופה" אַ גרינגשעצנדיקע קריטיק איבער „צעזייט און צעשפּרייט", האָט שלום־עליכם איצט געבראַכט אַן ענטפער אויף דער קריטיק און וויל, אַז דאָס זאָל גלייך געדרוקט ווערן אינעם „הזמן". בערשאַדסקי האָט זיך מיט אים געשפּאַרט און האָט מיר באַוויזן דעם ענטפער, איך זאָל דערויף זאָגן מיין מיינונג. שלום־עליכם האָט אין זיין ענטפער גאַנץ בקיצור אויסגעלאַכט נאָמבערגס מבינות אויף טעאַטער און האָט געשריבן, אַז אַזאַ מין קריטיק דערמאָנט אים אין דעם באַקאַנטן אַנעקדאָט וועגן דעם קליינשטעטלדיקן יידן, וואָס איז צום ערשטן מאָל געווען אין טעאַטער און האָט דערנאָך אָפּגעגעבן אַ באַריכט, אַז ס'איז הוילע נאַרישקייט: עס הייבט זיך אויף אַ פּרוכת און עס באַווייזן זיך אַ פּריץ מיט אַ פּריצטע; בשעת דער פּריץ וויל אַ קוש טאָן די פּריצטע — וויל די פּריצטע ניט, און בשעת די פּריצטע וויל אַ קוש טאָן דעם פּריץ — וויל דער פּריץ ניט, און צום סוף, אַז זיי ווילן שוין ביידע — לאָזט זיך אַראָפּ דער פּרוכת... בערשאַדסקי האָט דעם ענטפער ניט געוואָלט דרוקן. ער האָט געטענהט, אַז ניט אין אַזאַ טאָן ענטפערט מען אויף אַ קריטיק, און אַז ס'איז בכלל אונטער דער ווערדע פון אַ שרייבער צו ענטפערן אויף אומגינסטיקער קריטיק. שלום־עליכם איז אָבער באַשטאַנען דערויף, אַז דער ענטפער מוז געדרוקט ווערן: נאָמבערג האָט אין זיין רעצענזיע פּשוט פאַרקריפּלט דעם אינהאַלט פון „צעזייט און צעשפּרייט" — און דער עולם דאַרף דאָס וויסן! און וואָס ס'איז שייך דעם טאָן פון זיין ענטפער — איז ער, שלום־עליכם, אַליין אַ „יודע נגן" (אַ געניטער מוזיקאַנט) און ווייסט אַליין, ווי אַזוי אָנצושטעלן אַ טאָן... איך האָב ביז יענעם אָוונט ניט געזען שלום־עליכמען אַזאַ אויפגערעגטן.

איך געדענק ניט גענוי, מיט וואָס דער וויכוח האָט זיך דעמאָלט

געענדיקט. דאַכט זיך, אַז צום סוף האָט בערשאַדסקי מסכים געווען צו דרוקן דעם ענטפער אַזוי ווי ער איז געשריבן. מיר זענען אַרויס מיט שלום־עליכמען פון דער רעדאַקציע און זיך געלאָזט גיין איבער די ווילנער האַלב־פינצטערע גאַסן. שלום־עליכם האָט דעם גאַנצן וועג גע־שוויגן. ערשט, אַז מיר זענען צוגעקומען צו דער „קאָמערטשעסקע גאָסטיניצע", וווּ ער איז איינגעשטאַנען, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דער גאַנצער וויץ באַשטייט דאָך דאָ אין דעם, וואָס די רע־צענזיע האָט פאַרפאַסט ניט נאָמבערג. נאָמבערג האָט געשריבן, נאָר דיקטירט האָט אַן אַנדערער...

מיטן „אַנדערן" איז, פאַרשטייט זיך, געמיינט געוואָרן ניט קיין אַנדערער, נאָר פּרץ. און אויב אין שלום־עליכמס פאַרדאַכט וועגן נאָמ־בערגן איז ניט געווען קיין פאַקטישער אמת, איז אָבער אין דעם גע־לעגן אַ שטיק פּסיכאָלאָגישער אמת: פּרצעס נעגאַטיווע באַציאונג צו אים האָט אין יענעם פעריאָד געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי אַ טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אין שלום־עליכמס לייכטקייט אָנגעהויבן צו זען ניט די הויכע מדרגה פון דיכטערישער פשטות, נאָר די לייכטוואָגיקייט פון ליצנות, פון אַנעקדאָטן־דערציילעריי. דאָס, וואָס שלום־עליכם איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן מיט זיין קונסט איבער יידישע שטעט און שטעטלעך, אויפן שטייגער פון פאָלקסזינגער און בדחנים, האָט געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן וועגן אים די דאָזיקע פאַרדרייטע מיינונג. אַפילו בעל־מחשבות, וואָס איז געווען שלום־עליכמס אַן אויפריכטיקער באַוווּנדערער און זיין ערשטער פיינער אויסטייטשער, האָט אונטער דעם איינפלוס פון פּרצעס „טיש" אויך אָנגעהויבן זיך אָפּקילן צו אים. עס דערמאָנט זיך מיר אַ שפּאַציר מיט בעל־מחשבותן אין אַ פרילינג־פרימאָרגן אין ווילנע, איבער דער גרויס־פּאָהוליאַנקער גאַס, אַרויף צום „זאַקרעטנעם וואַלד". ער האָט זיך צערעדט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און יידישע שרייבער אין אַ זויערן טאָן, אַרויפגעגאַנגען אויף שלום־עליכמען און גע־זאָגט אומגעפער אַזוי:

— אונדזערע שרייבער, דער רוח ווייסט זיי — אַלץ קליינע מענ־טשעלעך, ניט העכער פון דער קליינשטעטלדיקער בלאָטקע, פון וואַנען

זיי זענען אַרויסגעקומען. אַפילו די טאַלאַנטירטע צווישן זיי. אָט נעמט שלום־עליכמען — איך בין מיט אים נאָך אַלץ ניט פאַרטיק: צי איז ער גרויס, צי איז ער קליין? אַ מאָל וואַרפט ער אַרויס אַ „ראַבטשיק", אַ „מתושלח", אַ „פישל דער מלמד", ווי אַן עכטער גרויסמייסטער פון הויכן אייראָפּעאישן שניט, און אַ מאָל שיינט ער מיר צו זיין אַ כתריליק, ווי אַלע זיינע אַרעמזעליקע כתריליקעס... און וואָס ציט עס אים אַלץ צו די יעהופּעצער לופט־פּרנסות? אַ יידישן קלאַסיקער איז ווייניק וואָס ער שרייבט — ער מוז נאָך זיין דערצו אַ מעקלער, אַן אַגענט, אַ בעל־תוקע, אַ מוהל... אָט איז ער געוואָרן אין מיטן דריבען אַן אַקטיאָרש־טשיק, שלעפּט זיך אום פון שטאָט צו שטאָט, האָט צו טאָן מיט סמאַר־קאָטע משכילים, שטייט־איין ביי קליינשטעטלדיקע נגידים... און טאָמער איז אייך קאַרג — נעמט ער גאָר און ווערט אַ שדכן, וויל צונויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, אַ בתולה מיט אַ בתולה, פונקט ווי זיין ניעס־טשאַסטנער מנחם־מענדל... נאַט זעט, אָט רעדט ער מיר אַ שידוך...

און בעל־מחשבות האָט אַרויסגענומען אַ פּאָסט־קאַרטל, געשריבן פון שלום־עליכמען אויף רוסיש, און פאַר מיר עס איבערגעלייענט. אינעם פּאָסט־קאַרטל האָט שלום־עליכם געשריבן אין אַ לייכטן הומאָריסטישן טאָן, אַז אַזוי ווי ער זיצט איצט אין ליבוי שוין עטלעכע טעג און ווערט שיער ניט משוגע פון אַרומגיין ליידיק, האָט ער פאַר אים אויסגעקוקט אַ שידוך גאָר אַן אַנטיקל, דהיינו: ער וועט דאָ באַקומען אַ פיינע שטעלע מיט אַ פיינעם געהאַלט מיט אַ פיינער דירה, נאָר דערצו וועט ער מוזן נעמען אַ ווייב אויך. אויב ער שטייט אין שידוכים, זאָל ער אים גלייך שרייבן, וועט ער דעם שידוך מיט גאָטס הילף אויספירן...

לויטן לייכטן טאָן האָט דער בריוו מיר אויסגעוויזן צו זיין מער שלום־עליכמס אַ שפּאַס, איידער אַן ערנסט. איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט בעל־מחשבותן, נאָר ער האָט דאָס ניט געוואָלט אָננעמען:

— ניין, דאָס מיינט ער גאַנץ ערנסט אַ שידוך! איר קענט ניט דעם יידן! ער איז אַ גרויסער נצרך און וויל פון מיר גאָר פשוט פאַרדינען שדכנות־געלט... אָט וואָס פאַר בריוו אַ יידישער שריפטשטעלער שרייבט צו זיין קריטיקער! ווי געפעלט אייך גאָר די השגה פון אַ מנחם־מענדל —

ער רעדט מיר גאָר שידוכים! ער לייגט מיר פאָר, ווי פאַר אַן אָרעם־בחור, אַ פיינע שטעלע מיט אַ פיינער דירה, און אַ ווייב אויך דערצו... צום טייוול!... — און בעל־מחשבות האָט אַ צערייצטער צעריסן שלום־עליכמס קאַרטל און געלאָזט די שטיקלעך פליען מיטן פרימאָרגנדיקן פרילינג־ווינטל איבער דער גרויס־פּאָהוליאַנקער גאַס.

מיט יאָרן שפּעטער, אַז איך האָב זיך באַקענט מיט שלום־עליכמס אַרכיוו, האָב איך אויסגעפונען דעם שליסל צו דעם „שידוך", וואָס שלום־עליכם האָט גערעדט בעל־מחשבותן. אין אַ בריוו פון ליבוי, פון דער זעלבער צייט (דעם 26סטן אַפּריל, 1905), שרייבט שלום־עליכם צו פרישמאַנען, צווישן אַנדערע זאַכן, אַזוי:

„איך אַגיטיר דאָ פאַר אונדזער „בעל־מחשבות", מע זאָל אים אויס־קלייבן פאַר ראַבינער אין ליבוי. איך האָב אים געשריבן קיין קאָוונע. שרייבט אים קיין אויסלאַנד. העלפט מיר צום שידוך. איך וויל, ער זאָל דאָ זיין ראַבינער, און ער וועט זיין. פאַרשרייבט דאָס! ער האָט דאָ 2,100 רובל געהאַלט, מיט אַ דירה, מיט עלעקטריע, מיט הייצונג, 5 צימער. אַ רואיקע שטאָט פון לויטער קעלבער, קורלענדער בהמות, פערד, טיפּשים גמורים!"

בעל־מחשבות איז דעמאָלט געווען אַ דאָקטער אָן פּראַקטיק, און שלום־עליכם, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט צו דינען אַ גוטן פריינד, האָט אים געוואָלט באַזאָרגן מיט אַ ראַבינער־שטעלע און האָט אים אויף זיין שטייגער מיסטיפיצירט מיט אַ „שידוך". בעל־מחשבות איז אָבער גרייט געווען דעם וואַנדערנדיקן, היימלאָזן שעפער פון „ראַבטשיק", „מתושלח" און „פישל דער מלמד" חושד צו זיין אין אַלדאָס בייז, אַפילו אין שדכנות...

שלום־עליכם האָט דאָס געפילט, און פון דאַנען האָט געשטאַמט זיין טיף־באַהאַלטענער עגמת־נפש אין יענעם שווערן זומער.

יג
# מיט יונגע שרייבער אין ווילנע

גאַנץ אַנדערש האָבן זיך פאַרהאַלטן צו שלום־עליכמען די גאָר־יונגע שרייבער פון יענער צייט, די וואָס האָבן נאָך געמאַכט זייערע ערשטע „צוזאָגנדיקע" טריט אין דער ליטעראַטור. דאָ זענען די באַציאונגען געווען אַ סך נאַטירלעכער און האַרציקער. די פרישע יוגנט, וואָס איז נאָך ניט אָנגעריירט געוואָרן פון פערזענלעכע חשבונות און אַמביציעס און האָט נאָך ניט געוווּסט פון ליטעראַרישע איבער־הסברות, האָט אויפגענומען שלום־עליכמען מיט אויפריכטיקער ליבשאַפט און פאַרערונג, ווי דעם עכטן מייסטער און געשטאַלטער פונעם יידישן לעבנס־שטייגער, ווי דעם קלאַסישן מאָלער פון דעם ברייטן יידישן שטח. זי איז נאָך אַליין געווען ערשט פון דער היים, צוגעבונדן מיט צאַרטע און שטאַרקע פעדים צום ניט־לאַנג־פאַרלאָזטן אויסגעוואַרעמטן נעסט, און דאָס העלע ווייכע ליכט, וואָס שלום־עליכם האָט געוואָרפן אַהינטער אויף די חושכדיקע פנימער פון טאַטעס און מאַמעס, פון פעטערס און מומעס, איז פאַר איר געווען ווי דאָס גוטע ליכט פון אַ היימישן לייכט־טורעם, וואָס ווינקט מילד פון די אייגענע ברעגן. אויב דאָס דאָזיקע ליכט האָט די יונגע וואַנדערער ניט גערופן צוריק, האָט עס אָבער זיי קלאָר באַוויזן, פון וואַנען זיי גייען, פון וואַנען זיי לאָזן זיך שווימען אין דעם ווייטן נעבל אַריין — אַז זיי האָבן הינטער זיך איבערגעלאָזט אַ וועלט, וואָס איז גאָרניט אַזוי פאַרצווייפלט־חושכדיק, ווי עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן אין זייער יונגער היימישער פאַרביטערטקייט.

שלום־עליכם, ווידער, אין פערזענלעכן באַריר מיט יונגע שרייבער, האָט ניט געשפּילט די ראָל פון אַ ליטעראַרישן רבי און וועגווייזער. ער איז פאַר זיי געווען פשוט אַ חבר, איינער פון דעם שרייבערשן „צעך". דערביי האָט ער גאַנץ אָפט פאַרגעסן, אַז ער אַליין געהערט

שוין לאַנג צו די גאַר־בכבודיקע חברים, אַז אינעם „צעך" פאַרנעמט ער איינעם פון די געהויבנסטע ערטער. דאָס איז ביי אים אַרויסגעקומען ניט פון געמאַכטער באַשיידנקייט, נאָר פון זיין אייביק נייגעריקער, פאַרשנדיקער נאַטור, וואָס האָט געזוכט ביי יעדן איינעם עפּעס אינטע־רעסאַנטעס און האָט ניט געהאַט קיין צייט און קיין חשק צו בלאָזן פון זיך. אויב ער האָט זיך אַ מאָל געלאָזט באַדינען פון אַ יונגן שרייבער, איז דאָס געטאָן געוואָרן ניט מעשה „מאַעסטראָ", נאָר מעשה חבר, אָדער, בעסער געזאָגט — מעשה משפחה־מענטש: אין אַן אייגענער משפחה איז קיין בייז ניט, אַז אַ ייִנגערער באַדינט אַן עלטערן; אַדרבה, דאָס פאַרקניפּט שטאַרקער דעם משפחה־בונד און שאַפט אַ וואַרעמע אינטימע אַטמאָספער. ער האָט אָבער פון דעם יונגן חבר געפאָדערט איין זאַך: טאַלאַנט, אויסצייכענונג מיט עפּעס. פון דעם טאַלאַנטלאָזן, פון דעם ליטעראַרישן נודניק, וואָס צייכנט זיך מיט קיין זאַך ניט אויס, האָט ער געוויכט, ווי פון אַ וויסטן אומעט. דער וואָס האָט ניט גע־רייצט זיין נייגעריקייט — דער האָט פאַר אים ניט עקזיסטירט. ער האָט ליב געהאַט יענעם צו געבן; ער האָט אָבער אויך ליב געהאַט פון יענעם צו נעמען. דער, ביי וועמען מע קאָן גאָרנישט ניט נעמען — פאַר דעם איז דאָך אַרויסגעוואָרפן דאָס, וואָס מע גיט אים...

אין ווילנע האָט זיך שלום־עליכם נאָענט, אויפן עכט־חברשן שטייגער, באַפריינדט מיט אונדזער קרייז יונגע שרייבער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם „הזמן". דאָס איז געווען אַ קליינע אינטימע גרופּע פון „פּיל־צוזאָגנדיקע" אָנפאַנגער, אַלע „געבראָטענע ליטוואַקעס", וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט, וואָס דער „הזמן" האָט פאַר זיי געשאַפן, און האָבן אויסגעביטן דאָס פּרעמדע „גלות וואַרשע" אויף אַן אייגענעם ווינקל, אין דער אייגענער „הויפּטשטאָט", צווישן אייגענעם פאָלק.

דער אמתער ווילנער צווישן אונדז אַלעמען איז געווען פּרץ הירש־ביין: ער האָט זיך אויפגעצויגן אין ווילנער ישיבות, געווען גוט באַ־קאַנט מיט דער ווילנער אָרעמקייט און איז יענעם זומער מיט אַ מאָל אָנטפּלעקט געוואָרן אינעם מאָנאַטלעכן „הזמן" דורך עטלעכע דראַמעס פון דעם ווילנער קעלער־לעבן — פאַר וואָס ער איז באַלד געקרוינט

געוואָרן פון ראובן בריינין מיטן נאָמען „משורר המרתף" (דער דיכטער פונעם קעלער). דער דאָזיקער טיטל האָט אין יענע טעג — טעג פון ערב־רעוואָלוציע, ווען דער „בונד" האָט זיך צעוואַקסן און סאָציאַליזם איז געוואָרן אַ מאָדע אַפילו אין ווילנער באַלעבאַטישע הייזער — גע־קלונגען זייער הויך. הירשביין איז שטאַרק אויפגעמונטערט געוואָרן און האָט גלייך אָנגעשריבן זיין באַקאַנטע דראַמע „די נבלה", פון וועלכער מיר אַלע האָבן דעמאָלט געלעקט די פינגער.

אויף אַן אַנדער אופן האָט זיך אין אונדזער קרייז אויסגעצייכנט ז. י. אָנכי, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער באַקאַנט געוואָרן דורך זיינע דערציילונגען און מאָנאָלאָגן אויף יידיש און העברעאיש. ער איז אַראָפּגעקומען קיין ווילנע ערגעץ פון דער גאָרער וועלט, און הלל צייטלין, וואָס האָט אים געקענט פון דער היים, האָט געהאַט צו דערציילן וועגן אים פאַרשיידענע זאַכן. ערשטנס, אַז ער איז אַ רבס אַ זון און איז אויסגעקנאָטן פון רבנישן יחוס. צווייטנס, אַז ער האָט שוין ערגעץ פאַרזוכט דעם טעם פון טורמע פאַר פאָליטישע זינד, און דער פאָטער, דער רב, האָט אים שיער ניט מחרים געווען. געדרוקט האָט ער ביז יענער צייט נאָר איין פּאָעמע אויף העברעאיש פון דעם „גוט־יידישן" לעבן, וואָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק אי מיטן אינהאַלט, אי מיט דער מאָדנער אונטערשריפט פונעם מחבר: אָנכי (איך). צייטלין האָט וועגן דעם ווידער דערציילט, אַז דעם דאָזיקן נאָמען האָט זיך דער יונגער שרייבער געמוזט אויסקלייבן, כדי אויסצובאַהאַלטן זיך פונעם פאָטער. און נאָך עפּעס האָט צייטלין דערציילט: אַז זיצנדיק אין טורמע האָט אָנכי אָנגעשריבן גאַנצע פּעק מיט זאַכן — ער האָט זיי אָבער דאָרט אויפן אָרט, מחמת איינזאַמקייט און פאַרצווייפלונג, פאַרברענט. אָט די אַלע געשיכטעס האָבן אָנכיס פּערזאָן די ערשטע צייט געוויקלט אין מיסטעריעזן נעבל. דערצו האָט הלל צייטלין גערעדט פון אים, ווי פון אַ גרויסן יידישן הומאָריסט, וואָס וועט אפשר איבערשטייגן שלום־עליכמען — און דאָס איז שוין גאָר געווען אַ חידוש, וואָרעם אַ פּנים האָט אָנכי געהאַט אַ טיף־טרויעריקן און טיף־פאַרטראַכטן, איינס פון יענע פאַרצייטיקע יידיש־רבנישע פּנימער, וואָס רעמבראַנדט האָט געמעגט

מאָלן, און האָט געשיינט צו זיין אַ גרויסער שווייגער, און פלעגט אומ־גיין אין ווילנער גאַסן אַ געבויגענער, אַ שטאַרק געדריקטער. צייטלין האָט דערציילט, אַז אָנכי געפינט זיך אין ווילנע אונטער פּאָליצייאישער השגחה — אפשר האָט זיך דערפון גענומען זיין געדריקטקייט? און טאַקע באמת: אַז ס'איז געקומען אַ חודש פאַרן ערשטן מאַי, האָט די ווילנער פּאָליציי פאַרבעטן אָנכין אין טורמע אַריין און האָט אים געהאַלטן פאַר־שפּאַרט ביז איבערן סאָציאַליסטישן יום־טוב, ער זאָל, חלילה, אין שטאָט ניט אָנמאַכן קיין צרות — כאָטש אין ווילנע האָט מען שוין דעמאָלט גוט געוווּסט, אַז אָנכי איז ניט פעאיק אָנצורירן אַפילו אַ פליג אויף דער וואַנט. ערשט נאָכן ערשטן מאַי, אַז מע האָט אים אַרויסגעלאָזט פון טורמע, און דער פרילינג האָט אָנגעהויבן בליִען אינעם ווילנער „זאַ־קרעטנעם וואַלד" און אויפן ווילנער „טעליאַטניק" (אַזאַ קצבישן נאָמען טראָגט דער ווילנער שטאָט־גאָרטן), — האָט אויך אָנכי זיך פלוצעם צעבליט. ער איז מיט אַ מאָל געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש, אַ לעבעדיקער, אַ באַרעדעוודיקער, ער האָט ווי באַקומען אַ נייע הויט, און אויף זיין פאַרצייטיקן אַלט־רבנישן פּנים האָבן זיך אָנגעצונדן אַ פּאָר יונגע שמייכלענדיקע אויגן. ער איז פאַר אונדזער אינטימער גרופּע פלוצעם „נתגלה" געוואָרן. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אָט דער שווייג־דיקער, פאַרשלאָפענער אָנכי טראָגט אין זיך אַ גאַנצן קוואַל — אַ גאַנצע דראַמאַטישע עפּאָפּעיע מיטן נאָמען „רב אבא".

„רב אבא" — דאָס איז אַן אַלטמאָדישער חסידישער ייד, פון די ליטווישע חב"דניקעס, וואָס האָט צו דערציילן פעק מיט מעשיות פון אַמאָליקע גוטע יאָרן, בשעת די וועלט איז נאָך געווען אַ וועלט, יידן זענען געווען יידן און דער רבי איז געווען אַ רבי. אָנכי האָט די מעשיות געשאַפן אויסווייניק און האָט זיי דערציילט אַרטיסטיש אין דער פּערזאָן פון זיין געשאַפענעם העלד „רב אבא". ער האָט דערביי ניט באַנוצט קיין גרים. ער האָט נאָר אָנגעטאָן אַ היטל, צונויפגעלייגט צוויי פינגער אין אַ שמעק־טאַבאַק, אַ קנייטש געטאָן דאָס געזיכט מיט די אויגן — און פאַר אונדז איז אויסגעוואַקסן דאָס אַלטע קלוגע פּנים פון „רב אבאן", וועלכער דערציילט אונדז איין מעשה נאָך דער אַנדערער, מעשיות קאָמישע און

טראַגישע, מער טראַגישע ווי קאָמישע — און מיר רינגלען אַרום דעם קינסטלעריש־עקזאַלטירטן אָנכי און הערן זיין „רב אבאן" אין טיפער באַוווּנדערונג. „רב אבא" דערציילט אונדז אַ טרויעריקע געשיכטע, ווי אַזוי זיין אַלטיטשקע איז אים געשטאָרבן, ווי אַזוי זי האָט צו אים גערעדט פאַר איר טויט און ביי אים מחילה געבעטן, ווי אַזוי זי האָט זיך מיט אים געזעגנט נאָך אַ לאַנגן, געטרייען צוזאַמענלעבן אויפן יידישן שטייגער. דאָס קול איז ביי אים געבראָכן, דאָס מויל צוקט, איבערן אַלטן אומ־גליקלעכן פנים גיסן זיך נאָכאַנאַנד גרויסע טרערן, ווי באָב — און מיר זיצן אַקעגן אים פאַרגאַפטע און פילן גאָרניט, אַז מיר שלינגען אויך די טרערן. ווי שוואַך אונדזער מבינות איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אין דער קונסט פון דראַמאַטישן שפיל, האָבן מיר דאָך אַלע געפסקנט, אַז אין אָנכין גייט פאַרלוירן אַ גרויסער יידישער אַקטיאָר, — און ווער ווייסט, צי מיר זענען אומגערעכט געווען?...

פון דעמאָלט־אָן איז אָנכי געוואָרן דער צענטער פון אונדזער קרייז, אונדזער אַלעמענס ליבלינג. ער האָט שוין מער ביי אונדז ניט געהייסן „אָנכי", נאָר „רב אבא". ער איז שטענדיק אומגעגאַנגען אין אונדזער יונגער גרופּע מיטן אַלטן קלוגן פנים פון „רב אבאן", מיטן פאַרקוועטשטן שמעק־טאַבאַק צווישן די פינגער, און האָט רעאַגירט אויף אַלע אונדזערע געשפּרעכן און וויכוחים מיטן שכל און לויט די אַלטע השגות פון דעם אַלטן חב"דניק. דערביי האָט ער זייער טרעפלעך אַריינגעשטעלט, דאָרט ווו עס האָט זיך געפּאַסט, זיינע שאַרפע ווערטלעך און המצאות, וואָס האָבן זיך ביי אים גאָר ניט אויסגעשעפּט!

אַ יונגער, שלאַנקער און זאַפטיקער בוים אין אונדזער ווילנער קאָלאָניע איז געווען ז. שניאור. זיין ליטוויש האַרץ האָט סוף כל סוף ניט אויס־געהאַלטן: נאָך דעם ווי איך האָב אים אין מיינע בריוו באַשריבן די „געלוסטיקייט" פון דער שטאָט ווילנע, האָט ער אַוועקגעוואָרפן וואַרשע, פריער געפאָרן אויף פסח אַהיים קיין שקלאָוו און פון דאָרטן געקומען זיך באַזעצן אין דעם ווידעראויפגעלעבטן „ירושלים דליטא". און אַזוי ווי אהרן סינגאַלאָווסקי איז דעמאָלט אַוועקגעפאָרן פון ווילנע, האָט שניאור פאַרנומען זיין אָרט אין אונדזער דירה, און מיר האָבן געוווינט

צוזאַמען, אַ חדר לעם אַ חדר, און ביידע אינאיינעם געפירט אַ פיינע באַלעבאַטישקייט. ביי מיר אויף דער וואַנט, צווישן בילדער פון פאַר־שיידענע יידישע שרייבער, האָט זיך אויך געפונען דאָס בילד פון יעקב דינעזאָן, אויסגעשניטן פון אַ העברעאישן זשורנאַל, — איז ביי אונדז געבליבן דער הסכם, אַז אויף דעם בילד האָט גאָט אַליין געהייסן פאַר־שרייבן אונדזערע בשותפותדיקע חשבונות מיט דער באַלעבאָסטעס קעכין, וואָס האָט פאַר אונדז געקאָכט „נגידישע מיטאָגן״: אַלע זיבן טעג פון דער וואָך קאָטלעטן.

אויך דאָ אין ווילנע איז שניאור געוועזן דער ייִנגסטער פון אונדז אַלעמען, און אַזוי ווי ער האָט שוין איצט אַראָפּגענומען די לאַנגע גלחישע האָר, האָט ער אויסגעזען נאָך ייִנגער ווי מיט אַ האַלב יאָר צוריק. פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָר האָט ער אָבער גענומען הויך און קרעפטיק וואַקסן אין דער העברעאישער פּאָעזיע, אַזוי אַז ער האָט זיך כמעט מיט איין שפּרונג אַוועקגעשטעלט אין דער שורה פון די ערשטע (מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט אים ביאַליק, אין אַן אַרטיקל וועגן דער יונגער יידישער פּאָעזיע, באַצייכנט ווי דעם יונגן שמשון הגיבור, וואָס איבער איין נאַכט זענען אים אויסגעוואַקסן אַלע זיינע זיבן צעפּ).

אין אונדזער גרופּע האָט שניאור אַריינגעבראַכט אַ סך לעבן און אַ סך פריילעכקייט. ער איז געוועזן אַ גוטער פּאַרטנער צו אָנכין אין שאַפנדיקן שפּיל. זיין רעפּערטואַר איז געוועזן: שקלאָווער יידן און שקלאָווער גוים, וועלכע ער האָט זייער פּלאַסטיש און זייער וויציק פאָרגעשטעלט. שוין אין יענע יונגע שפּילערייען האָבן זיך דייטלעך געזען די קאָנטורן פון זיינע שפּעטערדיקע שקלאָווער הויפּט־פּאַרשוינען: דער פעטער אורי און די מומע פייגע מיט זייערע קינדער.

צו שלום־עליכמען האָט זיך אונדזער יונגע קאָמפּאַניע געצויגן מיט אמתער ליבשאַפט, און זיין דערשיינען צווישן אונדז מעשה חבר, בעת זיינע קורצע וויזיטן אין ווילנע, האָט נאָך ליכטיקער געמאַכט אונדזער יונגן ליכטיקן זומער. מיר האָבן ווי געפילט, אַז אונדזער יונגע שאַפנ־דיקע לוסטיקייט, וואָס קלעפּט זיך מיט אַזוי פיל בענקשאַפט צום אָרעמען היימישן שטעטל מיט זיינע בלאָטעס, מיט זיינע בילדער, מיט זיינע „רב

אבאס״ — ציט איר יניקה פון זיין קוואַל, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט באַוויזן דעם וועג.

אונדזער קאָמפּאַניע האָט אויך געהאַט איר באַשטענדיקן קלוב — ניט קיין גערונגענעם, חלילה, נאָר אַן אומזיסטן: דאָס הויז פון דעם יונגן זשורנאַליסט און מיטאַרבעטער פונעם „הזמן״, שמואל טשערנאָוויטש, דעמאָלט באַקאַנט אין דער העברעאישער פּרעסע אונטערן פּסעוודאָנים „ספוג״ (שוואָם). טשערנאָוויטש האָט, אייגנטלעך, ניט געהערט צו אונדזער גרופּע „פרייע קינסטלער״; ער און זיין פרוי (זיי זענען ביידע יונג אַוועק פון דער וועלט) זענען אָבער געווען אמת גוטע, האַרציקע חברים און האָבן פּאַר אונדז פריי געעפנט די טירן פון זייער הויז. מיר פלעגן אַהין אַריינקומען אַן אַ קלונג, און יעדער איינער פלעגט באַגעגנט ווערן פון דעם יונגן באַלעבאָס מיט אַ ברייטן, ווייכן שמייכל אויף די ברייטע ווייכע ליפּן: „אַ, דאָס זענט איר? איר ווילט אפשר עסן? זעצט זיך צום טיש — אָט וועט מען אונדז אַלעמען באַלד געבן עסן״...

עסן ביי יענעם האָט קיינער פון אונדז, גאָט צו דאַנקען, ניט באַדאַרפט. ס׳איז געווען אַ גוטער, געבענטשטער זומער: דער „הזמן״ האָט פּינקטלעך געצאָלט דריי קאָפּיקעס פון דער שורה. איין מאָל אין וואָך האָט מען אָבער ביי די טשערנאָוויטשעס געמוזט עסן. דאָס איז געווען שבת־צו־נאַכטס, ווען צום לאַנגן געדעקטן טיש זענען זיך צוזאַמענגעקומען געסט פון אַלערליי מינים: יונגע שרייבער, אַלטע כלל־טוער פון דער ווילנער „צדקה גדולה״, אַ יידישער אַקטיאָר פון אַ פּראָ־ווינציעלער רוסישער טרופּע, אַ צוריקגעקומענער פּאָליטישער פאַרשיקטער פון סיביר, אַ פאַרבייפאַרנדיקער קאַווקאַזער ייד מיט אָנגעשטעקטע קינזשאַלן אויף דער ברוסט... מע האָט געפּראַוועט מיט דער ברייטער האַנט אַן אָרעמע ליטווישע „מלווה־מלכה״; מע האָט דערלאַנגט פולע שיסלען הייס־געקאָכטע קאַרטאָפּליעס און פולע טעלער מיט אָנגעשניטענעם הערינג.

אויף די דאָזיקע שבת־צו־נאַכטסן פלעגן מיר אַ מאָל, צווישן די אַנדערע געסט, אויך זען שלום־עליכמען. ער פלעגט אַהין קומען מיט זיין טאָכטער, וועלכע האָט זיך גיך באַפריינדט מיט די טשערנאָוויטשעס.

ווי אויך מיטן גאַנצן יונגן קלוב. שלום־עליכם האָט אין האַרצן באַוווּנדערט די אָרעמע ליטווישע פאַנטאַזיע בנוגע דער סעודה פון „מלווה־מלכה"; ער האָט אָבער די געקאָכטע קאַרטאָפליעס מיט הערינג מקבל באהבה געווען, געזעסן צווישן אונדז ביים טיש, ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער משפּחה, אויסגעהערט, ווי אַזוי דער יידישער אַקטיאָר פון דער פּראָווינציעלער רוסישער טרופּע שטעלט פאָר אַ סצענע פון אַ שיכורן רוסישן גלח אין קלויסטער ביי אַ „פּאַניכידע" (הזכרת נשמות), ווי אַזוי דער קאַווקאַזער ייד מיט די קינדזשאַלן זינגט קאַווקאַזער זמירות — און איז פון דעמאָלט אָן אויף שטענדיק געוואָרן אַ גוטער ברודער מיט די טשערנאָוויטשעס. אים איז געפעלן געווען, וואָס אַ יונגער יידישער זשורנאַליסט, אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, פאַרגינט זיך איינצולאַדן „גאַנץ ווילנע" צו „מלווה־מלכה" אויף קאַרטאָפליעס מיט הערינג — אַזאַ איינער איז פון זיינע מענטשן, וואָס ער האָט ליב.

פון דעסטוועגן האָט דאָס שלום־עליכמען ניט געשטערט צו לייענען טשערנאָוויטשעס פסעוודאָנים „ספוג" לויט דער ספאַרדישער אויסשפּראַך: „סאַפּאָג" (שטיוול). פון אַ שאַרפן וויץ איז שווער געווען זיך אָפּ־צוזאָגן, אַפילו ווען דער וויץ האָט געשטאָכן אַ גוטן ברודער.

יד

# „פערלגרויפן"

דאָס אָפטע נע־ונד־זיין אין דער פרעמד און די אָפגעריסנקייט פון אַן אייגענעם ליטעראַרישן ווינקל האָבן זיך שווער אָפגערופן אויף שלום־עליכמס געמיט־צושטאַנד, אַזוי אַז ער האָט די ערשטע העלפט פון יענעם יאָר 1905 כמעט גאָרניט געשריבן — אַ זאַך, וואָס האָט מיט אים זעלטן פּאַסירט. בכלל איז דאָס געווען פאַר אים אַ יאָר פון שעפערישער גע־פּאַלנקייט און אומפּרוכטבאַרקייט. אפשר האָט זיך דאָס גענומען פון פּשוטער אויסגעשעפּטקייט, וואָס האָט ביי אים געמוזט קומען נאָך דער גרויסער ליטעראַרישער שפע פון די לעצטע פינף יאָר. נאָר שלום־עליכם אַליין, וואָס האָט קיין מאָל ניט געוואָלט וויסן פון מידקייט, האָט דאָס גיכער צוגעשריבן צו די אויסערלעכע שלעכטע אומשטענדן, אין וועלכע ער איז אַריינגעפאַלן. ער האָט אין פאַרלויף פון דעם ערשטן האַלב־יאָר פּובליקירט עטלעכע קליינע זאַכן, פון וועלכע נאָר איינע האָט אַרויס־גערופן ביי זיינע לייענער אויפזען. דאָס איז געווען אַ קליין העפטל מיטן נאָמען „דער פעטער פיני מיט דער מומע רייזי", אַ מין אַלעגאָריע אויף דער מלחמה פון רוסלאַנד מיט יאַפּאַניע, וואָס האָט אויסגענומען ביים עולם ניט אַזוי מיט איר ליטעראַרישן ווערט, ווי מיט איר אַקטו־עלער פּאָליטישער סאַטירע. יידן האָבן געלייענט די פאַרשטעלטע וויציקע געשיכטע, ווי אַזוי די מגושמדיקע, מאַנסבילשע „מומע רייזי" (רוסלאַנד) האָט געכאַפּט פעטש פון דעם קליינעם, דאַרינקען „פעטער פיני" (יאַ־פּאַניע) — און האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן פון שלום־עליכמס איינפאַל, געהאַט נקמה אין „פּאָניען", און דאָס קליינע ביכעלע איז צעכאַפּט געוואָרן, צעגאַנגען זיך אין היפּשע צענדליקער טויזנט עקזעמפּלאַרן, אויב ניט אין הונדערטער טויזנט. ס'איז געווען אַן אויסערגעוויינ־לעכער ערפאָלג, וואָס דער יידישער ביכער־מאַרק האָט אַזעלכעס קיין

מאָל ניט געזען. דער פאַרלעגער האָט פון דעם איין העפטל זיך אָנגע־שלאָגן אַ קאַפּיטאַל, און דער מחבר — שלום־עליכם — האָט אויך באַ־קומען אויף זיין חלק עטלעכע צענדליק רובל.

דער פאַרלעגער, מ. קרינסקי, דער אייגנטימער פון אַ יידישער קאָמערץ־שול אין וואַרשע, אַ ייד אַ שווערער, אַ פליישיקער, מיט אַ גרויען שפּאַנישן בערדל און מיט אַ שווערן גלאַנציקן שווייגנדיקן פליך, וואָס מער ווי דאָס דייטשמערישע וואָרט „זאָ" האָט מען פון זיין מויל זעלטן וואָס געהערט, — האָט געהאַט זייער ווייניק שייכות מיט דער יידישער ליטעראַטור, און מיט ליטעראַטור בכלל; ער האָט אָבער געהאַט אַ שטאַרקן סוחרישן חוש פאַר יידישער בוכפאַרלעגעריי, און נאָך אַ שטאַרקערן אַפּעטיט פאַר פאַרלעגערישע פאַרדינסטן. ער האָט יענעם יאָר געעפנט אין וואַרשע אַ פאַרלאַג פאַרביידע שפּראַכן — פאַר העב־רעאיש און פאַר יידיש. פאַר העברעאיש האָט ער אַוועקגעזעצט ביי זיך אין הויז יונגע העברעאישע שרייבער און דיכטער, אַזעלכע וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט די חוצפה אויף גרויסע פאָדערונגען, זיי זאָלן אים צוזאַמענשטעלן שול־ביכער (אויף וועלכע ער האָט שכל געהאַט אַוועק־צושטעלן דווקא זיין אייגענעם נאָמען, אַלס מחבר); און פאַר יידיש האָט ער זיך באַנוצט, קודם־כל, מיט שלום־עליכמס נויטבאַדערפטיקער לאַגע און האָט ביי אים פאַר קליינגעלט אַוועקגעקויפט אַ היפּשן טייל פון זיינע בעסטע דערציילונגען און מאָנאָלאָגן, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן איינס נאָכן אַנדערן אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „ביכער פאַר אַלע". ביידע אונטערנעמונגען האָבן זיך גיך און גוט צוגענומען ביים עולם, און קרינסקי איז געוועזן באַזאָרגט מיט אַ פיינער, בכבודיקער פרנסה.

דער הויפּט־מיטאַרבעטער אין קרינסקיס נייעם פאַרלאַג איז געוועזן י. א. לייזעראָוויטש, וואָס האָט זיך דעמאָלט געשניטן אויף אַ שרייבער אין העברעאיש. לייזעראָוויטש, אַ יונג בחורל, ערשט פון קאָוונער ישיבה, ווו ער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַן „עילוי", איז געקומען קיין וואַרשע שטודירן אַלס „עקסטערנער" און האָט אַרויסגעוויזן ליטעראַרישע פעאי־קייטן. קרינסקי האָט אין אים גלייך דערשמעקט אַ באַגאַבטן יונגנמאַן

מיט יידישן וויסן, ווען מע קאָן לייכט און ביליק אויסנוצן פאַר פאַר־שיידענע ליטעראַרישע אַרבעטן, און האָט אים אַוועקגעזעצט ביי זיך אויף דער מילכיקער באַנק — ער זאָל פאַר אים שרייבן אונטער זיין, קרינסקיס, נאָמען פאַרשיידענע העברעאישע לערן־ביכער, פון אַן אַלף־בית ביז אַ תלמודישער כרעסטאָמאַטיע. דערצו האָט ער אים געמאַכט פאַר זיין ליטעראַרישן „וואָרט־זאָגער״ — ער זאָל פאַר אים רעדן און פירן אונ־טערהאַנדלונגען מיט די אַנדערע שרייבער, פאַר וועלכע זיין אייגענער איין־זילביקער „זאָ״ איז ניט גענוג צוציענדיק.

לייזעראָוויטש פלעגט יענעם זומער אָפט קומען צו אונדז קיין ווילנע דורכצופירן פאַרשיידענע טראַנסאַקציעס פאַר קרינסקיס פאַרלאַג. זיין הויפּט־שליחות איז געווען: צו באַקומען פון דעם אַלטן ווילנער צענזאָר יהושוע שטיינבערג (דער באַוווסטער העברעאישער מדקדק און לעקסי־קאָגראַף) דערלויבענישן אויף שלום־עליכמס ביכלעך. דער וואַרשעווער יידישער צענזאָר האָט זיך איין מאָל אָפּגעבריט מיט „דעם פעטער פּיני און דער מומע רייזי״ — און האָט פון דעמאָלט אָן געציטערט פאַר שלום־עליכמס נאָמען, ווי פאַר פייער: ער האָט אין יעדער מעשה זיינער פאַרדעכטיקט עפּעס אַ שפּיצל קעגן דער רוסישער רעגירונג. דער אַלטער שטיינבערג אָבער איז ניט געווען פון די שרעקעוודיקע צענזאָרן, בפרט אַז לייזעראָוויטש פלעגט צו אים קומען ניט מיט ליידיקע הענט.

איין מאָל האָב איך לייזעראָוויטשן באַגלייט צו שטיינבערגס הויז. דער ענין איז געווען גראָד ניט אין גאַנצן קיין גלאַטער: מע האָט באַדאַרפט אַרויסבאַקומען פון שטיינבערגן אַ דערלויבעניש אויף שלום־עליכמס פסחדיקער „מעשה מיט ניס״, וואָס איצט האָט איר שלום־עליכם געגעבן אַ נייעם נאָמען: „געצל״. די מעשה, פאַר זיך אַליין אַ פיין־הומאָריסטישע, האָט דאָך געהאַט אין זיך אַן אַלעגאָריש „שפּיצל״ קעגן דער רוסישער רעגירונג: „געצל״ האָט געמיינט גויעצל — דאָס הייסט רוסלאַנד, און אין דעם אינהאַלט איז געווען פאַרוויקלט אַ סאַטירע ווידער אַ מאָל וועגן דער מלחמה מיט יאַפּאַניע און דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג אינעם לאַנד. לייזעראָוויטש האָט זיך אַ ביסל געשראָקן. צוליב באַקוועמלעכקייט האָט ער מיך איבערגעלאָזט אין דרויסן וואַרטן: אונטער

פיר אויגן וועט אים לייכטער זיין דורכצוקומען מיטן אַלטן צענזאָר. עס האָט ניט גענומען קיין צען מינוט — און ער איז אַרויס פון שטיינבערגס הויז אַ שײַנענדיקער: ער האָט שוין דעם שטעמפּל אויף „געצלען״! דערביי האָט ער מיר איבערגעגעבן די סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אים און דעם אַלטן שטיינבערגן: יענער האָט דאָס העפטל אַפילו ניט דורכגעבלעטערט. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויפן שער־בלעטל און געפרעגט מיט אַ פאַרשלאָפענעם קול: „שטאָ אָן טוט פּישעט?״ (וואָס שרייבט ער דאָ?) „פּראָ אָריעשקי נאַ פּאַסכו״ (וועגן ניסלעך אויף פּסח), — האָט לייזעראָוויטש, ניט לאַנג געטראַכט, געענטפערט קורץ און גוט. „נו, עטאָ פּוסטיאַקי — עטאָ מאָזשנאָ פּראָפּוסטיט!״ (דאָס זענען פּוסטע זאַכן — דאָס קאָן מען דורכלאָזן!) — און שטיינבערג האָט אויפן שער־בלעטל גלייך געלייגט דעם שטעמפּל. פאַר גרויס שמחה, וואָס די זאַך איז אים אָפּגעלאָפן אַזוי גלאַט, האָט לייזעראָוויטש, אַנשטאָט אַ פּינפּערל, פאַמעלעך אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ גאַנצע צענרובלדיקע. דער אַלטער שטיינבערג האָט גאַנץ נידעריק אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו דער גאָלדענער מטבע און האָט פּלוצעם אַ פרעג געטאָן ווי מיט אַ בייזער: „אַ עטאָ שטאָ זאַ נאָוואָסט?״ (וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס?). „עטאָ — האָט אים לייזעראָוויטש דערקלערט זייער באַשיידן — נאַ אָביטשניע קאַנצעליאַרסקיע ראַסכאָדי״ (דאָס איז אויף די געוויינלעכע קאַנצעליאַרישע אויסגאַבן)... האָט אויף אים שטיינבערג אַ קוק געטאָן מיט איין אויג, אַ נעם געטאָן די מטבע צו זיך אין זשילעט־קעשענע אַריין מיט צוויי פינגער און אַ זאָג געטאָן ברוגזלעך־פאַרשלאָפן: נו, קאַקיע טאַם קאַנצעליאַרסקיע ראַסכאָדי — עטאָ אוזש מניע נאַ אָריעשקי!״ (נו, וואָסערע קאַנצעליאַרישע אויסגאַבן דאָרטן — דאָס איז שוין מיר אויף ניסלעך!)...

אויף זיינע באַזוכן אין ווילנע פלעגט אונדז לייזעראָוויטש דערציילן פאַרשיידענע זאַכן וועגן שלום־עליכמען, דערהויפּט ווי אַזוי דער אַלטער „זאָ״ (אַזוי האָט ביי אים געהייסן זיין באַלעבאָס) עקספּלאָאַטירט אים און ווערט רייך פון זיינע ביכלעך, און ווי אַזוי שלום־עליכם איז אין געלט־ענינים אומבאַהאָלפן, ווי אַ קינד, און פרייגעביק, ווי אַ באַראָן.

ער האָט זיך אין וואַרשע מיט שלום־עליכמען נאָענט באַקענט און איז פון אים געווען אַנטציקט. ווי פאַר אונדז אַלעמען, ליטווישע בחורימלעך, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם טרויעריקן ליטווישן חושך און פון דער האַרבער אומעטיקער ישיבה, איז אויך פאַר אים שלום־עליכמס ליכטיקע און לוסטיקע פאַנטאַזיע געווען אַ דערפרישנדיקער קוואַל: ער האָט געדענקט אויסווייניק אַלע שלום־עליכמס ווערטלעך און אַלע זיינע הומאָריסטישע המצאות און האָט מיט גרויס הנאה זיי איבערדערציילט און נאָכגעמאַכט דווקא אין שלום־עליכמס טאָן. די נאָכמאַכונגען זענען אָבער געווען גאַנץ ווייט פון דעם אָריגינאַל: ביי שלום־עליכמען אַליין איז דער טאָן געווען אַ יידיש־וועלטלעכער, דערצו אַרטיסטיש גע־לייטערט; ביי לייזעראָוויטשן האָט שלום־עליכמס שטאָף געקלונגען מער מיט בית־מדרשדיקער חכמה און געשמעקט מיט מלמד.

אין זיכרון איז מיר פאַרבליבן אַ מאַנאָלאָג, וואָס לייזעראָוויטש האָט געהערט פון שלום־עליכמען יענעם זומער אין וואַרשע, ביי פרישמאַנען אין הויז, און האָט עס פאַר אונדז וויפל מאָל איבערדערציילט „מיט אַלע פּישטשעווקעס". ביי שלום־עליכמען זענען געווען אַ סך אַזעלכע ניט־געשריבענע מיניאַטור־גראָטעסקן, וואָס ער פלעגט אַ מאָל, ביי אַ גע־לעגנהייט, פאַרברענגען אין אַ געמיטלעכער געזעלשאַפט: אַ טייל פון זיי, די מער וויכטיקע, פלעגט ער אַפילו מיט דער צייט אַריינפלעכטן אין זיינע געשריבענע ווערק. נאָר אָט דעם מאָנאָלאָג, וואָס לייזעראָוויטש האָט איבערדערציילט פון שלום־עליכמען, און וואָס אויך אַנדערע האָבן זיך מיט אים אַרומגעטראָגן, איז מיר קיין מאָל ניט אויסגעקומען צו הערן פון שלום־עליכמען אַליין, און אויך אין זיינע ווערק איז פון דעם קיין שפור ניטאָ, — פאַרצייכן איך אים דאָ, ווי ווייט איך געדענק, פון אַ צווייטער און דריטער האַנט.

דער מאָנאָלאָג האָט ביי שלום־עליכמען געזאָלט הייסן „פערל־גרויפן", און די סצענע ווערט פאָרגעשטעלט אַזוי:

אַ ייד אַן אלמן, אַן עלטערער מענטש, אַ בייזער און אַ בעל־מיחוש (אַ קרענקלעכער), מיט „שגעונות" און קאַפּריזן, שדכנט זיך צו אַ יידענע

אַן אַלמנה. ער וויל זיך ניט פאַרלאָזן אויף די שדכנים, קומט ער אַריין צו איר אָוונט־צייט אומבאַקאַנטערהייט און שטעלט זיך אַליין פאָר:

— אַ גוטן אָוונט אייך, שרה־ביילע — שרה־ביילע, דאַכט זיך, האָט מען מיר געזאָגט, איז אייער נאָמען? האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך בין אַריין צו אייך אָט אַזוי אָ, אומגעבעטן און אָן קונצן. איך בין אַ מענטש, פאַרשטייט איר מיך, אַן אָפּענער, אָן קונצן, איך האָב מיר אין דעם מיינע אייגענע קאַפּריזן און מיינע אייגענע שגעונות... ווער איך בין? אָט וועל איך אייך שוין זאָגן: איך בין טאַקע יענער, וואָס מע האָט אייך מסתמא שוין דערציילט, דער אלמן הייסט עס... אַ דאַנק, מאַכטייסע, מע קאָן זיצן אַ ווײַלעטשקע... ניט אָט דאָ — אויף יענעם ווייכן שטול, איך בין אַ מענטש, פאַרשטייט איר מיך, וואָס דאַרף האָבן ווייך... אַ גלעזל טיי? לאָז זיין אַ גלעזל טיי, נאָר איך בעט אייך, ווי גאָט איז אייך ליב, אַ הייס, און מיט דריי שטיקלעך צוקער, אַזוי בין איך געוווינט פון תמיד אָן, איך האָב מיר אין דעם מיינע אייגענע קאַפּריזן און מיינע אייגענע שגעונות... אָט אַזוי... ננאַ, די טיי וואָלט גע־מעגט זיין אַ ביסל הייסער, נאָר אויך די אייגענע מעשה, איר קענט מיך נאָך ניט, אַז איר וועט מיך, אם ירצה השם, דערקענען מיט אַלע מיינע קאַפּריזן און שגעונות, וועט מסתמא אַנדערש זיין... אַזוי, אַזוי! זענט איר, הייסט עס, טאַקע די דאָזיקע, די אַלמנה הייסט עס? לאָמיך אייך כאָטש אַ ביסל אָנקוקן מיט די אייגענע אויגן, ניט פאַרלאָזן זיך אינגאַנצן אויף די שדכנים... ננאַ, עס וואָלט געמעגט זיין אַ ביסל יינגער... נאָר גאָרנישט, דאַכט זיך, נישקשה, פון דעסטוועגן, קיין עין־הרע, אַ יידענע... אַן אַסאָבע, קיין עין־הרע... מיט דעם האָט איר מיר שוין צוגעטראָפן איינעם פון מיינע שגעונות... אמת, ס'איז דאָ אַ שטיקל פגימה, וואָס אַן אַלמנה... איך זאָג דאָס אייך אָפן, איך בין אַ מענטש אַן אָפענער, אָן קונצן... נאָר אויך די אייגענע מעשה, בין איך דאָך דערפאַר אַן אַלמן... און ס'איז אַלץ בעסער ווי אַ גרושה. וואָרעם אַן אַלמנה איז אַ גאָט־זאַך, און אַ גרושה האָט יענער אַוועק־געוואָרפן און איך דאַרף דאָס אויפהייבן — האָב איך דאָס פיינט... נאָר ס'איז נאָך אַלץ ניט דער עיקר — פון דעם עיקר וועלן מיר ערשט

שמועסן. אָט וואָס, שרה־ביילעניו... ווי אַזוי, אַ שטייגער, כדומה למשל, האַלט איר פון פערלגרויפן? איך מיין: צי איר האָט ליב פערל־גרויפן, צי איר האָט פיינט פערלגרויפן? וואָס פאַר אַ געקעכץ האָט איר געקאָכט אייער ערשטן מאַן — פערלגרויפן צי ניט פערלגרויפן?... אַקעגן וואָס איך פרעג דאָס? ווייל איך האָב מיר אין דעם מיינע אייגענע קאַפּריזן מיט מיינע אייגענע שגעונות: איך האָב ליב פערלגרויפן! איך שטאַרב אַוועק נאָך פערלגרויפן! איך גיי־אויס דאָס גאַנצע לעבן נאָך אַ גוט ביסל געקעכץ פון פערלגרויפן!... איר וועט דאָך אוודאי וועלן זיך אויספיינען פאַר מיר מיט אַ זופּ פון לאָקשן מיט מאַנדלען? זאָג איך אייך פריער: פּע! איר מעגט דאָס שוין אויסגיסן אין פּאָמעניצע אַריין!... פאַרפל? — נאָך אַ מאָל פּע! איך קאָן אויף דעם ניט קוקן!... מאַנע־גרייפּלעך? — נעמט דאָס אַוועק פון מיינע אויגן, איך וועל אייך וואַרפן די שיסל אין קאָפּ אַריין!... אָט אַזאַ שגעון איז ביי מיר!... עס זענען פאַראַן אַלערליי מאַנען אויף דער וועלט מיט אַלערליי שגעונות: איינער וויל, דאָס העמד זאָל אים זיין מיט קנעפּלעך, אַ צווייטער פאַר־לאַנגט, מע זאָל אים לאָזן שלאָפן ביז האַלבן טאָג, אַ דריטער האָט ליב אין מיטן וואָך שבתדיקע פּעטשאַ — און איך האָב מיר מיין שגעון: פערלגרויפן!... אַ גאַנץ לעבן שלאָג איך מיך מיט מיינע ווייבער נאָר פאַר איין זאַך: פערלגרויפן!... ביי מיר זענען שוין דריי ווייבער גע־גאַנגען יונגערהייט פון דער וועלט צוליב פערלגרויפן!... און דעריבער בין איך געקומען אייך וואָרענען אַפריער. איר הערט, ביילע־שרה, צי שרה־ביילע, ווי אַזוי איר הייסט דאָרטן, איך בעט אייך מיט גוטן און בעט אייך מיט בייזן, עס וועלן אייך ניט העלפן קיין פוילע תירוצים — עס זאָל מיר זיין פערלגרויפן! איך בין אַ מענטש אַ קראַנקער, אַ קאַפּריזנער, איר וועט ביי מיר אויפלויפן, איר וועט ביי מיר קראַפּירן, איר וועט ביי מיר גיין פאַר דער צייט אין קבר אַריין — נאָר פערל־גרויפן זאָל מיר זיין!... (קלאַפּט פלוצעם אין טיש). דו הערסט, מכשפה, וואָס מע רעדט צו דיר? פערלגרויפן! ארורה, מרשעת, איינגעזונ־קען זאָלסטו ווערן — פערלגרויפן זאָל מיר זיין, פערלגרויפן, פערל־גרויפן!...

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער נוסח פון „פערלגרויפּן‟ איז פאַר־ווירצט און פאַרפּראַוועט געוואָרן פון יעדן נאָכדערציילער אויף זיין שטייגער. ווי אַזוי איז געוועזן דער ריינער נוסח פון שלום־עליכמען — דאָס איז שוין איצט שווער צו וויסן.

טו

## שלום־עליכם געזעגנט זיך מיט ווילנע

אין מיטן זומער 1905 איז באַקאַנט געוואָרן אין די ליטעראַרישע קרייזן, אַז דאָס וואָס ס׳איז שווער געווען צו באַקומען פאַר ווילנע — האָט באַקומען וואַרשע: עס הייבט אָן דאָרט ענדלעך צו דערשיינען אַ טעגלעכע צייטונג אויף יידיש. די צייטונג וועט הייסן „דער וועג", דער אַרויסגעבער איז אַ רייכער וואַרשעווער ייד מיט אַן אומבאַקאַנטן נאָמען „איפּפּאָ", דער רעדאַקטאָר וועט זיין דער העברעאישער זשור־נאַליסט צבי פּרילוצקי, און צווישן די נאָענטע מיטאַרבעטער וועלן זיך געפינען י. ל. פּרץ, בעל־מחשבות און נאָמבערג. שלום־עליכם איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער, נאָר אַזוי ווי ער האָט נאָך ניט אויפגעגעבן אין גאַנצן די האָפענונג אויף אַ יידישער צייטונג אין ווילנע, און ס׳איז אויך דאָ אַן אַרויסקוק אויף אַ צייטונג אין אָדעס, האַלט ער זיך אָפּ דערווייל פון אָנצונעמען די איינלאַדונג. אויסער דעם, איז ביי אים לעצטנס אויפגעקומען אַ פּלאַן צו גרינדן אין אָדעס אַ יידיש „קונסט־טעאַטער", אויפן שטייגער פון סטאַניסלאַווסקיס מאָס־קווער קונסט־טעאַטער, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט אין רוסלאַנד. ער אַליין וועט זיין דער הויפּט־דראַמאַטורג און ליטעראַרישער פירער, און די דירעקטאָרן וועלן זיין די באַקאַנטע יידישע אַקטיאָרן ספּיוואַקאָווסקי און סעם אַדלער. עס איז שוין כמעט אַלצדינג פאַרטיק — עס פעלט נאָר אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג. כדי אָט דאָס אַלץ ריכטיק צו באַטראַכטן, האָט ער אַרויסגערופן זיין פרוי קיין וואַרשע אויף אַ באַראַטונג.

מיר זענען אָט די איינצלהייטן געווען באַוווסט פון שלום־עליכמס טאָכטער, מיט וועמען דער פאָטער האָט זיך ברייוולעך געטיילט מיט אַלע זיינע חלומות און האָפענונגען, און ס׳איז מיר געווען אַ חידוש,

וואָס ביי אַזאַ שווערער לאַגע, אין וועלכער שלום־עליכמען קומט אויס זיך דורכצולעבן די לעצטע צייט, פאַרהאַלט ער זיך קאַלט צו דער איינלאַדונג פון דער נייער וואַרשעווער צייטונג. נאָך מער חידוש איז מיר געווען, וואָס שלום־עליכם איז, ווי עס שיינט, נאָך אַלץ פאַרגלייבט אין די אַרויסגעבער פונעם „הזמן", אַז ביי זיי וועט ער געפינען דעם אמתן גן־עדן, ווען זיי וועלן סוף־כל־סוף האָבן אין ווילנע אַ צייטונג אויף יידיש. מיר, די מיטאַרבעטער פונעם „הזמן", האָבן אין דעם דאָזיקן גן־עדן שוין אויפגעהערט צו גלייבן. דער האָניק־חודש צווישן אונדז און אונדזערע באַלעבאַטים האָט זיך שוין לאַנג געענדיקט. אונדזערע פאָליעסער וואַלד־סוחרים, וואָס האָבן די ערשטע צייט געקוקט אויף אונדז דאָרפיש־פאַרגאַפט, ווי אויף העכערע אומבאַגרייפלעכע באַשע־פענישן, זענען גיך קאַליע געוואָרן. זיי זענען ביסלעכווייז געקומען צום שכל, אַז שרייבעריי איז, אייגנטלעך, אַן אַרבעט, ווי אַלע אַנדערע אַרבעטן, ביי וועלכע מע מעג און מע דאַרף אָנווענדן דעם אַלטן הייליקן פּרינציפּ פון מער אַרבעטן און ווייניקער צאָלן. איינער פון די דאָזיקע וואַלד־מענטשן, דווקא אַ יונגערמאַן אַ משכיל, נאָר שוין מיט אַ היפּשן גלאַנציקן גבירישן פּליך, האָט אַפילו אויף דעם אויסגעפונען אַ פּאַסיקן פּסוק אין דער תורה: „לעולם בהם תעבודו" — אייביק, הייסט עס, זאָלט איר זיי פאַרשקלאַפן... דער פּסוק, פאַרשטייט זיך, איז געזאָגט געוואָרן אויף קאַטאָוועס, נאָר די רעזולטאַטן דערפון האָבן מיר שוין אָנגעהויבן פילן גאָרניט אויף קאַטאָוועס. דער זעלבער יונגערמאַן מיטן גלאַנציקן פּליך, וואָס איז געווען אַ ווילדער בעל־חשבון, האָט זיך אָוועקגעזעצט אויסרעכענען על־פּי תשבורת (ברוך־צאָל), ווי פינקטלעך, אַ שטייגער, דאַרף מען צאָלן די שרייבער פאַר זייער שרייבן, נאָכדעם ווי די באַלעבאַטים וועלן זיך אַראָפּנעמען זייערע פאָרויס־באַשטימטע פּראָפיטן פון דער צייטונג? מע האָט געשמועסט, אַז דער חשבון ווייזט עפּעס אַרום אַ קאָפּיקע מיט איין זעכצנטל פון דער שורה. נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען זייער אַ פאַרפּלאָנטעטע מאַטעמאַטישע אויפגאַבע, האָט מען דערווייל געשניטן דאָס געהאַלט פון די שרייבער אָן אַ חשבון; דעם פּינקטלעכן האָנאָראַר לויט תשבורת האָט מען אָנגעהויבן צאָלן

ערשט שפּעטער מיט אַ יאָר, אַז דער יונגערמאַן איז פּאַרטיק געוואָרן אין גאַנצן מיט זיינע אויסרעכענונגען. די וואָכעדיק־געוואָרענע באַציאונג פון די וואַלד־מענטשן צו די שרייבער האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן נאָך אין עפּעס: מע האָט אויפגעהערט צו טיילן פונטלעך צוקער אין די טישקעסטלעך פון דער רעדאַקציע. דעם סאַמאָוואַר האָט מען נאָך אַלץ געשטעלט יעדן טאָג, אָבער טיי האָט מען איצט געטראָגן נאָר אין די פאַרשלאָסענע חדרים פון די באַלעבאַטים. אויב אַ שרייבער האָט זיך אַ מאָל פאַרגלוסט טרינקען טיי, האָט ער געהאַט די ברירה צו גיין ערגעץ אין אַ קאַפע־הויז אַריין.

די אַלע זאַכן האָבן מיר דערציילט שלום־עליכמען, און ער האָט געהאַט געגנוג צו לאַכן פון דעם פּאָליעסיער יונגנמאַנס מאַטעמאַטישער פאַנטאַזיע. און פון דעסטוועגן איז אים די נייע וואַרשעווער רעדאַקציע פונעם „וועג", ווייזט אויס, געווען נאָך וויניקער צום האַרצן. דעמאָלט האָב איך ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט שלום־עליכמען געקוועטשט. נאָר שפּעטער מיט יאָרן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז די שטערונג איז דאָ ווידער געווען פּרץ. ד"ר גרשון לעווין, אין זיינע זכרונות וועגן שלום־עליכמען, דערציילט, אַז בשעת „דער וועג" האָט זיך געגרינדעט, איז צו אים געקומען פּרץ מיטן אַרויסגעבער פון דער צייטונג און האָט אים פאָרגעלייגט, ער זאָל שרייבן פאַרן „וועג" פעליעטאָנען. „איר וועט אונדז פאַרטרעטן שלום־עליכמען", — האָט זיך פּרץ צו מיר געווענדעט [אַזוי דערציילט ד"ר לעווין]. און אַז איך האָב אויף אים אַ קוק געגעבן מיט גרויס פאַרוווּנדערונג, האָט ער צוגעגעבן: „זייט נישט קיין צו גרויסער עניו — איר וועט דאָס מאַכן נישט ערגער פון שלום־עליכמען"...

שלום־עליכם האָט מסתמא געפילט, אַז די רעדאַקציע פונעם „וועג" וועט זיך געפינען אונטער פּרצעס איינפלוס, און האָט דעריבער קיין חשק ניט געהאַט זיך צו פאַרבינדן מיט איר. אין אַ בריוו פון וואַרשע צו י. ח. ראַווניצקין פון יענע טעג שרייבט ער אַזוי:

„פּאַרלויפיק דאַרף איך אייך זאָגן, אַז דער „וועג" גייט ניט אויפן „גלייכן וועג". עפּעס פּלאָנטעט ער מיר מיט די רגלים. דער אדון הרעדאַקטאָר איז, געוויינלעך, וועדליג אַ רעדאַקטאָר פון אַ זשאַרגאָנישער

ציַיטונג [...]. און דער קאַפּיטאַליסט „איפּפּאָ" (נישקשה, איר קאָנט צושטעלן נאָך אַ „פּ"...) איז אַ מין לעווי [דער אַרויסגעבער פונעם גע־ווענעם פעטערבורגער „פּאָלקסבלאַט". — י. ד. ב.], אַ שטיק משוגע־נער, נאָר דערפאַר האָט ער אַ מעלה: ער האָט קיין געלט ניט! דאָס הייסט, האָבן האָט ער, נאָר אין הייזער מיט היפּאָטעקן, אי דאָס — זענען די הייזער פאַרזעצט און די היפּאָטעקן פאַרמשכונט, און אַליין איז ער אַ בעל־חוב — בקיצור, ס'איז ניטאָ קיין געלט! — היינט האָט מען צונויפגעשטעלט אַ רעדאַקציע — נ־נו! שוין איין מאָל אַ רע־דאַקציע: איקס־מיקס־דריקס, גאָלע מאָדערן, על־פּי כללי הדעקאַדאַנס. מילא, בעל־מחשבות איז כאָטש אַ קלוגער בחור. וויַיטער גייט [...] און חיים [געמיינט: ה. ד. — י. ד. ב.] נאָמבערג, און עפּעס אַ ייִנגל, וואָס שריַיבט מיר איבער מיַינע כתבים, און איינער אַ קריסט וועט איבער־זעצן פון פּויליש אויף רוסיש, און אַ ייִד וועט אים שוין איבערזעצן אויף ייִדיש. און פּרץ יצחק לאַיביש וועט שריַיבן אַלע טאָג (אַנטלויפט, ייִדן, ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט!). בקיצור, ס'איז שוין איין מאָל אַ ציַיטונג! — פּרילוצקי טאַנצט אַרום מיר שוין צוויי וואָכן און קאָן מיך ניט איינבייסן: שלום־עליכם לאָזט זיך ניט, פאַרכאַפּט זאָל ער ניט ווערן!"...

דער סוף איז אָבער געווען, אַז אויפן ראַט פון זיַין פרוי איז שלום־עליכם יאָ אַריַינגעטראָטן אינעם „וועג", און גלייך נאָך דעם איז ער געקומען אויף עטלעכע טעג קיין ווילנע צוזאַמען מיט מאַדאַם שלום־עליכם און מיטן ייִנגטן זון נומא, דעמאָלט אַ קינד פון אַ יאָר פיר. גע־הייסן האָט עס, אַז שלום־עליכם איז דאָס מאָל געקומען זיך געזעגענען מיט דער טאָכטער און מיט ווילנע אויף אַ לענגערער ציַיט, וויַיל ער האָט בדעה דאָס רעשט פונעם זומער זיצן אויף דאַטשע אין באָיאַרקע (ביי קיעוו), אין ערגעץ ניט אַרויספאָרן און שריַיבן. דער געדאַנק, אַז ער האָט שוין אַ ציַיטונג, ווו צו שריַיבן, און אַז ער טרעט ווידער אַריַין אין זיַין עלעמענט, נאָך לאַנגע חדשים פון גייסטיקער היימ־לאָזיקייט, האָט אים מאָדנע אויפגעמונטערט. ער האָט מיר יענע טעג אויסגעוויזן ייִנגער און פרישער, ווי איך האָב אים פריער געזען. דערצו

האָט ער זיך געפּילט זייער אויפגעלייגט, וואָס ער האָט אַרום זיך אין דער פרעמדער אַ טייל פון זיין פאַמיליע, דערהויפּט — זיין קליין מיזיניקל. איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען, וואָס פאַר אַ פיינער פאָטער ער איז — אַ פאָטער אַ קינסטלער! ער איז צום קינד געווען אויסערגע־וויינלעך אויפמערקזאַם און צערטלעך, האָט געהאַט אמתן צער, וואָס דאָס קינד בענקט אַהיים, און האָט אים געוויילט אויף זיין שטייגער — מיט הומאָריסטישע איינפאַלן. דער חידוש דערביי איז געווען, וואָס ער האָט מיט זיין קליינעם זון זיך געשפּילט ניט ווי אַן עלטערער מיט אַ קינד, נאָר ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן, מיט נאַטירלעכן ערנסט, אָן קיין שום געמאַכטקייט — ער אַליין איז ווי געוואָרן אַ קינד. זיין גע־לעכטער, נאָך אַ געלונגענעם שפּאַס מיטן קינד, האָט געקלונגען פונקט אַזוי יונג און הילכיק, ווי דאָס געלעכטער פון דעם פיר־יאָריקן יינגעלע.

דער זומער איז געשטאַנען אין רעכטן ברען, און מיר האָבן מיט אונדזערע געסט פאַרבראַכט די עטלעכע טעג, צום מיינסטן, אויסער דער שטאָט, אויף די פּאָהוליאַנקער דאַטשעס, אָדער אין שטאָט־גאָרטן, אַרום דעם שלאָס־באַרג. אין זיכרון איז פאַרבליבן אַ לאַנגער שפּאַציר, וואָס מיר האָבן צוזאַמען געמאַכט אויף „אַנטאָקאָליע". אויפן וועג האָט אונדז שלום־עליכם גענומען אויספרעגן, מיך מיט שניאורן, וועגן ווילנער לשון — צי הערן מיר זיך דאָ צו, ווי אַזוי ווילנער יידן רעדן יידיש? מיר האָבן זיךביידע גענומען פלייסן מיט אונדזערע ידיעות פון דעם ווילנער לעבנסשטייגער, נאָר מער פון אַלץ איז שלום־עליכמען גע־פעלן געוואָרן אַ ווערטל פון אַ ווילנער יידישן איזוואָשטשיק, וואָס מיר האָבן אים דערציילט פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג. מיר האָבן איין מאָל גענומען אַן איזוואָשטשיק צום „זאַקרעטנעם וואַלד" און געוואָלט ביי אים אָפּדינגען אַ „פּעטאַקל" (פינף קאָפּיקעס); האָט דער איז־וואָשטשיק אויף אונדז אַ קוק געגעבן איראָניש, פון אויבן אַראָפּ, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ טיפן זיפץ: „אוי, הערעלעך סטודענטעלעך, ווען מע זאָל דאָס ווען איבערלייגן אויף ליטאַין, דאַרף מען דאָך וויינען און קלאָגן אויף דעם!"... שניאור איז אַריין אין זיין ראָל און האָט גע־נומען פאָרשטעלן פאַר שלום־עליכמען שקלאָווער יידן, ווי אַזוי אַ טאַטע

מוסרט זיין בר־מצווה־בחורל שבת נאָכן שלאָף, פרעגט אים: „וואָס וועט זיין דער תכלית?" — און פּאַטשט אים איבער דער האַנט, למאַי יענער כאַפּט בשעת מעשה פליגן. פון שקלאָוו איז שניאור אַריבער אויף וואַרשע, צו די וואַרשעווער גאַסן־יונגן מיט זייער ווילערישן לשון. שלום־עליכם האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון שניאורס אינטערפּרעטאַציע פונעם וואַרשעווער זשאַרגאָן און האָט זיך דערהויפּט פאַראינטערעסירט מיט דעם, וואָס די פּוילישע יידן דרייען איבער די „פּרעפיקסן" און זאָגן, צום ביישפּיל, אַנשטאָט „ער האָט אַרויסגעכאַפּט" — „ער האָט געגעבן אַ כאַפּ־אַרויס" — אַנשטאָט „ער איז אַריבערגעשפּרונגען" — „ער האָט געגעבן אַ שפּרונג־אַריבער"... שלום־עליכמען איז דער דאָזיקער ווילערישער שפּראַך־שטייגער אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז פון יענעם שפּאַציר אָן האָט ער אים אָנגעהויבן אָפּט באַנוצן אין דעם לשון פון זיינע פּאַרשוינען.

דערווייל האָט דער קליינער נומא געגומען פאָדערן „מאַראָזשענע" (אייז־קרעם) — דער פאָטער האָט אים היינט צוגעזאָגט מאַראָזשענע. מיר זענען אַריין אין אַ קאַפעהויז, זיך אויסגעזעצט אַרום אַ טישל, און אַז דער קעלנער איז צוגעקומען, האָט אים שלום־עליכם גאַנץ געלאַסן און גאַנץ ערנסט אַ זאָג געטאָן: „פּאָל פּאָרציאי מאָראָזשענאָוואָ אי שעסט לאָזשעטשעק!" (אַ האַלבע פּאָרציע אייז־קרעם און זעקס לעפעלעך)... דער פּוילישער קעלנער האָט אויף אים אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פאַרשוין מיט לאַנגע האָר און וואָס איז דאָס פאַר אַ ווילדע באַשטעלונג?... ערשט אַז דער קליינער נומאַ האָט גענומען פּראָטעסטירן, אַז ער וויל אַ גאַנצע פּאָרציע פאַר זיך אַליין, און שלום־עליכם האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, — האָט דער קעלנער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז געווען אַ וויץ, און אַז דער וויץ איז געווען באַשטימט ספּעציעל פאַרן קליינעם יינגעלע.

וויבאַלד אַז מע איז געזעסן אין אַ קאַפעהויז, איז שוין דאָס גע־שפּרעך ממילא אַרויפגעקומען אויף ספּעקטאָרן. ספּעקטאָר איז געווען ביי יידישע שרייבער די גאַנגבאַרסטע טעמע פאַר לייכטן שפּאַס. ער איז געווען דער איינציקער צווישן יידישע שרייבער מיט גאַנצע אומבאַרירטע

חושים פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן און מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט פאַרן פּשוטן מענטשלעכן עולם הזה. ער האָט ליב געהאַט גוט צו עסן און האָט געשמאַק גערעדט פון עסן. נאָר מער ווי ער אַליין האָט ליב געהאַט צו רעדן פון עסן — האָבן זיינע חברים ליב געהאַט צו רעדן פון אים און פון זיין עסן. פון ספּעקטאָרס עסן האָבן גערעדט אַלע: פּרץ, פרישמאַן, אפילו דינעזאָן. ספּעקטאָר אַליין פלעגט זאָגן גאַנץ תמימותדיק: „דאַכט זיך, איך עס ניט מער פון זיי אַלעמען — וואָס זשע פאַרגינען זיי מיר דאָס ניט?"... אויך שניאור, ווי יונג ער איז דעמאָלט געווען, האָט שוין געהאַט פון ספּעקטאָרן אַ גאַנצן רעפּערטואַר. נאָר דאָ האָט אים שלום־עליכם אָפּגעשטעלט:

— פע, אויף ספּעקטאָרן זענט איר דאָך גאָר אַ וויסטע קאַליקע! אָט אַזוי רעדט ספּעקטאָר? איר מאַכט דאָך פון אים אַ ליטוואַק! ווי קומט ספּעקטאָר צו ליטוויש? ס'איז אַ חילול השם!

און שלום־עליכם האָט אַליין גענומען „קאָפּירן" ספּעקטאָרן. ספּעקטאָר איז געווען שלום־עליכמס נאָענטער חבר נאָך פון די יונגע שרייבערישע יאָרן, דער איינציקער פון יידישע שרייבער, מיט וועמען ער איז געווען אויף „דו", און שלום־עליכם האָט אים געקענט דורך־און־דורך, מיט זיין גאַנצער פיזיק און פּסיכיק, ווי מע קען אַ לייבלעכן ברודער. ער האָט פאַר אונדז פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ספּעקטאָר זיצט אַקעגן אים מיטן אָנ־געלאָדענעם קורצן קאַרק און מיטן אָנגעקוואָלענעם ראָזעווען פּנים, קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין גוטמוטיק־פאַרשנדיק־כיטרעוואַטע, שעפּע־ליאַוועט אַ ביסל מיט דער פולער צונג און דערציילט אים זיינע זכרונות פון דער צייט, ווען ער מיט פּרצן זענען געזעסן אין דער וואַרשעווער טורמע אויפן פאַרדאַכט, אַז זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט רעוואָלוציאָנערן. די זכרונות זענען געווען ניט אַזוי רייך מיט ספּעציעלע געשעענישן און איבערלעבונגען. נאָר אָט קומט־צו ספּעקטאָר צום עיקר:

— הערסטו, ברודער שלום־עליכם, וואָס זאָל איך דיר לאַנג דער־ציילן? ס'איז געווען פינצטער און ביטער: איך האָב געמיינט, מע וועט מיך דאָ חלילה פאַרמאָרן דורך הונגער... זיץ איך מיר אַזוי איינער אַליין אין קאַמער, פאַרזונקען אין טראָווערדיקע מחשבות... ערשט עס עפנט זיך

פלוצעם די טיר, און עס קומט אַריין אַליין דער אָדון דער נאַדזיראַטל, און ברענגט מיר צו טראָגן — טרעף וואָס? אַ סיסל פלייס (אַ שיסל פליישׁ) — אָט אַזאַ פולע סיסל מיט פלייס!... הערסטו? ס'איז דאָרט אפשר געווען, בלא גוזמא, אַ פונט פינף־זעקס פלייס — אָט אַזאַ סיסל פלייס!... טראַכט איך מיר: נו, דאַנקן גאָט, אַבי מע גיט דאָ עססן...

— וואָס דערציילסטו מיר אַלץ פון פרעסן? — שלאָגט אים איבער שלום־עליכם. — דערצייל מיר בעסער פון דיינע גייסטיקע איבער־לעבונגען אין טורמע! נאָר עס ליגט דיר אין זינען די אכילה!...

— גיי שוין גיי! — זאָגט ספעקטאָר. — ער הייבט שוין אָן! שלום־עליכם מיט זיינע שפּיצלעך!... וואָס זידלסטו זיך?... וועלכע גייסטיקע איבערלעבונגען ווילסטו נאָך! איך דערצייל דאָך דיר פון מיינע גייס־טיקע איבערלעבונגען — וואָס דען דערצייל איך דיר?... נאַרעלע, ווען דו ביסט אויף מיין אָרט, זיצסט אַזוי איינער אַליין אין קאַמער, פאַר־זונקען אין טראָווערדיקע מחשבות, און מע ברענגט דיר פלוצעם צו טראָגן אַ סיסל פלייס — אָט אַזאַ סיסל פלייס, אפשר בלא גוזמא אַ פונט פינף־זעקס פלייס!...

דער גראָטעסק וועגן ספעקטאָרס זיכרונות פון טורמע איז געווען אַזוי געלונגען, אַז שלום־עליכם אַליין האָט זיך הילכיק צעלאַכט, און אויף אים קוקנדיק האָט דער קליינער נומא אויך געקוואַלן און גע־פּאַטשט מיט די הענטלעך.

שלום־עליכם איז אַוועקגעפאָרן פון ווילנע — און גאָר אין קורצן האָט ער דערפרייט זיינע לייענער אינעם „וועג" מיט אַ נייער גרויסער דערציילונג „יוסף", אין וועלכער אַ קאָמיוואָיאַזשאָר — „אַ יונגערמאַן אַ היינטיקער, אַ שיינער יונג, אַ געזונטער, מיט אַ שטיקל נאָמען, און אַ היפּשער פאַרדינער, און אַ קערבל איז ביי אים בלאָטע, אי טאָמו פּאַדאָבנע" — דערציילט וועגן די „יאַנקעלעך" (די בונדיסטן), ווי אַזוי זיי קערן וועלטן, און ווי אַזוי זיי האָבן ביי אים אַוועקגענומען אַ מיידל, זיין איינציקע אמתע ליבע, זיין איינציקן טרייסט אין לעבן...

„יוסף" איז געווען אַ פּראָדוקט פון שלום־עליכמס זיצן אין ווילנע, אין דער שטאָט, ווו דער „בונד" האָט אויפגעבליט, און אין די ווילנער

בונדיסטישע קרייזן איז די דערציילונג אויפגענומען געוואָרן מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט.

פון דער ווייטן, זיצנדיק אין באַיאַרקע אויף דאַטשע, האָט אונדז שלום־עליכם פון דעסטוועגן ניט פאַרגעסן. פון צייט צו צייט פלעגט ער אונדז חבריש באַגריסן מיט אַ בריוול. די בריוולעך זענען געשריבן געוואָרן אויף ספּעציעל־געקויפטע רויטע פּאָסט־קאַרטלעך — די סימ־באָלישע פאַרב פון יענע אומרואיקע, נייע טעג אין רוסלאַנד. וועגן וואָס צו שרייבן האָט ער שוין געפונען. אויף איינעם פון די רויטע קאַרטלעך שרייבט ער מיר (אויף רוסיש) וועגן שניאורס דערציילונג „מות" („אַ טויט"), וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן דרוקן אינעם טעגלעכן „הזמן":

„איך לייען און קאָן זיך זאַט ניט אָנלייענען מיט שניאורס „מות". דאָס זאָגט־צו צו זיין אַ היפּשע נייקייט אין אונדזער ליטעראַטור, וועלכע (די נייקייט) וועט זיך פאַרמעסטן מיט „זייערן" אַן אַנדרעיעוו, אויב ניט נאָך היפּשער, לויט דעם הומאָריסטישן עלעמענט, וואָס ביים לעצטן איז ער ניט בנמצא".

די זעלבע גוטע מיינונג האָט ער געשריבן באַזונדער צו שניאורן אַליין. ער האָט אָבער דעם יונגן דיכטער געוואָלט דערפרייען טאָפּל — האָט ער אויך געשריבן צו זיין חבר, וואָס זיצט מיט אים אין איין דירה.

דאָס איז שוין געלעגן אין זיין נאַטור: אַז ער האָט יענעם געוואָלט פאַרשאַפן נחת־רוח — האָט ער עס געטאָן פון פולן האַרצן און מיט דער ברייטער האַנט.

טז
## דער פּאַטער

איך קום דאָ צו צו עטלעכע קאַפּיטלען, וואָס איך וואָלט זיי אפשר גאָרניט באַדאַרפט שרייבן, אָדער איך וואָלט זיי בעסער באַדאַרפט אָפּלייגן אויף שפּעטער מיט אַ יאָר צוואַנציק, אויף די קילע און קלוגע עלטערע יאָרן, ווען דער מענטש איז שוין פעאיק צוריקצוקוקן צו זיינע פּריוואַטע יוגנט־איבערלעבונגען מיט אַן אָפּגעקילטן געלייטערטן געמיט, ווי אַ זייטיקער קלאָר־זעער. עס איז מיר אָבער אַ שאָד די דאָזיקע קאַפּיטלען דאָ אויסצולאָזן, ווייל אַחוץ דעם, וואָס זיי וועלן מיר דינען ווי אַ נייטיקער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר מיינע ווייטערדיקע באַשרייבונגען פון שלום־עליכמס לעבן, קאָנען זיי אויך העלער און טיפער באַלייכטן די אינטימע ווינקלען פון שלום־עליכמס כאַראַקטער — יענע ווינקלען, פון וואַנען עס ציען זיך די גרונטשטריכן פון זיין מענטשלעכער נאַטור. און בכלל גערעדט — ווער ווייסט דאָס, צי אַזעלכע זאַכן דאַרפן באַטראַכט ווערן דווקא אינעם קילן ליכט פון די קלוגע עלטערע יאָרן? און ווער ווייסט, צי די גאַנצע קלוגשאַפט און קלאָר־זעעוודיקייט ווערט געגעבן דעם מענטשן ערשט דעמאָלט, ווען זיין ליד איז שוין אָפּגעזונגען, די סטרונעס פאַרשטומט און די בעסטע דורכגעלעבטע יאָרן זעען אים אויס ווי אַ פאַרגאַנגענע נאַרישקייט, ווי אַ הבל־הבלים?...

איך בין איצט נאָך ניט אַזוי ווייט אַוועק פון יענע טעג, און עד־היום, אַז איך קער זיך אום צו זיי אין מיין געדאַנק, קאָן איך מיך אַלץ ניט באַפרייען פון אַ באַזונדערן געפיל פון וווּנדער, וואָס האָט מיך דעמאָלט אָפּט באַהערשט: דאָס וווּנדער איבער דעם ווייט־זעענדיקן און ווייט־טרעפנדיקן גורל, וואָס האָט מיך פון מיינע פריסטע יאָרן געצויגן ערגעץ פון אַ צפונדיקער ווייס־רוסישער וויסטע צום געבענטשטן דרומדיקן קוואַל פון שלום־עליכם — ביז ער האָט מיך

ענדלעך דערפירט און באַהעפט אָן אים ניט נאָר מיט צאַרטע זעלישע פעדים, נאָר אויך מיט פעדים פון ענגער און פעסטער קרובהשאַפט.

פאָרגעקומען איז דאָס אָבער אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן: איך און שלום־עליכמס טאָכטער האָבן זיך באַגעגנט אין ווילנע, און שוין ביי אונדזערע ערשטע באַגעגענישן האָבן מיר ביידע אומקלאָר און אומרואיק דערפילט, אַז אונדזערע יונגע לעבנס האָבן זיך דאָ ניט צופעליק געטראָפן. מיר זענען ביידע געווען קינדער, כאָטש ניט פון איין דערציאונג, אָבער פון איין גייסטיקער ספערע, און קיין פּראָבלעמען האָבן מיר פון אונדזער לאַגע זיך ניט געשאַפן. דאָס הייסט, ריכטיקער געזאָגט, האָט זי אין דעם קיין פּראָבלעמען ניט געזען, וואָרעם פאַר מיר אַליין איז יאָ געשטאַנען אַ שאָטן פון אַ פּראָבלעם: עס איז מיר ניט איינגעגאַנגען דער געדאַנק, וואָס זי איז שלום־עליכמס אַ טאָכטער. עס וואָלט מיר געווען אַ סך לייכטער, ווען זי זאָל ניט קומען פון אַזאַ געהויבענעם יחוס, אַזוי אַז ניט נאָר אין אונדזער קעגנוואַרט און צוקונפט, נאָר אויך אין אונדזער פאַרגאַנגענהייט זאָלן מיר זיך האַרמאָניש אויסגלייכן. פון דער צווייטער זייט האָב איך אָבער מיט אינערלעכער פרייד אויפגענומען די ליכטיקע ירושה, וואָס זי טראָגט אין זיך פון איר פאָטער: די לייכטע איינפאַכקייט און פריינדלעכקייט אין באַציאונגען צו מענטשן, דעם קלאָרן אָפּטימיסטישן קוק אויף די שווערקייטן פונעם לעבן, דעם פריילעכן געהויבענעם מוט און די ענערגישע אַנטשלאָסנקייט אין גרויסע און קליינע זאַכן. דערהויפּט איז מיר געווען אָנגענעם צו באַמערקן אין איר דעם מילדסטן שטריך פון איר פאָטערס כאַראַקטער: די נאַטירלעכע, אומבאַוווּסטזיניקע באַשיידנקייט, די פּרעטענזיעלאָזיקייט. פונקט ווי שלום־עליכם אַליין האָט אין טאָג־טעגלעכן פאַרקער מיט מענטשן גאַנץ אָפט פאַרגעסן, אַז ער איז ביי יידן אַ גרויסער שריפטשטעלער, אַזוי האָט אויך זיין טאָכטער ניט געטראַכט דערפון, וואָס זי איז שלום־עליכמס אַ טאָכטער. זי איז מיט איר פאָטער געווען שטאָלץ; זי האָט אָבער אין זיין נאָמען פון קיינעם גאָרנישט ניט געפאָדערט. אויך איר אינטערעס צו מיר האָט זיך באַצויגן ניט אויף מיין שרייבערישער לאַגע: איך האָב דעמאָלט

געשריבן נאָר העברעאיש — אַ שפּראַך, וואָס זי האָט ניט געלייענט. אויב זי האָט דעמאָלט עפּעס געוווּסט פון דער לאַגע פון יידישע שרייבער — איז דאָס געווען נאָר איין זאַך: אַז יידישע שרייבער, אַפילו די גרעסטע און פּאָפּולערסטע פון זיי, זענען אויסגעשטעלט צו זייער ווייניק נחת אין דער מאַטעריעלער וועלט. פון מאַטעריעלע אויסרעכענונגען איז זי אָבער געווען אינגאַנצן ווייט.

איך האָב דורך מיין נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט שלום־עליכמס טאָכטער ניט נאָר געהאַט די מעגלעכקייט נאָענט צו זען די אָפּ־שפּיגלונג פון זיינע ליבע מענטשלעכע מעלות — זי האָט מיך אויך נאָענט צוגעפירט צו זיין אינטימען לעבן, צו דער פיינער, געהויבענער פאָטערלעכער אַטמאָספער, וואָס ער האָט אַרום זיך געשאַפן אין זיין משפּחה־לעבן. איך האָב ביז יענע טעג אין ערגעץ ניט געזען אַזאַ טיפע אויפריכטיקע ליבשאַפט פון אַ קינד צו אַ פאָטער, אַזאַ אַנטציקטע באַ־ציאונג צו אַ פאָטערס פּערזענלעכקייט, און פון דער צווייטער זייט — אַזאַ צערטלעכע אויפמערקזאַמקייט, פול מיט זאָרג און שוק, און אַזאַ גוטע און קלוגע ברייטהאַרציקייט פון אַ פאָטער צו זיין קינד. עס איז פאַר מיר געווען אַ נייע אַנטפּלעקטע וועלט. זי האָט געדענקט דעם פאָטער כמעט פון זיינע יונגע גוטע יאָרן, בשעת זיין ברייטע נאַטור איז נאָך ניט געווען געצאַמט פון מאַטעריעלע שטערונגען, און זי האָט אים געדענקט דערנאָך אין פאַרשיידענע מאָמענטן, אויך אין מאָמענטן פון שווערער נויט, און פון אַלע אירע דערציילונגען וועגן אים איז אויסגעוואַקסן אַ ליבע, ליכטיקע, פאָטערלעכע פיגור, באַ־שטראַלט מיט הויכן פאַרשטאַנד, פול מיט פריילעכער שפּילעוודיקער פאַנטאַזיע, וואָס איר באַרוף איז צו שפּרייטן אַרום זיך, אין דעם אייגענעם פאַמיליע־קרייז, אויף די יונגע קינדערשע קעפּלעך, די ליכטיקע ברכה פון פרייד און מונטערקייט, פון הילכיקן קינדערשן געלעכטער. זי האָט מיר אויך דערציילט פון דעם פאָטערס אייביק־יונגער, ריטערלעכער ליבע צו דער מוטער, פון זייער ראָמאַנטישן אָנהייב אין דער פריער יוגנט, וואָס באַלייכט זייער לעבנס־וועג ביז צו די לעצטע טעג, — און די דאָזיקע ראָמאַנטישע געשיכטע פון דעם פריערדיקן דור, וואָס

האָט געקלונגען ווי אַ פיינע פּאָעמע, האָט געזאָלט דינען ווי אַ גאַראַנטיע, אַז דער ייִנגערער דור וועט זיכער ניט געשטערט ווערן אין זיין אייגענעם ראָמאַנטישן בונד.

צי האָט דעמאָלט שלום־עליכם געוווּסט וועגן מיין פריינדשאַפט מיט זיין טאָכטער? מיר דאַכט, אַז יאָ. אויף זיינע באַזוכן יענעם זומער אין ווילנע פלעגט ער אונדז שטענדיק זען צוזאַמען. און זיין פּאָטערלעך אויג האָט זיכער באַמערקט, אַז עפּעס וועבט זיך דאָ צווישן אונדז. ער האָט זיך אָבער די גאַנצע צייט צו מיר באַצויגן מיט דער זעלבער חברשער פריינדלעכקייט, ווי צו אַלע אַנדערע יונגעלייט פון אונדזער ליטעראַרישן קרייז, און האָט מיט קיין זאַך ניט אַרויסגעגעבן דאָס, וואָס ער זעט. מיר ווידער, פון אונדזער זייט, האָבן דערווייל נאָך ניט געטראַכט פון באַשטימטע פּלענער, און כאָטש מיר האָבן אונדזער פריינדשאַפט ניט געהאַלטן בסוד, און ציטראָן האָט פון זיין הויכן שטענדער אין דער רעדאַקציע פונעם „הזמן" פילדייטיק געשמייכלט צו מיר מיט זיין פּאַרמעט־גלאַנציקן פּנים, — פון דעסטוועגן האָבן מיר ניט געפונען פאַר נייטיק צו רעדן וועגן דעם אַפילו מיט די סאַמע נאָענטע מענטשן.

נאָר איין מאָל האָט זיך שלום־עליכם ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט מיר, פאַר וואָס איך פּרוּוו ניט שרייבן אויף ייִדיש, און איך האָב אין דעם פון זיין זייט דערפילט עפּעס מער ווי אַ ריין־ליטעראַרישן אינטערעס. ער האָט ביי מיר גענומען עטלעכע פון מיינע געדרוקטע העברעאישע דערציילונגען צו זען, אויב זיי זענען פּאַסיק איבערגעזעצט צו ווערן אויף ייִדיש פאַר קרינסקיס פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע", מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן. ער האָט די דערציילונגען מיט עטלעכע טעג שפּעטער צוריקגעשיקט פונעם וועג ניט אויף מיין אַד־רעס, נאָר אויפן אַדרעס פון דער טאָכטער, דערביי האָט ער זיין מיינונג וועגן זיי געשריבן ניט נאָר צו מיר, נאָר אויך אין אַ באַזונדערן בריוו צו דער טאָכטער, וואָס דאָס האָט קלאָר געהייסן, אַז ער ווייסט, אַז דאָס וועט זי אויך אינטערעסירן. ער האָט מיך אין זיינע אָנמער־קונגען פאַר אייניקע זאַכן שטרענג קריטיקירט און פאַר אייניקע —

געלויבט און שטאַרק אויפגעמונטערט. און אי אין זיין שטרענגער קריטיק, אי אין זיינע לויב־ווערטער האָב איך דערפילט אַ טאָן פון נאָענטער, קרובישער אויפמערקזאַמקייט.

סוף זומער, ביי שלום־עליכמס לעצטן געזעגענען זיך מיט אונדז, איז קלאָר געוואָרן, אַז אויך זיין טאָכטער וועט גאָר אין גיכן זיך שיידן מיט ווילנע: מע האָט איר פאָרגעשלאָגן אַ שטעלע פון אַ פאַרוואַלטערין אין אַ פאָלקסשול פאַר מיידלעך אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק. שלום־עליכמען איז דער גאַנצער ענין ניט געווען צום האַרצן. לויט די באַגריפן פון יענער צייט, האָט עס אים שטאַרק געקימערט, וואָס זיין קינד זוכט צו לעבן פון אייגענער אַרבעט, ניט געשיצט אונטער זיינע פליגל; זיין פאָטערלעכער שטאָלץ האָט דערפון אין דער שטיל געליטן. די טאָכטער אָבער, וואָס האָט געוווסט, ווי שווער עס גייט דעם פאָטער די לעצטע יאָרן, האָט געשטרעבט מיטן פולן ווילן צו זיין מאַטעריעל זעלבשטענדיק, און האָט גערן אָנגענומען די פאָרגעלייגטע, געזיכערטע שטעלע אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק. אונדזביידן איז שווער געווען דער ערשטער אָפּשייד; מיר האָבן אָבער ביי זיך אָפּגערעדט, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, אָדער ביי דער ערשטער אוממעגלעכקייט צו זיין צעשיידט, קום איך צו איר קיין מאָהילעוו.

שלום־עליכמס טאָכטער איז אַוועקגעפאָרן, שלום־עליכם אַליין האָט זיך מער אין ווילנע שוין ניט באַוויזן — און ווילנע איז געוואָרן פוסט און וויסט... עס האָט זיך אָנגערוקט דער האַרבסט, דער הימל האָט זיך אָפּט פאַרוואָלקנט, דער „זאַקרעטנער וואַלד" איז געשטאַנען דורכזיכטיק־נאַקעט איבער קופּקעס אַראָפּגעפאַלענעם פאַרוועלקטן גאָלד, און אין דער רעדאַקציע האָט ציטראָן אַרויסגעקוקט צו מיר פון הינטער דעם הויכן קאָרעקטאָר־שטענדער מיט אַ נייגעריק־פאָרשנדיקן בלייכן שמייכל אויפן פאַרמעט־גלאַנציקן פּנים: „הא, ברודער, וואָס הערט זיך? אַפּנים, טרויעריק אויף דער נשמה?"... און איין מאָל אין אַ פרימאָרגן באַקום איך אַ בריוו פון מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, אַז אויב די מעגלעכקייט איז נאָך ניט געקומען, איז אָבער די אוממעגלעכקייט צו זיין צעשיידט זייער שווער, — דעריבער זאָל איך איינפּאַקן די זאַכן און קומען צו

פאָרן, און מיר וועלן שוין ניט וואַרטן מער אויף תכליתים און גלייך חתונה האָבן.

דער יונגער מוט האָט מיך פאַרשיכורט, און איך בין אַ גאַנצן טאָג אומגעגאַנגען ווי אין אַ חלום. ערשט אין אָוונט האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב איך זאָל וועגן דעם ניט געבן צו וויסן שלום־עליכמען, וועט אויסקומען, אַז איך האָב ביי אים אַוועקגעגזלט אַ קינד, דאָס עלטסטע און ליבסטע קינד, — און ער אַליין איז מיר שוין דעמאָלט געווען אַזוי פיל ליב, אַז איך וואָלט מיך געפילט אומגליקלעך פון זיין אומגליק. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט שרייבן צו אים אַ בריוו. עס האָט זיך מיר געוואָלט אים געבן צו וויסן, אַז אויב, חלילה, עס וועט אים וויי טאָן — וועט דאָס מיר נאָך מער וויי טאָן; עס גייט מיר אָבער אין לעבן... דער בריוו איז אַרויסגעקומען ניט אין גאַנצן לאָגיש און צוועקמעסיק — ער האָט זיך אָבער אויסגעגאָסן פונעם האַרצן זייער פשוט און זייער אמתדיק.

עס האָט געדויערט מיט עטלעכע טעג מער, ווי עס האָט באַדאַרפט געדויערן, און ס'איז מיר אָנגעקומען פון שלום־עליכמען אַן ענטפער, געשריבן אין אַ פריינדלעך־חברשן טאָן, נאָר אַ ביסל צוריקגעהאַלטן. ער דאַנקט מיר פאַר מיין ערלעכער אָפנהאַרציקייט און וועט מיט מיר זיין פונקט אַזוי אָפנהאַרציק. ער וועט אונדז ניט געבן קיין עצה ניט אַהער און ניט אַהין, נאָר די זאַך גייט אים אויך אין לעבן; און אַזוי ווי ער קען זייער גוט זיין טאָכטער און קען אויך אַ ביסל מיך, האָט ער מורא, אַז אונדזערע פאַרשיידענע כאַראַקטערן וועלן אונדז חלילה ברענגען אומגליק, ניט קיין גליק, וואָס אים וועט דאָס פאַר־שאַפן מער ווי ווייטאָג, און איך זאָג דאָך אַליין, אַז דאָס וויל איך ניט. דעריבער פאַרלאָזט ער זיך אויף מיין ערלעכקייט און אויף מיין שכל הישר.

דער טיף־פאַרזאָרגטער פאָטערלעכער בריוו האָט מיך צערודערט. זיין הויפּט־מאָטיוו אָבער, די מורא פאַר מיין כאַראַקטער, האָט מיך דווקא ניט געשראָקן, נאָר פאַרקערט — ווי באַרואיקט. דערצו איז צו דעם בריוו צוגעלייגט געוואָרן נאָך אַ בריוו פון מאַדאַם שלום־עליכם — שוין

אין אַן אַנדערן טאָן. זי שרייבט מיר, אַז אַזוי ווי זי האָט ניט דעם טאַלאַנט צו שרייבן אַזעלכע בריוו, ווי איר מאַן, וואָלט זי געוואָלט מיט מיר זיך בעסער דורכריידן פּערזענלעך. דעריבער לאַדט זי מיך איין, איך זאָל קומען צו זיי אויף עטלעכע טעג צו גאַסט קיין קיִעוו, און זי האָפט, אַז נאָכן דורכריידן זיך וועלן ביידע צדדים בלייבן צופרידן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די מוטער וויל דאָ דורך מיין צו־גאַסט־זיין ביי זיי אין הויז פּשוט שטודירן מיין כאַראַקטער. דאָס האָט שוין געשמעקט מיט „פאַרהערן דעם חתן". און אַזוי ווי די ראָל פון אַ חתן האָט זיך זייער שלעכט געפּאַסט צו מיין יונג־שרייבערישן פּנים, איז ביי מיר געבליבן, אַז קיין קיִעוו פאָר איך ניט — איך וועל פאָרן גלייך קיין מאָהילעור־פּאָדאָלסק.

## יז
# אין שטורעמדיקע טעג

מיין נסיעה קיין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק איז גראָד אויסגעפאַלן אין יענע באַרימטע שטורמישע טעג, ווען די פרייהייט־באַוועגונג האָט צום ערשטן מאָל געפּרוווט אַרויסגיין פון אירע ברעגן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט זי פאַרפלייצן דאָס גאַנצע לאַנד און אַרונטער־שווענקען די צעפוילטע יסודות, אויף וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן אַן אומגעלומפּערטער רעזשים פון ווילדער מיטלאַלטערלעכער קנעכט־שאַפט. עס זענען אַוועק סך הכל ניין חדשים פון דעם טרויעריקן „רויטן זונטאָג״ (דעם 9טן יאַנואַר, 1905), זינט דער גלח גאַפּאָן האָט געפירט די פּעטערבורגער אַרבעטער מיט זייערע ווייבער און קינדער צום צאַרישן ווינטער־שלאָס, ווו מע האָט זיי באַגעגנט מיט פייער פון קוילן, — און אַצינד האָבן שוין אין רוסלאַנד געוווּסט אַפילו יונגע שול־קינדער, אַז עפּעס גרייט זיך אינעם לאַנד, אַז אַזוי גלאַט וועט דאָס ניט אָפּלויפן. פאַר די ניין חדשים איז דאָס גרויסע גלייכגילטיקע רוסלאַנד ווי אויפגערודערט געוואָרן פון פרישע, שאַרפע פרילינג־ווינטן, וואָס האָבן גענומען בלאָזן פון אַלע זייטן, זיך אויסגעריבן די פאַר־שלאָפענע, פאַרגאָסענע אויגן און אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן, ווו עס האַלט אין דער וועלט. אַחוץ די אונטערערדישע סאָציאַליסטיש־רעוואָ־ליוציאָנערע פאַרטייען, וואָס האָבן מיט פרישע כוחות גענומען גראָבן טיפער, האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צום קאַמף אויך די בירגערלעכע טיילן פונעם לאַנד, די ליבעראַלן און דעמאָקראַטיש־געשטימטע, ביי וועמען דער אידעאַל איז דעמאָלט געווען אַ „קאָנסטיטוציאָנעלע מאָ־נאַרכיע״ (די סאַמע ראַדיקאַלע צווישן זיי פלעגן אין דער שטיל צו־געבן: „ווי אין ענגלאַנד״).

די דאָזיקע בירגערלעכע טיילן האָבן דערווייל געפירט דעם קאַמף

מיט גוטן, מער געבעטן ווי געפאָדערט, געזוכט צו וועקן יושר אין די פאַרהאַרטעוועטע הערצער פון דער איינגעשפּאַרטער צאַרישער ביוראָ־קראַטיע. עס איז אַוועק אַ סדרה פון פּעטיציעס: ווי נאָר עפּעס אַ פאַראיין פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן כאַראַקטער, ווי נאָר אַ צוזאַמענפאָר אָדער אַ קאָנפערענץ פון אָנשטענדיקע אינטעליגענטע פּראָפעסיאָנאַליסטן — האָט מען דאָרט געשריבן פּעטיציעס און אָפּ־געשיקט צום מיניסטאָרן־ראַט. אין די פּעטיציעס האָט מען געפאָדערט (דאָס הייסט — געבעטן) אַלערליי פרייהייטן: פרייהייט פון וואָרט, פרייהייט פון דרוק, פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פרייהייט פון פּערזאָן און וווינונג. אַנדערע האָבן זיך ניט געשעמט צו דערמאָנען אויך וועגן אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, דאָס הייסט, אַ פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל איבער־בויען רוסלאַנד אויף נייע יסודות; נאָר דאָס האָבן געוואַגט צו טאָן די גאָר גרויסע היץ־קעפּ. די פּעטיציעס זענען געוואָרן אַ מין סעזאָן־עפּידעמיע, וואָס האָט ניט נאָר פאַרכאַפּט די גרויסע שטעט אין רוס־לאַנד, נאָר איז אויך אַריינגעדרונגען אין די ווייטסטע פּראָווינציעלע שטעטלעך, אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פונעם גרויסן לאַנד, און האָט, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעמיידט אויך די יידישע שטעט און שטעטלעך: אויך דאָ האָט זיך חדשים לאַנג געקאָכט און געררודערט מיט פּעטיציעס. „פּעטיציע" איז דעמאָלט געווען דאָס פּאָפּולערסטע וואָרט אויף דער יידישער גאַס: אין דער יידישער פּרעסע, אין די יידישע קהלשע אינסטיטוציעס, און אַפילו אין די בתי־מדרשים. אַ קליינשטעטל־דיקער רב, אַז ער איז מיט ווייב און קינדער אויסגעגאַנגען פון הונגער און האָט זיך מיט זיין געמיינדע געריסן איבער דער הכנסה פון פאַרקויפן הייוון און בענטשליכט אויף שבת — האָט ער דערלאַנגט דער שטאָט אַ פּעטיציע. אַ שמש אין שול, אַז ער איז ניט געווען צופרידן מיט די קאַרגע יאָרצייט־געלטער און האָט געלעכצט נאָך אַ שטיקל הוספה — האָט אונ־טערגעטראָגן די גבאים אַ פּעטיציע. און ישיבה־בחורים, וואָס זענען אָנגע־שטעקט געוואָרן מיט דער רעוואָליוציאָנערער שטימונג פונעם לאַנד, האָבן בין מנחה למעריב אַריינגערוקט דעם משגיח פון דער ישיבה אין האַנט אַריין אַ פּעטיציע, אין וועלכער זיי האָבן פאַרלאַנגט אַלערליי פרייהייטן:

פרייהייט פון לייענען לשון־קודשדיקע צייטונגען, פרייהייט פון ווױנען אויף אייגענע סטאַנציעס, פרייהייט פון טראָגן די ארבע־כנפותן מיט די ציצית פון אינעווייניק. איך האָב דעמאָלט געשריבן אינעם „הזמן" אַ וועכנטלעכן פעליעטאָן פון פראָווינץ־בילדער — האָבן מיך מיינע קליינשטעטלדיקע קאָרעספּאָנדענטן פאַרוואָרפן מיט באַריכטן וועגן אַזעלכע „פּעטיציעס".

אויך די יידישע צייטונג־אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן זענען ניט אָפּגעשטאַנען פון דער צייט און האָבן יענע טעג אָפּגעהאַלטן אַ קאָנ־פערענץ אין וואַרשע, ביי נחום סאָקאָלאָוון אין הויז, מיטן צוועק צו שיקן צו די מיניסטאָרן קיין פעטערבורג זייער פּעטיציע. אויף יענער קאָנפערענץ איז אויך געווען שלום־עליכם, און ער האָט פון דאָרטן אַרויסגעטראָגן אַזאַ מין וויץ: צווישן די צייטונג־אַרויסגעבער האָט זיך געפונען א. א. פרידמאַן, אַ ליטוואַק, לויט באַשעפטיקונג אַ מעל־הענדלער, וואָס האָט דורך פּראָטעקציע באַקומען אַ דערלויבעניש אויף דער טעגלעכער העברעאישער צייטונג „הצופה" אין וואַרשע און האָט זיך אונטער דער צייטונג אונטערגעשריבן ווי דער אָפיציעלער רע־דאַקטאָר. אַז מע האָט געהאַלטן ביים צונויפשטעלן די פּעטיציע פון דער יידישער פּרעסע, האָט זיך פרידמאַן איינגעשפּאַרט, מע זאָל פון דער פּעטיציע אַרויסוואַרפן די הויפּט־זאַך: דעם פּונקט פון „סוואָבאָדאַ פּעטשאַטי" (פרייהייט פון דרוק — דאָס הייסט, די פרייהייט צו דרוקן צייטונגען און ביכער אָן אַ צענזור). ער וויל זיך ניט איינרייסן מיטן קייסער און ער דאַרף ניט קיין פרייהייט פון דרוק! ער איז אַרויס פונעם קאָנפערענץ־טיש מיט זיין היפּשן סוחרישן בייכל און מיטן היפּשן ציגאַר צווישן די פינגער און האָט געטענהט אויף זיין ליטווישן רוסיש: „זאַצעם מענע סוואָבאָדאַ פּעצאַט? יאַ סאַם סוואָבאָדאַ פּעצאַט: כאַצו — פּעצאַטאַיו, נע כאָצו — נע פּעצאַטאַיו!"... (אויף וואָס טויג מיר פרייהייט פון דרוק? איך בין אַליין פרייהייט פון דרוק: וויל איך — דרוק איך, וויל איך ניט — דרוק איך ניט!...). דער דאָזיקער וויץ שלום־עליכמס איז דעמאָלט אומגעגאַנגען אין די שרייבערישע קרייזן. פרידמאַן האָט עס שלום־עליכמען ניט פאַרגעסן, און אַז ער האָט מיט יאָרן שפּעטער

אָפּגעדרוקט זיינע זכרונות, האָט ער זיך אין שלום־עליכמען נוקם געווען אויף זיין שטייגער.

פון דער אַנדערער זייט, פון דעם סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן טייל, האָט זיך צעגאָסן איבערן לאַנד אַ כוואַליע פון סטרייקס. מע האָט יענעם זומער געסטרייקט אומעטום, איבערן גאַנצן ברייטן לאַנד, ניט נאָר אין די הויפּטשטעט און אין די וויכטיקע אינדוסטריעלע צענטערס, נאָר אויך אין די שטילסטע פּראָווינציעלע ווינקלען, ווו נאָר עס איז געווען אַ סימן פון אַן אַרבעט־געבער און עס האָט געקלאַפּט אַן אָדער פון אַן אַרבעטער. די פאָדערונגען פון די סטרייקערס זענען, צום מיינסטן, געווען עקאָנאָמישע: דער הויפּט־מאָטיוו אָבער, וואָס האָט די סטרייקערס באַגייסטערט, איז אומעטום געווען אַ פּאָליטישער, וואָס האָט געשריען אין אַלע גאַסן: „פרייהייט!"... עס זענען אויסגעבראָכן סטרייקס אויך אין די אוניווערסיטעטן און גימנאַזיעס — די שול־יוגנט איז געוואָרן אַלץ דרייסטער און דרייסטער. אין די יידישע שטעטלעך איז דער סטרייק געווען פאַררעכנט ווי אַ הייליקע מצווה, פון וועלכער קיין אַרבעטער איז ניט געווען פּטור; אַפילו אַן איין־און־איינציקער פּועל ביי אַן אָרעמען קליינשטעטלדיקן שניידער, וואָס זעט ניט אָן קיין שטאָך אַרבעט אין די אויגן פון שבת נאָך שבועות ביז אלול — אויך דער האָט געמוזט כאָטש איין מאָל מקיים זיין די מצווה פון סטרייק. עס איז פּשוט געווען אַ בושה פאַר זיך אַליין אומצוגיין אויף דער ערד ניט קיין געסטרייקטער. אַפילו אין דעם העברעאישן „הזמן" האָבן מיר עטלעכע וואָכן כמעט געפירט אַ סטרייק. איך זאָג „כמעט", ווייל די אמתע סטרייקערס זענען געווען די זעצערס, און מיר האָבן זיי נאָר געשטיצט אין זייערע פאָדערונגען, — און דערמיט האָבן מיר פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל שרייבערישן חן אין די אויגן פון אונדזערע באַלע־באַטים מיט זייערע קאָנטאָר־לייט, די פּאָליעסיער וואַלד־מענטשן. מע האָט אונדז שוין אַפילו געשראָקן מיט פאַרמאַכן די צייטונג, נאָר דאָס האָט אונדז צוגעגעבן נאָך מער מוט: עס איז געווען זיס דער געדאַנק צו זיין אַ קרבן אויף דעם מזבח פון דער רעוואָלוציע, בשעת דאָס גאַנצע לאַנד איז אַרומגעכאַפּט מיטן רעוואָליוציאָנערן פייער.

די צאַרישע רעגירונג האָט פון די אַלע שאַרפע פרייהייט־ווינטן אין דער שטיל געכאַפּט אַ רעכטן ציטער. זי האָט זיך אָבער איינגע־רעדט, אַז זי ווערט ניט שטאַרק נתפעל פון די פּעטיציעס מיט די סטרייקס. פּעטיציעס זענען ניט מער ווי ליבעראַלע מליצה, און קעגן סטרייקן זענען אין רוסלאַנד פאַראַן געגנוג קאָזאַקן. ס'איז נאָר געווען ניט שייך, און טאַקע אויך ניט באַקוועם, אַקעגן אויסלאַנד, דער־הויפּט אַקעגן די אויסלענדישע באַנקירן, וואָס האָבן באַדאַרפט מיט זייערע הלוואות אַרויסשלעפּן רוסלאַנד פון דער בלאָטע נאָך דער אומגעלונגענער מלחמה מיט יאַפּאַניע. האָט מען כלומרשט זיך אָנגע־הויבן צוהערן מיט אַ האַלבן אויער צו די פאָדערונגען פון די ליבעראַלע פּריצים, און זיך געקליגט צו פאַרשטאָפּן זיי דאָס מויל מיט גוטע הבטחות, אַז אָט־אָט וועט מען זיי עפּעס געבן. מע האָט אָנגעזעצט קאָמיסיעס, טאַקע פון אייגענע געטרייע מענטשן, זיי זאָלן אַקאָרשט באַטראַכטן, וואָס פאַר אַ סאָרט „פרייהייט" מע מעג שוין שענקען דעם אומוויסנדיקן פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק, כדי די אינטעליגענטישע טומלער זאָלן אַנט־שטומט ווערן. אין דער געזעלשאַפט און אין דער פּרעסע האָט זיך דעמאָלט שטאַרק גערודערט מיט איינער אַ קאָמיסיע, וואָס האָט גע־טראָגן דעם נאָמען „בוליגינס קאָמיסיע" (זי איז געווען אונטערן פאָר־זיץ פון דעם מיניסטער בוליגין), וועלכע די רעגירונג האָט אָנגעזעצט אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פאַר אַ מין פּריצישן ראַט, וואָס זאָל דינען די ליבעראַלן אַנשטאָט אַ פּאַרלאַמענט. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס פאַר אַ „פּאַרלאַמענט" די צאַרישע רעגירונג גרייט־צו פאַרן פאָלק, נאָר די זאַך איז געהאַלטן געוואָרן אין שטרענגן סוד, און די קלאַנגען האָבן סותר געווען איינער דעם אַנדערן. האָט זיך מיישב געווען בן־ציון כ"ץ, דער רעדאַקטאָר פונעם „הזמן", וואָס איז געזעסן אין פּעטערבורג און איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין די מיניסטאָרישע הויפן, און האָט מיט קלוגשאַפט אַרויסבאַקומען פון הינטער פאַרשלאָסענע טירן דעם געהיימניספולן פּראָיעקט פון „בו־ליגינס קאָמיסיע" און האָט אים אָפּגעדרוקט אינעם „הזמן" אין אַ פּינקט־לעכער העברעאישער איבערזעצונג. די סענסאַציע דערפון איז געווען

אַזוי גרויס, אַז ניט נאָר די ליבעראַלע רוסישע צייטונגען, נאָר אַפילו די „נאָוואָיע ווערעמיאַ", די באַרימטע רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע צייטונג, וואָס איז געשטאַנען זייער נאָענט צו די ספערן פון דער רע־גירונג, — אויך די האָט געמוזט פאַרבייגן די חרפּה אָן אַ זייט און איבערדרוקן בוליגינס פּראָיעקט פון דער ווילנער „זשידאָווסקער" צײַ־טונג, און האָט נאָך דערבײַ געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט: צוריק איבערצוזעצן דעם פּראָיעקט פון העברעאיש אין זײַן אָריגינעלער, רו־סישער שפּראַך. די רעפּוטאַציע פון דער העברעאישער שפּראַך איז דורך דעם איבער איין נאַכט געשטיגן הימלהויך, און אונדזערע פּאָליעסער יונגעלײַטלעך, די קאַנטאָר־מענטשן פונעם „הזמן", זענען עטלעכע טעג אומגעגאַנגען איבער די חדרים פון זייער קאַנטאָר שטאַרק האָפּערדיק, מיט פאַרריסענע בערדלעך, פּונקט ווי זיי האָבן דאָ אײַנגענומען פּלעוונע.

דערווײַל איז באַקאַנט געוואָרן איבערן לאַנד, וואָס פאַר אַ פאַר־זעעניש בוליגין וועט פאָרלייגן צו שענקען דעם רוסישן פאָלק, אַנשטאָט דעם געגאַרטן פּאַרלאַמענט. און אַפילו מיט דער דאָזיקער „מתנה" האָט זיך די רעגירונג ניט געאײַלט אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט, נאָר זי האָט עס אָפּגעשטופּט פון חודש צו חודש, מיט דער כיטרער האָפענונג, אַז הלוואי זאָל מען דאָס גאָרניט באַדאַרפן. דער עולם איז געוואָרן אומגעדולדיק, מע האָט אָנגעהויבן צו מורמלען אין אַלע טײַלן פונעם לאַנד, דאָס געמורמל איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, געוואָרן וואָס ווײַטער אַלץ הייסער און געדיכטער. אין פּעטערבורג זענען פאָר־געקומען שטורעמדיקע צוזאַמענפאָרן פון די פּראָפעסיאָנעלע לאַנד־פאַרבאַנדן, פון דאָקטוירים, אינזשעניערן און אײַזנבאַן־מעכאַניקער. מע האָט אָנגענומען שאַרפע, געוואַגטע באַשלוסן, — ביז עס זענען אָנגעג־שטאַנען די ערשטע טעג פון אָקטאָבער, און אין דער פּרעסע האָט מען גענומען רעדן הויך און אָפן, אַז דאָס גאַנצע לאַנד שטייט גרייט פאַר אַ גרויסער רעוואָליוציאָנערער אַקציע, וואָס וועט זיך אויסדריקן אין אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן סטרייק.

דעם טאָג, וואָס איך האָב זיך אויסגעקליבן צו פאָרן קיין מאָ־הילעוו־פּאָדאָלסק צו שלום־עליכמס טאָכטער, זענען אָנגעקומען באַ־

ריכטן פון פעטערבורג, אַז מע קאָן היינט דערוואַרטן יעדע שעה די דערקלערונג פון אַן אַלגעמיינעם אייזנבאַן־סטרייק. אין דער רעדאַקציע פונעם „הזמן", וווהין איך בין געקומען זיך געזעגענען און ווו מע האָט שוין געוווסט אַלצדינג, וואָס קומט ביי מיר פאָר (ציטראָן האָט זיך שוין באַמיט אַלעמען וועגן דעם ענין צו אינפאָרמירן), האָט מען מיך פון אַלע זייטן געשראָקן, אַז די רעוואָלוציע וועט מיך פאַרכאַפּן ערגעץ אין מיטן וועג. ציטראָן אַליין האָט מיך אָנגעקוקט פאַרשנדיק, מיטן בלייכן שמייכל אויף זיין פאַרמעט־גלאַנציקן פנים, און גאַנץ אָפּנטלעך אַ פרעג געטאָן: „וואָס איילט איר זיך אַזוי? עס ברענט דען?"... איך האָב זיך אָבער ניט צוגעהערט צו די פרעמדע עצות און האָב באַשלאָסן צו פאָרן. די גאַנצע זאַך האָט ביי מיר באַקומען ווי אַ פאַטאַלן כאַראַקטער: עס מעג געשען, וואָס עס וועט געשען — איך מוז היינט פאָרן!

אויפן ווילנער וואָקזאַל זענען די פּאַסאַזשירן געווען שטאַרק צעררודערט. די קאַסע, ווו מע פאַרקויפט רייזע־בילעטן, איז געווען געשלאָסן, און דער עולם איז געשטאַנען אין רעדלעך און האָט הייס געשמועסט. מע האָט געוואָלט טרעפן: צי וועט מען פאַרקויפן בילעטן, צי ניין? אויב יאָ, איז אַ סימן, אַז אַלע געשפּרעכן וועגן רעוואָליוציע און גענעראַל־סטרייק שטאַמען פון דער פאַנטאַזיע פון די צייטונגען. די פּאַסאַזשירן האָבן שטאַרק געגאַרט, אַז מע זאָל בילעטן יאָ פאַרקויפן און מע זאָל פאָרן; פון דער צווייטער זייט האָט מען אָבער נאָך שטאַרקער געגאַרט, אַז מע זאָל קיין בילעטן ניט פאַרקויפן, און דאָס, אויף וואָס מע וואַרט אַזוי לאַנג, זאָל ענדלעך געשען... נאָר אָט האָט זיך געעפנט דאָס פאַרמאַכטע פענצטערל, און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַסע. דער ערשטער איז געווען אַ ייד אַ סוחר מיט אַ פיין־צעקעמטער געלער באָרד. ער האָט אַרויסגעצויגן פון זיין בוזעם־טאַש אַ קנאַקעדיקן הונדערטער, אַוועקגעלייגט פאַרן קאַסירער און פריינדלעך־צוטרוילעך געפרעגט: „עס וועט, אַפנים, וואַשע בלאַהאָראָדיע, קיין סטרייק ניט זיין?" דער קאַסירער, אַ פאַרשלאָפענער גוי מיט אַ ברוגזן פנים און מיט ווײמפּערלעך אויף דער רויטער נאָז, האָט, אַנשטאָט

צו ענטפערן, הייזעריק אַ ברום געטאָן: „וואָס קודאַ בילעט?״ (וווהין דאַרפט איר אַ בילעט?). האָט דער ייד גלייך אויסגעדרייט די געלע באָרד צום עולם און אַ זאָג געטאָן ווי מיט אַ געפאַלענעם זויערלעכן קול:

— יידן, עס וועט קיין סטרייק ניט זיין! ס'איז אַ נעכטיקער טאָג!...

אונדזער צוג איז געווען אַ לאַנגער קאָמבינירטער קוריער־צוג, וואָס איז געגאַנגען פון פעטערבורג איבער ווילנע קיין קיעוו, זשמערינקע און אָדעס. אַפילו אין דריטער קלאַס, ווו איך בין געפאָרן, האָבן מיר געהאַט פלאַץ־קאַרטן מיט באַזונדערע בענק פאַר יעדן פאַסאַזשיר אויף צו שלאָפן. דער עולם, וואָס האָט אָנגעפילט די וואַגאָנעס, איז געווען אַ „ריינער״, אַ רייך־געמישטער פון וועלטלעכע יידן, יונגע און עלטערע, פון אינטעליגענטע רוסן און געזעצטע קאַצאַפּישע „קופּצעס״ (סוחרים). און אויך דאָ איז די שטימונג געווען אַ יום־טובדיק־אומרואיקע, און אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ הייסער שמועס: צי עס וועט זיין אַ סטרייק, צי עס וועט נישט זיין? דערווייל איז דער צוג געלאָפן אין פולן גאַנג, זיך זעלטן אָפּגעשטעלט אויף סטאַנציעס, נאָר דאָרט, ווו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז ער עפּעס געשטאַנען צו לאַנג, און פאַר די פענצטער האָבן זיך געדרייט עפּעס צו פיל באַן־אָנגעשטעלטע, און ביי אַלעמען האָבן די פּנימער געקוקט עפּעס מאָדנע פייערלעך און סודותדיק. ביי די פאַסאַזשירן האָבן שטאַרק געקלאַפּט די הערצער: אַפּנים, עפּעס גרייט זיך פאָרט... מע האָט זיך געקליבן אין רעדלעך, און דער ייד מיט דער צעקעמטער געלער באָרד האָט אונדז אַלעמען געגעבן האָפע־נונג, אַז אין באַראַנאָוויטש וועט די זאַך קלאָר ווערן: אויב מע וועט אונדז אין באַראַנאָוויטש ניט הייסן אַרויסגיין, איז אַ סימן, אַז עס איז אַ נעכטיקער טאָג — עס וועט קיין סטרייק שוין ניט זיין!...

און אָט זענען מיר שוין אין באַראַנאָוויטש. דער צוג שטעלט זיך אָפּ און שטייט זייער לאַנג. עס איז שוין שפּעט אין אָוונט, און מיר רירן זיך ניט. די פאַסאַזשירן לויפן אַלע ווייַלע צום וואָקזאַל און קומען צוריק אַנטוישטע: מע קאָן נישט דערגיין קיין טאָלק; די באַן־אָנגע־שטעלטע האָבן אָנגענומען פולע מיילער מיט וואַסער און ווילן ניט

רעדן — קאָנספּיראַציע!... נאָר עפּעס, ווייזט אויס, קאָכט זיך דאָרטן — דאָס איז קלאָר!... אונדזער געלער ייד שטייט ביי אַ פענצטער און צופּט זיך די געלע באָרד: ער וואַרט אויף אַ גרויסער געשעעניש... נאָר אָט האָט מען פּלוצעם גענומען טרייבן די פּאַסאַזשירן צוריק אין די וואַגאָנעס אַריין, די ריינע נאַכטיקע האַרבסט־לופט איז דורכגעשניטן געוואָרן פון אַ שאַרפן פייף, דער לאַנגער צוג האָט אַ קרעכץ געטאָן — און מיר פאָרן ווייטער. אונדזער געלער ייד טרעט אָפּ פון פענצטער, ווי אַן אָפּגענאַרטער אין זיינע בעסטע דערוואַרטונגען, טוט צו אונדז אַלעמען אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט מיט אַ זיפץ:

— נאַ, מיר קאָנען שוין גיין שלאָפן!...

ערשט שפּעט אין אָוונט, ווען מיר האָבן געהאַלטן ביים ערשטן דרעמל אויף די האַרטע וואַגאָן־בענקלעך, פאַרוויגט אין נעבלדיקע חלומות וועגן אומבאַקאַנטע, נישט־געזעענע ערטער, וואָס דריקן דעם פּאַסאַזשיר אויף אַ לויפנדיקן צוג אין מיטן פעלד אין דער פינצטערער נאַכט, — זענען מיר אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ פּלוצעמדיקן שטאַרקן שטויס. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ ווײַלע איז געווען שטיל, און אַלצדינג איז געווען פאַרגעסן. נאָר אָט האָבן זיך געעפנט די טירן פונעם וואַגאָן, און דער האַלב־פינצטערניש זענען דורכגעגאַנגען די קאָנדוקטאָרן מיט די שוואַך־באַלויכטענע לאַמטערנעס אין די הענט און מיט אַ פרישן נאַכטיקן פייערלעכן טאָן, ווי טעטיקע מענטשן וואָס קומען ערגעץ פון דער קילער פינצטערער נאַכט, געבראַכט דעם האַלב־שלאָפנדיקן עולם אַ בשורה:

— גאָספּאָדאַ, זאַבאַסטאָווקאַ אָביאַווליענאַ! (רבותים, דער סטרייק איז דערקלערט!).

יח

# דער גרויסער אייזנבאַן־סטרייק

דער אייזנבאַן־סטרייק האָט פאַרכאַפּט אונדזער לאַנגן קוריער־צוג אין מיטן פעלד, ערגעץ ביי אַ קליין שטעטל אין מינסקער גובערניע מיטן נאָמען לונינעץ, אויפן וועג צו וואָלין. אונדזער צוג איז געווען ניט דער איינציקער, וואָס איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער דאָזיקער סטאַנציע: אַז מיר זענען אַרויס פון די וואַגאָנעס אין דער פינצטערער נאַכט זען ווו מיר געפינען זיך אין דער וועלט, האָבן מיר געטראָפן אויף די אַנדערע רעלסן נאָך עטלעכע צוגן מיט קאַרג־באַלויכטענע פענצטערלעך, פון וואַנען עס האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג צום וואָקזאַל סילועטן פון האַלב־פאַרשלאָפענע פּאַסאַזשירן, צערודערטע און אויפגעלעבטע ניט ווייניקער פון אונדז.

— די זאַך, ווייזט אויס, ווערט שטאַרק סעריאָזנע! — זאָגט צו אונדז דער געל־באָרדיקער ווילנער ייד, ביי וועמען די רייכע, פיין־צעקעמטע באָרד איז דורכן ערשטן שלאָף אינעם וואַגאָן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרעם, צעקאָשמעט געל בערדל, און מיר אַלע, צוזאַמען מיט אים, כאַפּן אַ צווייענדיקן ציטער: פון דער קילער, פייכטער אָקטאָבער־נאַכט, און פון דעם געדאַנק, וואָס די זאַך, ווייזט אויס, ווערט טאַקע שטאַרק „סעריאָזנע"... דער ציטער, וואָס מיר ציטערן, איז, חלילה, ניט פון שרעק, נאָר פון אַ נייעם אומגלויבלעכן געפיל, אַז ענדלעך האָבן מיר דערלעבט אין רוסלאַנד דעם אָנהייב פון נייע, גרויסע צייטן.

דער עולם לאָזט זיך גיין אין צעוואָרפענע גרופּעס צו דער האַלב־באַלויכטענער פּלאַטפאָרם פון דעם קליינעם פּראָווינציעלן וואָקזאַל. באַלד ווערט די פּלאַטפאָרם באַלעבט פון אַ מאַסע צעשויבערטע און פריילעך־אויפגעוואַכטע פאַרשוינען, אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, צווישן וועלכע עס וואַרפן זיך אין די אויגן די הויפּט־מחותנים פון דער שמחה:

עטלעכע העכערע באַן־באַאַמטע מיט ערנסט־פייערלעכע און בלייך־שמייכלענדיקע פּנימער, אין ווייסע היטלען מיט קאָקאַרדעס. דער עולם באַפאַלט די קאָקאַרדעס מיט פראַגעס: „וואָס, טאַקע אַ סטרייק אין רוסלאַנד? אַן אמתער גענעראַל־סטרייק? מע וועט ווייטער ניט פאָרן?" ענטפערן די קאָקאַרדעס ערנסט־פייערלעך: „יאָ, גאָספּאָדאַ, אַן אמתער סטרייק. אַלע באַנען איבער גאַנץ רוסלאַנד זענען אָפּגעשטעלט — מע וועט ווייטער ניט פאָרן!" פרעגט דער עולם ווי אויף טשיקאַוועס: „וואָס זשע וועט זיין מיט אונדז, פּאַסאַזשירן? וווהין וועלן מיר זיך איצט קערן און ווענדן?" ענטפערן די קאָקאַרדעס פּאַרטייאיש־פרעמד־לעך: „דאָס, גאָספּאָדאַ, געהערט זיך אָן ניט מיט אונדז, נאָר מיט דער רעגירונג אין פּעטערבורג — צו איר דאַרפט איר זיך ווענדן. דערווייל קאָנט איר גיין צוריק אין די וואַגאָנעס שלאָפן, און מאָרגן פרי וועט איר זען, וואָס איר האָט צו טאָן"... דער עולם ווערט פון דער דאָזיקער נייער אומקלאָרער לאַגע מאָדנע פריילעך געשטימט, ווי ביי יעדער אַלגעמיינער גרויסער געשעעניש, ביי וועלכער עס פאַלן־אָפּ די פּריוואַטע קליינע זאָרגן. נאָר גיין צוריק אין די וואַגאָנעס שלאָפן גלוסט זיך קיינעם ניט. עס ווילט זיך בעסער בלייבן דאָ אויף דער פינצטערלעכער פּלאַטפאָרם און הערן נאָך און נאָך נייעס: וואָס? און ווי אַזוי? און אויף ווי לאַנג? און די הויפּט־זאַך: וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? ניט שוין־זשע שמעקט עס מיט קאָנסטיטוציע פאַר רוסלאַנד?...

נאָר אָט באַווייזט זיך אין מיטן דעם נאַכטיקן טומל און גערעדעריי עפּעס אַ הויכער, עלעגאַנט־געקליידטער פּאַרשוין מיט פיינע פּריצישע מאַניערן, אין דער באַגלייטונג פון נאָך עטלעכע עלעגאַנטע פּאַרשוינען — ווייזט אויס, געהויבענע לייט פון דער ערשטער קלאַס. דער הויכער פּריץ רעדט זייער ווייך און זייער העפלעך, נאָר מיט יענער ווייכקייט און מיט יענער העפלעכקייט, וואָס זיי אַליין קלינגען שוין ווי אַ באַפעל. ער זאָגט, אַז ער וויל זיך דורכשמועסן פּערזענלעך מיט די סטרייקערס — ווו זענען די סטרייקערס? די סטרייקערס, די ווייסע היטלען מיט די קאָקאַרדעס, זענען דאָ. ווענדט זיך צו זיי דער הויכער פּריץ מיט אַ

פיינער דרשה, רופט זיי ווייך און העפלעך „גאָספאָדאַ” און זאָגט, אַז ער פאַרשטייט זייער גוט די וויכטיקייט פון דער לאַגע פאַרן גאַנצן לאַנד, און אַז ער אַליין געהערט דווקא צו די, וואָס זענען גרייט צו סימפּאַטיזירן מיט דער דאָזיקער באַוועגונג. נאָר וואָס זשע דען? ער פאַרלאַנגט פון זיי איין זאַך: זיי זאָלן אָפּלייגן דעם סטרייק כאָטש נאָך אויף איין טאָג און דערפירן דעם קוריער־צוג ביז קיִעוו, ווהין ער פערזענלעך פאָרט טאַקע אין די אינטערעסן פון דער אַלגעמיינער לאַגע, לטובת הכלל, הייסט עס... דער עולם אַרום און ווערט נייגעריק: ווער איז דער פּריץ? ער קוקט אויס, ווי עפּעס אַ וואַזשנער פויגל!... און מע ווערט באַלד געוואָר, אַז דאָס איז דער באַקאַנטער גראַף היידען, וואָס לעצטנס האָט זיין נאָמען אָנגעהויבן זיך באַווייזן אויף די צייטונגען, ווי דער פירער פון די רעכט־געניגטע פּריצישע ליבעראַלן. אַזוי? האָבן מיר דעם כבוד צו פאָרן אין איין צוג מיטן גראַף היידען? דער עולם פילט זיך דערפון שטאַרק געהויבן. אונדזער ווילנער ייד נעמט זיך אַזש צעקעמען מיט די פינגער זיין צעקאָשמעטע געל בערדל. נאָר דווקא די סטרייקערס זענען, דאַכט זיך, ניט אַזוי שטאַרק נתפּעל, וואָס מיט זיי רעדט אַ גראַף. זיי ענטפערן אים גאַנץ העפלעך, אָבער אויך גאַנץ פעסט, אַז ער פאַרלאַנגט פון זיי אַ זאַך, וואָס איז אוממעגלעך: זיי קאָנען פאָלגן נאָר די פאַראָרדענונגען פון דעם סטרייק־קאָמיטעט אין פּעטערבורג, אָבער ניט דעם פאַרלאַנג פון אַ פּריוואַטער פערזאָן. אויב דער גראַף מיינט, אַז זיין רייזע איז וויכטיק פאַרן ערפאָלג פון דעם סטרייק, קאָן ער זיך ווענן דעם ווענדן דירעקט צום קאָמיטעט אין פּעטערבורג — דער טעלעגראַף איז פאָרלויפיק נאָך ניט אין סטרייק, און יעדער פּאַסאַזשיר קאָן זיך מיט אים באַנוצן. געפעלט ניט דעם גראַף אָט דער ענטפער און ער הייבט שוין אָן כמעט ווי בייזערן זיך: צי ווייסן די הערן סטרייקערס, וואָס זיי נעמען אויף זייער געוויסן? דאָ זענען פאַרהאַלטן געוואָרן עטלעכע צוגן מיט וואָסערע דריי הונדערט פּאַסאַזשירן, צווישן זיי פרויען און קליינע קינדער; אויב דער סטרייק זאָל זיך פאַרציען לאַנג — וואָס וועלן זיי דאָ עסן אין מיטן פעלד? ווו וועלן זיי דאָ שלאָפן? מע האָט אונדז פאַרפירט ערגעץ

אין אַ העק, ווו ס׳איז ניט צו געפינען אַפילו קיין רעכטן האָטעל! ער, דער גראַף, איז אויך פאַר געוויסע רעפאָרמען אין לאַנד; מע טאָר אָבער ניט בויען איינעמס גליק אויפן אַנדערנס אומבאַקוועמלעכ־קייט. פירט אונדז אָפּ אַהין, וווהין מיר פאָרן — דערנאָך קאָנט איר אייך סטרייקן וויפל אייער האַרץ גלוסט!... אויף דעם האָט געענטפערט איינער פון די ווייסע היטלען, וואָס האָט געשיינט צו זיין דער אָנפירער פון די אָרטיקע סטרייקערס, אַ יונגער בלאָנדער באַאַמטער מיט ווייסע, שטאַרקע, שמייכלענדיקע ציין, ווי ביי אַ יונגן שטאַרקן פערד, אַז אויב דער גראַף האָט געלייענט די וועלט־געשיכטע, דאַרף ער וויסן, ווי אַזוי אַזעלכע פּאַסירונגען ווערן באַהאַנדלט. ווען אין פראַנקרייך, צום ביישפּיל, וואָלט מען זיך געוווען גערעכנט מיט דער באַקוועמלעכקייט פון דער באַפעלקערונג, וואָלט דאָרט קיין מאָל ניט פאָרגעקומען דאָס, וואָס ס׳איז אַמאָל פאָרגעקומען...

— עהע, וווהין ער שיסט! — רופט זיך אָפּ פון דער פינצטער עפּעס אַ קול, און דורך דעם גאַנצן עולם אויף דער האַלב־באַלויכטענער פּלאַטפאָרם גייט דורך אַ וואַרעמער שוידער. אין דער קילער נאַכטיקער לופט פון די אומבאַקאַנטע פינצטערע פעלדער האָט זיך דורכגעטראָגן אַ הייסע כוואַליע, וואָס האָט אַלעמען אַ זעץ געטאָן איבער די צע־שויבערטע און צערודערטע קעפּ.

צוריק אין אונדזער וואַגאָן קומען מיר שוין, ווי אין אַ באַקאַנטן אויסגעוואָרעמטן נעסט, און דער ווילנער ייִד גיט אונדז אַלעמען אַן עצה, מיר זאָלן זיך אויסטאָן און לייגן שלאָפן און זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים, וואָרעם ס׳איז אַ מעשה אויף וואָכן — ניט דער קייסער און ניט דער בלאָנדער שייגעץ, דער סטרייקער, וועלן אַזוי גיך ניט נאָכגעבן! אַליין טוט ער זיך אויס ביזן ארבע־כנפות, נאָר ער קוקט זיך שטאַרק אַרום אויף אַלע זייטן, דער עולם זאָל ניט זען, ווו ער באַ־גראָבט זיין, קיין עין־הרע, אָנגעפּאַקטן טייסטער. ער פאַרשליסט אים אין אַ רענצל, נעמט דאָס רענצל צוקאָפּנס, ציט זיך אויס אויף דער האַרטער באַנק און זיפּצט: עס פילט זיך פאָרט ניט ווי ביי זיך אין דער היים!...

אויף מאָרגן פרי, מיט טאָג גלייך, זענען מיר שוין ווידער ביים קליינעם וואָקזאַל אויף דער פּלאַטפאָרם, וואָס איז נאָך באַדעקט מיט ווייסלעכן באַגינענדיקן פראָסט — אַ ליבער גרוס פון די היימישע, קליינשטעטלדיקע האַרבסט־פרימאָרגנס. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז מיר, פּאַסאַזשירן, האָבן שוין אונדזער אייגענעם קאָמיטעט. ווער עס האָט דעם קאָמיטעט געקליבן — ווייסט קיינער ניט, נאָר אַ קאָמיטעט איז שוין דאָ. ער באַשטייט כמעט דורכויס פון יידן, צווישן וועלכע עס פיגורירט, פאַרשטייט זיך, אויך אונדזער ווילנער ייד, איצט שוין ווידער מיט אַ פיין־צעקעמטער געלער באָרד, און עפּעס אַ יונגערמאַן מיט שוואַרצע ווענצעלעך און מיט שוואַרצע שיטערע ציין, וואָס טראָגט אויף די פּלייצעס, ווי אַ טלית, אַ וואַרעמע וואָלענע קאָלדרע, און איינער אַן אָדעסער פראַנט מיט קיילעכדיקע אויגן און מיט סאַמעטענע באַקנ־בערדלעך, און נאָך איינער אַ סטודענט מיט שטאַרק געקרייזלטע האָר אונטער דעם בלויען סטודענטישן היטל. דעם סטודענט האָט מען, אַפּנים, אַריינגענומען אין קאָמפּאַניע, כדי צוצוגעבן דעם קאָמיטעט אַ רעוואָליוציאָנערן כאַראַקטער. און צוליב דיפּלאָמאַטישע טעמים האָט מען צוגעצויגן צום קאָמיטעט אויך איין איינציקן גוי, אַ גרויס דיקן מאָסקווער קופּעץ (סוחר), וואָס האָט ליב צו האַנדלען מיט יידן. די יידן פונעם קאָמיטעט זענען פאַרשמאַיעט, שטייען ערגעץ אין אַ ווינקל און טענהן עפּעס צווישן זיך, און דער גרויסער גוי מיט די קליינע כיטרע אויגן און מיט דער רויטלעכער נאָז זוכט זיי אַרום וואָקזאַל, פרעגט דעם עולם מיט אַ שמייכל: „גדיע מאָאי יעווריעיטשיקי?” (ווו זענען מיינע יידעלעך?).

דער קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די אינטערעסן פון אַלע פּאַסאַזשירן. ערשטנס, דאַרף מען זען, אַז די רעגירונג זאָל אויסהאַלטן די פּאַסאַזשירן אויף איר רעכענונג אין פאַרלויף פון דעם סטרייק. צווייטנס, איז אפשר מעגלעך, די רעגירונג זאָל שיקן אַ מיליטערישן צוג און אָפּפירן די פּאַסאַזשירן אַהין, וווּ זיי דאַרפן. דריטנס, דאַרף מען איינפירן אין די וואַגאָנעס אַ שמירה פון גנבים, וואָרעם אָט האָט מען שוין אַוועקגעגנבעט די

ערשטע נאַכט ביי אַ ווייבל אַ היפּש קניפּל מיט געלט. (דערביי טוט דער ווילנער ייד בגניבה אַ טאַפּ זיין אייגענע בוזים־קעשענע — און באַרואיקט זיך). מען איז שוין געוועזן ביים „נאַטשאַלניק" פון דער סטאַנציע — קוועטשט דער „נאַטשאַלניק" מיט די פּלייצעס: ער האָט ניט דערויף קיין שום פאַראָרדענונג פון דער העכערער מאַכט. בלייבט ביים קאָמיטעט, אַז מע מוז זיך זען מיטן גראַף היידען: ער, מיט זיין גראַפישן וואָרט, וועט שוין עפּעס אויפטאָן. שלאָפט אָבער דער גראַף היידען, ווי דער שטייגער איז פון אַ גראַף, שפּעט אויפן טאָג. דרייט זיך אום דער קאָמיטעט אונטער די פענצטער פון דעם גראַף היידענס קופּע אויף די שפּיץ פינגער און וואַרט.

דערווייל זעצן זיך אויס די פּראָסטע פּאַסאַזשירן אינעם קליינעם וואָקזאַל טרינקען טיי און עסן אָנבייסן. אַנדערע לויפן מיט הייסע טשיי־ניקעס וואַסער. פונעם שטעטל לונינעץ זענען אָנגעקומען צו די וואַ־גאָנעס יידענעס מיט פולע קאָשיקעס פרישע בייגל, מיט קאַנען מילך, מיט קערב געקאָכטע אייער — עס האָט זיך אויסגעשטעלט אַ היפּשער יריד. איך זוך־אויף ערגעץ ווייט הינטערן וואָקזאַל די קליינע טעלע־גראַפן־סטאַנציע און שיק קיין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק צו שלום־עליכמס טאָכטער אַ דעפּעש, אַז צוליב דעם אייזנבאַן־סטרייק בין איך פאַר־האַלטן געוואָרן אין מיטן וועג. איך דריי זיך אום אויפן פעלד מיט אַ צערודערטן געמיט. מיינע געדאַנקען זענען מער דאָרטן ווי דאָ, און טיף אין האַרצן טאָטשעט מיך אַ וואָרעם, וואָס איך מיט מיין פערזענ־לעכער בענקשאַפט און מיט מיינע פּערזענלעכע חלומות בין ווי אַ שטיק אָפּגעריסן לעבן אין מיטן דעם דאָזיקן גרויסן חלום פון אַ גרויסן לאַנד, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט פאַר מיינע אויגן אויף דער וואָר.

נאָר אָט איילט זיך שוין ערגעץ דער קאָמיטעט מיט דער הויכער פיגור פונעם גראַף היידען אין מיטן. די פנימער פון די קאָמיטעט־לייט זענען־אויס זייער פייערלעך און זייער געהויבן. מער פון אַלץ זעט־אויס אימפּאָזאַנט די וואָלענע קאָלדרע פון דעם שוואַרצן יונגב־מאַנטשיק, וואָס גליטשט זיך אַראָפּ פון זיינע פּלייצעס, ווי דער טלית פון אַ פרומען באַלעבעסל, וואָס שאָקלט זיך אין דאַוונען. עס נעמט

ניט קיין האַלבע שעה, און דער קאָמיטעט טראָגט אַרויס צום עולם אַ פריילעכן באַריכט: זיי האָבן, מיט גאָטס הילף און מיט דער הילף פונעם גראַף, אויפגעטאָן גרויסע זאַכן. דער גראַף האָט געקלאַפּט אַ דעפּעשע קיין פּעטערבורג צו די מיניסטאָרן, מע זאָל אַרויסשיקן אַהער אַ מיליטערישן צוג און מע זאָל דערווייל צאָלן די פּאַסאַזשירן אין פאַרלויף פונעם סטרייק אַ טעגלעכן געהאַלט. דערביי האָט זיך דער גראַף אַרויסבאַוויזן אַזוי ווייט דעמאָקראַטיש, אַז ער האָט אין דער דעפּעשע געפאָדערט איין געהאַלט פאַר אַלע פּאַסאַזשירן, אָן אונטערשייד פון קלאַס, אין וועלכער זיי פאָרן.

— הכלל, יידן, — זאָגט דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק אין דער וואָלענער קאָלדרע, וואָס איז אַליין אַ פינסקער און איז בטבע, ווי עס ווייזט אויס, אַ שטיקל לץ, — מיר וועלן „דזשיך" דאָ זיצן ביים קייסער אויף קעסט און לעבן אַ „גוטשינקן" טאָג... נאַ קאַזיאָני כאַרטש! — פאַרטייטשט ער דאָס אייגענע דעם מאָסקווער סוחר און באַקומט פון יענעם אַ פריינדלעכן זעץ איבער דער וואָלענער קאָלדרע.

דאַרפן מיר, הייסט עס, וואַרטן ביז די מיניסטאָרן וועלן ענטפערן אויפן גראַפס דעפּעשע, און דערווייל לאָזן מיר זיך אַלע אין פעלד אַריין, ווייט הינטער די רעלסן — דאָרט, זאָגט מען, קומט איצט פאָר אַ גרויסע „סכאָדקע" (מיטינג) פון די סטרייקערס.

מיר טרעפן די „סכאָדקע" אין רעכטן אָנהייב. ביי אַ ניי־צונויפ־געקלאַפּטער טריבונע, אין מיטן אַ קאָלאָסאַלן הויף מיט נידעריקע אייזנבאַן־געביידעס, האָט זיך צונויפגעקליבן אַ געזעמל פון אַלערליי אייזנבאַן־אַרבעטער, קאָנדוקטאָרן, מאַשיניסטן, אויוון־הייצערס,ביידל־וועכטערס, אַ טייל פון זיי מיט פאַררויכערטע פּנימער און פאַרשמאָל־צענע בלוזעס, אַ טייל אין פאָרמענע היטלען, נאָר דאָס רוב — פּראָסטע פּויערים אין סוויטקעס און אין קורצע בורקעס. דער עולם איז ערנסט אָנגעשרויפט, האַלט זיך שטיל און סטאַטעטשנע, קוקט אַרויף מיט גרויס נייגעריקייט צו דער טריבונע. און דאָרט, אויף דער טריבונע, שטייען די אָנפירערס פונעם סטרייק, די נעכטיקע ווייסע היטלען מיט די קאָ־קאַרדעס, אַלע מיט שטייפע און פייערלעכע פּנימער, וואָס רעדן קלאָר

וועגן דער גרויסער פאַסירונג, פון וועלכער זיי זענען געוואָרן די באַ־לעבאַטים. שטייפער און פייערלעכער פון אַלעמען זעט אויס דער בלאָנ־דער באַאַמטער מיט די ווייסע שטאַרקע ציין, וואָס איז דער פאָרזיצער פון דער „סכאָדקע". ער רעדט צום עולם אין אַן איינפאַכער, נאָר פינקטלעכער שפּראַך, אַקצענטירנדיק די ווערטער אויפן ווייס־רוסישן שטייגער, וועגן די גרויסע צילן פון דעם סטרייק. ער רופט די סטריי־קערס „טאָוואַרישטשי" און לערנט זיי, ווי אַזוי צו האַלטן זיך אין דער צייט, וואָס דער סטרייק קומט פאָר: ניט טרינקען, ניט בויאַנעווען, ניט באַליידיקן די פּאַסאַזשירן. זאָלן די סטרייקערס געדענקען, אַז זיי האָבן איצט די מאַכט אין זייערע הענט, מיט זייער ווילן איז אָפּגע־שטעלט געוואָרן דאָס לעבן איבערן גאַנצן לאַנד, און זאָלן זיי געבן אַ ביישפּיל די גרויסע מאַכטהאָבער, ווי אַזוי מע דאַרף זיך אויפפירן פיין און ערלעך! דערנאָך גייט ער איבער צו די פאָדערונגען, וואָס די „סכאָדקע" דאַרף אַרויסשטעלן: די ספּעציעלע עקאָנאָמישע פאַ־דערונגען פון די אייזנבאַן־אַרבעטער, און די אַלגעמיינע פאָדערונגען פון אַלערליי פרייהייטן פאַרן גאַנצן לאַנד. און ער טייטשט־אויס פאַר די פויערים, ווי וויכטיק עס זענען פאַר זיי אַלעמען פרייהייט פון וואָרט, פרייהייט פון דרוק, פרייהייט פון געוויסן... ער דערקלערט זיי די גרויסע באַדייטונג פון דער הויפּט־פאָדערונג: אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויפן יסוד פון אַלגעמיינער, גלייכער און געהיימער אָפּשטימונג, אָן אונטער־שייד פון קלאַס, געשלעכט און גלויבן. און ער פרעגט די פויערים, צי ס'איז אַלצדינג קלאָר פאַר זיי. אפשר וויל ווער פון זיי שטעלן פראַגעס?

צווישן די סוויטקעס און קורצע פאַרשמאַלצענע בורקעס ווערט אַ באַוועגונג. עס הערן זיך קולות: „אַקים!" „אַקים וויל רעדן!" „אַקים האָט עפּעס צו זאָגן!"

פון דעם עולם רוקט זיך אַרויס זייטיק אַ קליין פויערל אין אַן אויסגעריבענער קוטשמע, מיט אַ זאַמדיקן בערדל און מיט אַ ליולקע אין מויל. ער שטעלט זיך אַוועק מיט צעשפּרייטע פיס אַקעגן דער טריבונע, נעמט אַרויס פונעם מויל די ליולקע, שפּייט־אויס, קראַצט

זיך אַ ווײַלע אין בערדל, גיט אַ קוק פריער אויפן עולם, צי איז מען גרייט אים צו הערן, דערנאָך אויפן פּאָרזיצער, שפּײַט־אויס נאָך אַ מאָל און זאָגט:

— אָט וואָס... דו האָסט דאָ גערעדט, וואַשע בלאַהאָראָדיע, אַלצ־דינג צו דער זאַך, ווי עס פּאַדערט, הייסט עס, די וויסנשאַפט... וועגן בויאַנעווען, וועגן שיכורן, וועלן מיר זאָגן... כאָטש שיכורן, וואַשע בלאַהאָראָדיע, — דאָס איז, וועלן מיר זאָגן, די נאַטור פון דעם מענטשן, קעגן דעם דאַרפסטו זיך ניט שטעלן, וואַשע בלאַהאָראָדיע...

— אָן „וואַשע בלאַהאָראָדיע״! — רײַסט אים איבער דער בלאָנדער פּאָרזיצער. — דאָ זענען מיר אַלע גלײַך!...

— ווי דו ווילסט, וואַשע בלאַהאָראָדיע... ווילסט ניט קיין כבוד, איז ווי דו ווילסט... כאָטש מיר, פּויערימלעך, גייען אויפן אַלטן שליאַך, ווי אַן אָנגעלערנט פערד, פּונקט אַקוראַט... איז אָט וואָס... און אויך וועגן אונדזער פּראַצע האָסטו, הייסט עס, ריכטיק געזאָגט, וואַשע בלאַהאָראָדיע... מיר אַרבעטן שווער, וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן? ריכטיק געזאָגט!... און עסן עסט מען קדחת, וואַשע בלאַהאָראָדיע, — דאָס איז אויך ריכטיק... פון וואַנען? פון דריי קערבלעך מיט אַ האַלב וועסטו זיך ניט אָנעסן... איז אויב דו ווילסט, הייסט עס, אַ רעד טאָן וועגן דעם מיט נאַטשאַלסטווע, וועלן מיר דיר זאָגן אַ דאַנק, וואַשע בלאַהאָראָדיע... אייביק גאָט בעטן פאַר דיר מיט ווייב און מיט קינדער, וואַשע בלאַהאָראָדיע... ווי דען אַנדערש?... וואָרעם אַ פּויערל אַלײן, וועלן מיר זאָגן, אַז ער קומט עפּעס בעטן — איז דאָך באַלד אין מאָרדע... און מיטן קני אין הינטן... אַ באַוווסטע זאַך, הייסט עס... נאָר דאָס, וואָס דו האָסט דאָ געברייעט, וואַשע בלאַהאָראָדיע, וועגן פאַרזאַמלונגען, וועגן געהיימער פרײַהייט, הייסט עס, איז פּוסטע רייד, וואַשע בלאַהאָראָדיע, האָב קיין פאַראיבל ניט... ס'איז פּונקט אַקוראַט, וועלן מיר זאָגן, ווי געפּלוידערט... ווער דאַרף געהיימע פרײַהייט, וואַשע בלאַהאָראָדיע? נאָר דער פריץ, אַז ער האָט אָפּגעגעסן דעם פעטן מאָלצײַט און פאַרטרונקען מיט זיסן טיי און עס בורטשעט אים אין בויך... און וועמען וועט מען דערפאַר שינדן די פעל? דעם פּויערל —

דאָס איז אויך ריכטיק, וואַשע בלאַהאָראַדיע!... מע וועט אַרונטערלאָזן די פּלודערן און מע וועט קנוטעווען ביז בלוט — אָט וועסטו זען, וואַשע בלאַהאָראַדיע!... צו וואָס, וועלן מיר זאָגן, דאַרף דאָס פּויערל שטעקען זיין נאַרישן קאָפּ אין דער פּריצישער פּעטליע? אָט וואָס, וואַשע בלאַהאָראַדיע, פּאָלג מיך און טו אויף דעם אַ שפּיי!...

און אַקים שפּייט־אויס מיט האַרץ, נעמט צוריק אַריין די ליולקע אין מויל און טרעט אָפּ אָן אַ זייט. צווישן עולם ווערט באַלד אַ גע־רודער, אַ הייסע אויפרעגונג. די סוויטקעס הייבן זיך אָן שטאַרק צו באַוועגן, רייבן זיך איינע אָן דער אַנדערער. עס הערן זיך קולות: „ער איז גערעכט, אַקים!" „ער האָט אים גוט געזאָגט, אַקים!" „אָהאָ, אַקים איז קלוג!" „אַ פּריצישע פּעטליע — דאָס איז ריכטיק געזאָגט!" „און וועגן שיכורן איז אויך ריכטיק!" „אָהאָ, אַקים, אַז ער זאָגט אַ וואָרט — איז דאָס גאָלד!"...

דער בלאָנדער אָנפירער שטייט אויף דער טריבונע צווישן זיינע חברים אַ בלייכער, אַ שוויגנדיקער, קוקט אויף די אויפגערעגטע, צערודערטע סוויטקעס מיט שאַרפע שטאָלענע אויגן. אַ מאָמענט דאַכט זיך, אַז פון אַקימס דרשה פילט ער זיך היינט מער געשלאָגן, ווי נעכטן פון דעם גראַף היידענס ווערטער. נאָר אָט וואַרט ער אָפּ אַ מינוט, ביז דער עולם ווערט שטילער אונטערן היפּנאָז פון זיינע אויגן, און דונערט־אויס מיט זיין יונגער, קלאָרער און פעסטער שטים.

— טאָוואַרישטשי! — אויב איר האַלט, אַז אַקים איז גערעכט, אַז אַקים רעדט קלוגע רייד, זענען מיר פאַרלוירן, און אונדזער גאַנצער סטרייק איז אַ נאַריש שפּיל פון נאַרישע אומוויסנדיקע קינדער, וואָס שפּילן זיך מיט פייער, און רוסלאַנד וועט זיך אומקערן צו נאָך מער פינצטערער און ביטערער קנעכטשאַפט!...

און עס גייט אַוועק אַ הייסע יונגע רעדע, וואָס גיסט מיט יונגן פייער אויף אַלטע פּויערישע קעפּ אין אַלטע דאָרפישע היטלען און ווינטערדיקע קוטשמעס. עס שטייט אַ קילער קלאָרער טרויעריקלעכער אָקטאָבער־טאָג אונטער די נידעריקע, בלייכע, מילכיק־פאַרוואָלקנטע

הימלען פון מיין שטילער היימישער געגנט. איך קוק זיך אַרום אויף די ווייטע פאַרוועלקטע האַרבסט־פעלדער, וואָס שפּרייטן זיך פלאַך, טרויע־ריק־זומפיק, אונטער די קילע, פאַראומערטע שטראַלן פון דער בלייכער היימישער ווייס־רוסישער זון, — און עס באַפאַלט מיך אַ ווונדער, און איך קאָן גאָרניט גלייבן, אַז אויך אין דעם דאָזיקן שטילן, אָרעמען, פלאַכן לאַנד האָבן גענומען הילכן די הייסע טיפע טענער פון דער צוקונפט...

## יט
# „אויף פענסיע"

אַפּנים, ס'איז גאָרניט שלעכט, אַז מע האָט אַ גראַף אין דער משפחה. שוין דעם ערשטן טאָג פון אונדזער געפאַנגענשאַפט דורכן סטרייק האָט דער קאָמיטעט פון די פּאַסאַזשירן אונדז געבראַכט די גוטע בשורה, אַז דעם גראַף היידענס באַמיאונג האָט אין פּעטערבורג געמאַכט אַן איינדרוק: ס'איז אָנגעקומען אַן ענטפער „פון די מיניס־טאָרן", מע זאָל די פּאַסאַזשירן פיין באַהאַנדלען און מע זאָל אַלעמען, אָן אונטערשייד פון קלאַס, אַזוי לאַנג ווי דער סטרייק וועט אָנהאַלטן, צאָלן פון „קאַזנאַ" טעגלעך אַ רובל מיט פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס.

— אָט דאָס איז גאָר? — פאַרקרימט זיך איינער פון די פּאַסאַזשירן, אַ שוואַרצער ברוגזער ייד אין אַ האַרטן שבתדיקן קאַפּעליוש. — יעדער טאָג זיצן דאָ וועט מיך אָפּקאָסטן הונדערטער — וועט מען מיר דערפאַר צאָלן אַ רובל מיט אַ פּערטעלע!

— ס'איז אָבער אַ זיסער גראָשן, פּעטער! — זאָגט צו אים דער פינסקער קאָמיטעט־מאַן, דער וואָס מיט דער וואָלענער קאָלדרע אויף די פּלייצעס. — ס'איז, פאַרשטייט איר מיך, פּענסיע פונעם קייסער! און אַז מע האָלט שוין אין געבן, וועט מען געבן קאָמפּאָט אויך — מע וועט אונדז געבן אַ קאָנסטיטוציע, פּעטער!...

דערווייל איז אָבער נאָך אַ פראַגע, ווער וועט צאָלן די „פּענסיע"? דער „נאַטשאַלניק" פון דער סטאַנציע שעמט זיך ניט מודה צו זיין, אַז ער האָט ניט אין דער קאַסע גענוג געלט אַפילו אויף איין טאָג. ער לייגט פאָר דעם קאָמיטעט, אַז אַנשטאָט געלט זאָלן די פּאַסאַזשירן באַקומען מאָלצייטן אינעם בופעט פונעם וואָקזאַל. פון אַזאַ קאָמבינאַציע ווילן אָבער די יידן ניט הערן: וואָס הייסט? מע וועט זיי צווינגען

צו עסן טרפות? אין דער טעלעגראַמע פון פעטערבורג שטייט געשריבן בפירוש, מע זאָל די פּאַסאַזשירן באַהאַנדלען פיין — הייסט דאָס פיין באַהאַנדלט?... דערהויפּט נעמט זיך די זאַך צום האַרצן אונדזער וואַגאָן־ברודער, דער ווילנער ייד מיט דער פיין־צעקעמטער געלער באָרד. ער דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז ער וועט דער ערשטער ניט עסן פונעם בופעט. אויב די קריסטלעכע פּאַסאַזשירן זענען צופרידן אויסצובייטן זייער פּענסיע אויף מאָלצייטן — קאָנען זיי דאָס טאָן געזונטערהייט; מיר, יידן, פאָדערן אָבער פרייהייט פון געוויסן — מיר פאָדערן מזומן!... ווי באַלד אַזוי, מישט זיך שוין אַריין מיט אַ פּראָטעסט אויך דער פאָר־שטייער פון די קריסטלעכע פּאַסאַזשירן, דער דיקער מאָסקוער סוחר מיט דער כיטרער רויטלעכער נאָז: „עי, יידעלעך, איר ווילט דאָ איבער־כיטרעווען דאָס ערלעכע פּראַוואָסלאַוונע פאָלק? דאָס וועט ניט גיין! אַז פרייהייט — איז פאַר אַלעמען פרייהייט! אַז מזומן — איז פאַר אַלעמען מזומן!“... זאָגט דער פינסקער קאָמיטעט־מאַן: שאַ, ער האָט אַן עצה! לאָז מען אים נאָר געבן אַ האַלבע שעה צייט! — און ער לויפט אַוועק אין שטעטל אַריין מיט דער וואָלענער קאָלדרע אויף די פּלייצעס און קומט אין גיכן צוריק אין דער באַגלייטונג פון אַ בלייכן יונגנמאַן מיט איבערגעשראָקענע אויגן און אַ כוואַטסקע ווייבל מיט אַ שוואַרצחנעוודיקן צעפּלאַמטן פּנים. אַלע דריי לאָזן זיך גלייך צום „נאַטשאַלניק“ אין שטוב אַריין, זאַמען זיך דאָרט אַ היפּשע ווײַלע, און אַז זיי קומען אַרויס, שײַנט ביים פינסקער קאָמיטעט־מאַן דאָס שוואַרצע ציגיינערישע פּנים, ווי זיבן זונען, און ער שטעלט פאַר דאָס פאַר־פאָלק פאַר די נייגעריקע פּאַסאַזשירן:

— הכלל, יידן, — מיר האָבן שוין מזומן! אָט דאָס זענען אונ־דזערע באַנקירן — זיי וועלן אונדז מאָרגן פרי צאָלן פּענסיע. איך האָב מיט זיי אָפּגעמאַכט גוט און וואָלוול: זיי נעמען זיך אַרונטער סך־הכל אַ פּערטעלע פון קאָפּ!

— וויפל־זשע וועט אונדז בלייבן פון דער פּענסיע? — פרעגט דער שוואַרצער ברוגזער ייד אין דעם האַרטן שבתדיקן קאַפּעליוש שטאַרק אומצופרידן.

— איר זענט דאָך אַ ייד אַ בעל־חשבון — רעכנט אויס: אַ קיי־לעכדיקער קערבל!...

אויף מאָרגן פרי זענען שוין די „באַנקירן" געווען ביי דער אַרבעט. אַחוץ דעם יונגן פּאָרפּאָלק, דעם בלייכן יונגנמאַן מיט זיין שוואַרץ־חנעוודיקן ווייבל, איז אויך געקומען העלפן די גאַנצע משפחה: טאַטע און מאַמע, פעטערס און מומעס, און סתם קרובים. אַלע האָבן זיך אויס־געזעצט ביים וואָקזאַל אַרום אַ טיש מיט צוויי זעקלעך זילבער און מיט ברענענדיקע אויגן געקוקט, ווי אַזוי די יונגע מענטשן ציילן געלט און טיילן אויס די פּאַסאַזשירן זייער „פענסיע" לויט ספּעציעלע קאַרט־לעך, וואָס יענע האָבן באַקומען אין דער קאַסע פונעם וואָקזאַל. דערביי האָט די משפחה שטאַרק געהיט, עס זאָל, חלילה, נישט געשען קיין טעות אינעם ציילן און די פּאַסאַזשירן זאָלן נישט באַגיין קיין פאַלש־קייטן. הינטער זיי האָט זיך אויסגעשטעלט כמעט אַ האַלב שטעטעל מיט יידן און ווייבער, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן אויף חידושים, געקומען זען, ווי אַזוי אַ יונג פּאָרפּאָלק ערשט נאָך דער חתונה שאַרט גאָלד מיט די הויפנס פּאַר אַלעמען אין די אויגן.

— איילט זיך ניט! — זאָגט איינער אַ נידעריקער ייד אין אַ וואַטאָוון קאַפּטן און קוקט פון דער ווייטן מיט אַ קרומען אייגל צום טיש מיטן זילבער. — דערווייל שאַרט מען נאָך ניט קיין גאָלד; דערווייל צעשאַרט מען די עטלעכע הונדערט קערבלעך נדן...

— עס וועט זיך אָבער אומקערן מיט פיינעם ריווח!

— גאָר אַ קלייניקייט! נאָך מיין חשבון נאָך — איבער פינף און זיבעציק קאַרבן אַ טאָג!...

— אויב די געשיכטע זאָל זיך, חלילה, ציען עטלעכע וואָכן, וועלן זיי נתעשר ווערן!

— וואָס עפּעס „חלילה"? פאַרגינסט זיי ניט?

— בהמה, ווער פאַרגינט זיי ניט? איך זאָג „חלילה" אויף דער זאַבאַסטאָווקע (סטרייק))... מיר זענען דאָך איצט פונקט ווי אין דער תפיסה. גאָט ווייסט, וואָס הינטער אונדז טוט זיך!...

— זיי זאָגן, אַז אין פעטערבורג האָט זיך נעכטן געטאָן חושך...

— און אין מינסק? דאָרטן, זאָגט מען, איז שוין גאָר קיין ברויט ניטאָ!...

— אָט זענען נעכטן עטלעכע גויִים געפאָרן קיין ליעכעוויטש, האָבן די זאַבאַסטאָווטשיקעס פאַרנומען ביי זיי די פערד און זיי אַליין האָט מען שיער ניט געממיתט. מע לאָזט ניט — ניט אַרויס, ניט אַריין.

— ס'איז משיחס צייטן — וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן? „דער יתום" (דער צאַר) האָט זיך דערשפּילט צו אַן אמתער רעוואָלוציע...

— שאַ, שטילער אַ ביסל! אָט דרייט זיך דאָרט אום דער זשאַנדאַר...

— ווער הערט אים היינט? אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא. ער גייט־אום, ווי אַ באַגראָבענער...

— כאַפּ זיך ניט אַזוי, ביסט נאָך מיט אים ניט פאַרטיק!...

באַזאָרגט די פּאַסאַזשירן מיט „פּענסיע", איז דער קאָמיטעט שיער ניט געבליבן אָן אַרבעט. צום גליק, האָט זיך צו דער האַנט גלייך געמאַכט אַ נייער קהלשער ענין. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז צווישן די יידישע פּאַסאַזשירן געפינען זיך עטלעכע צענדליק אָן בילעטן, די וואָס פאָרן אונטער די בענק; און ווי באַלד אָן בילעטן, קאָנען זיי ניט געניסן פון דער פּענסיע — בלייבט זיי איבער סיידן אויסגיין אין די וואַגאָנעס פון הונגער. אַרויסטרעטן אָפן פאַרן עולם אויף דער פּלאַטפאָרם פונעם וואָקזאַל האָבן זיי מורא, טאָמער דער־וויסט זיך פון זיי דער נאַטשאַלניק, וועלן זיי ביטער אָפּשניידן. האָבן זיי אויסגעקליבן פון זיך אַ דעלעגאַטקע — אַ ברייטע אָנגעפּעלצטע יידענע, מיט אַ פאַרטעך איבער די וואַטאָווע מלבושים און אין אַ ווילד־צעשויבערטן פאַריק (אַפּנים — פון צופיל ליגן אונטער דער באַנק). די יידענע זאָגט, אַז זי האָט קיין מורא ניט פאַר נאַטשאַלניקעס — זי האָט נאָר מורא פאַר גאָט. זי רייסט אויף זיך די האָר, למאי זי איז געפאָרן אָן אַ בילעט און האָט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט אַזאַ טייערע, אַזאַ גרינגע פּרנסה, ווי פּענסיע! טאָמער, זאָגט זי, האָבן שוין יידן דערלעבט אַ מאָל צו באַקומען פּענסיע — דאַרף זי, אַ וויסטע אַלמנה מיט דערוואַקסענע טעכטער אין שידוכים, וויי איז איר און ווינד איז איר, בלייבן שטיין אין דרויסן!... דער קאָמיטעט ווערט

ווידער טעטיק. מע האַלט אָפּ אַ זיצונג (פאַרשטייט זיך — שטייענדיק, ביי די וואַגאָנעס), און דער פינסקער יונגערמאַן לאָזט זיך צווישן די פּאַסאַזשירן מיט דער וואָלענער קאָלדרע אויף די פּלייצעס און מיט אַ סטודענטישן היטל אין האַנט צו קלייבן נדבות. „גיט, יידן, רחמנים בני רחמנים, צו שטייער אַ גריווניע (צען קאָפּיקעס) פאַר אונדזערע אָרעמע האָזן!“ דער עולם איילט זיך ניט צו געבן, און מער פון אַלעמען איז אויפגעבראַכט דער שוואַרצער ברוגזער ייד, וואָס טראָגט אַ האַרטן, שבתדיקן קאַפּעליוש:

— שוין ווידער אַ מאָל אַ „נאַלאָג“? וויפל־זשע, וואָלט איך שוין וועלן וויסן, וועט אונדז בלייבן פון דער גאַנצער ניעסטשאַסטנער פּענסיע?

— עס וועט אונדז נאָך אַלץ בלייבן, פעטער, געפונענע ניינציק קאָפּיקעס!...

נאָך דעם איז שוין מער ניטאָ וואָס צו טאָן אַרום די וואַגאָנעס. די פּאַסאַזשירן דרייען זיך אום אויסגעבלייכטע, ניט־אויסגעשלאָפענע פון די האַרטע בענק, פאַראומערטע פון דער געצוווּנגענער געפאַנגענ־שאַפט, פון דער אומבאַוווּסטער לאַגע. מע שלאָגט זיך אָן אַלע ווײַלע אויף די זעלבע פּנימער, וואָס הייבן שוין אָן צו דערעסן, וואָס עס גלוסט זיך שוין אויף זיי מער ניט צו קוקן. די ערשטע פרייד מיטן סטרייק איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט, און דאָס וואָס עס קומט ניט אָן קיין נייעס פון די ווייטע טויט־אַנטשוויגענע שטאָלענע רעלסן וועקט אין די הערצער אַ שווער פאַרגעפיל. מע צעשפּרייט זיך איבערן שטעטל, אין קליינע גרופּעס און אייַנציקווייז. נאָר דאָס שטעטל איז וויסט און אומעטיק, מער דאַרף ווי שטעטל, און די קליינשטעטלדיקע יידן קוקן אומצוטרוילעך אויף די פרעמדע, צופעליקע, ניט־געבעטענע געסט, צונויפגעלאָפענע פון פאַרשיידענע ווייטע ערטער, וואָס ס'איז שווער תופס צו זיין, ווער זיי זענען און וואָס זיי זענען. עסן גיט מען זיי, נאָר פאַרן עסן נעמט מען ביי זיי שטאַרקע, גאָרניט קליינשטעטל־דיקע פרייזן — וואָרעם מאָרגן, זאָגן זיי, וועט שוין אפשר גאָרנישט זיין וואָס צו עסן. די פויערים האָבן מורא זיך צו רירן פון די דערפער.

און דאָס עסן שמעקט מיט היימישן דלות — אָרעמע פּאָליעסער פּאָ־טראַוועס. און אַ שוואַרצע מאָגערע בהמה, מיט מאָגערע אייטער און מיט ביינערדיקע ריפּן, שטייט דאָ איינזאַם ביי אַן אַלטן שטעלכל, פאַררייסט די טרויעריק־פאַרטראַכטע מאָרדע מיט די קורצע טעמפּע הערנער, מעקעט אָסיענדיק צום נידעריקן פאַרוואָלקנטן הימל — און דאָס איינזאַמע בהמהשע קול הילכט־אָפּ שווער אינעם אָנגעשטרענגטן האַרצן, לייגט זיך ווי אַ שווערע משא אויף די צערודערטע יונגע חלומות, און עס גלייבט זיך גאָרניט, אַז ערגעץ ניט ווייט פון דאַנען פלאַקערט דער יונגער פלאַקער פון אויפשטאַנד, אַז אין די נאָענטע טעג וואַרט אויף דיר אַ יונג אויפגייענדיק לעבן...

אין אָוונט ווערן די פּאַסאַזשירן אויפגעלעבט: דורך אַלע האַלב־פינצטערע וואַגאָנעס פון די טויטע צוגן ברענט אַ הייס, אַזאַרט קאָרטנ־שפּיל. אין אונדזער וואַגאָן, אַרום אַ גרויסן קופערט, וואָס דינט אַנשטאָט אַ טישל, שפּילט דער גענעראַל־שטאַב אַליין — דער גאַנצער קאָמיטעט פון די פּאַסאַזשירן. צוליב דעם מאָסקווער סוחר שפּילט מען אַ מאָס־קווער שפּיל — „סטוקעלקע”. נאָר דער „ראש־המדברים” איז דאָ אַלץ דער פּינסקער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק מיט דער וואָלענער קאָלדרע אויף די פּלייצעס. ער פירט דאָס שפּיל אויף עכטן פּינסקער לשון, לייגט־אויס די קאָרטן יידישלעך, מיט היימישע ביי־ווערטלעך: „אַלף — אַן אָדלער, בית — אַ באַרנבוים, גימל — אַ גנב, דאַלעד — אַ דבר־אחר...”

— וואָס כישופסטו דאָרטן, ברונעטיק, אויף אייער יידישער טאַ־ראַבאַרשטשינע? — זאָגט צו אים אין גוטן מוט דער מאָסקווער סוחר מיט דער כיטרער רויטלעכער נאָז. — דו רעד בעסער מאָסקווער לשון, אַז אַלע זאָלן דיך פאַרשטיין!

דער מאָסקווער סוחר איז שטאַרק אויפגעלייגט — ער האַלט אין איין געווינען. נאָך יעדן קאָן שאַרט ער צונויף דאָס ביסל זילבער מיט זיין פּוכיקער מילכיקער באַשפּרענקלטער האַנט, שיט עס אַריין אין זיין טיפן טייסטער און זיפצט־אָפּ פונעם פולן האַרצן: „עך, ווי יעוור־רעיטשיקי!” (עך, איר יידעלעך!)... דערפאַר איז אונדזער ווילנער סוחר מאָדנע בלייך און מאָדנע שטיל — ער האַלט אין איין פאַרלירן.

אַלע פּערטל שעה הייבט ער זיך אויף פונעם קופּערט, גייט אָפּ אין אַ פינצטערןווינקל, נעמט דאָרט אַרויס פון דער בוזעם־טאַש אַ בלוי פּינפּערל און זעצט זיך צוריק צום קופּערט. שפּעטער אַ ביסל, אַז דאָס שפּיל צעוואַרעמט זיך, ברענגט ער שוין פונעם פינצטערן ווינקל רויטע צענערלעך, און נאָך שפּעטער, אַז מע גייט איבער פון „סטוקעלקע" צו אַ „פּוילישן בענקל", כדי די פאַרשפּילטע זאָלן האָבן אַ מעגלעכ־קייט „זיך אָפּצושפּילן", — פרעגט ער שטיל דעם מאָסקווער סוחר, צי וועט ער אים קאָנען צעבייטן אַ הונדערטער. און ער לאָזט זיך גיין צום פינצטערן ווינקל אין דער קרים, ווי אַ שיכורער. הייבט זיך אויף דער פינסקער יונגערמאַן מיט דער וואָלענער קאָלדרע און גייט אים נאָך.

— זאָגט נאָר, פעטער, — מאַכט ער צו אים דווקא גאַנץ הויך, — איר האָט דאָ עפּעס מיט זיך אַ סך הונדערטער?

— צו וואָס דאַרפט איר דאָס, אַ שטייגער, וויסן? — פרעגט אים דער ווילנער סוחר הייזעריקלעך.

— גלאַט אַזוי, פון טשיקאַוועס וועגן. אויב איר האָט אַ סך, אַרט דאָס מיך ווי די וואַנט. נאָר אויב איר פאַרמאָגט געציילטע עטלעכע שמאַטעס, איז בעסער איר זאָלט גלייך אָפּהאַקן. פאָלגט אַ יינגערן, וואָרעם איר וועט דאָ ביים „פאָנקע" פאַרברענט ווערן!

— ער פאַלשעוועט דען מיט די קאָרטן?

— איך זאָג ניט, אַז ער פאַלשעוועט, נאָר ער האָט אַ טריפהנעם מזל צו יידיש געלט... מיר ווערן דאָ פון אים אַלע אַרויס נשרפים...

— עי, יידעלעך! — שרייט צו זיי דער מאָסקווער סוחר פונעם קופּערט. — וואָס פלאַפּלט איר דאָרט אַזוי לאַנג אויף אייער טאַראַ־באַרשטשינע? וועמען ווילט איר דאָרט איבערכיטרעווען?...

— דיך, וואַשע וויסאָקאָ־קופּעטשעסטוואָ, וועלן שוין יידעלעך נישט איבערכיטרעווען! — ענטפערט אים דער פינסקער יונגערמאַן און ווענדט זיך צו די יידישע שפּילער: נו, עולם, עד כאן אומרים בשבת הגדול — מער שפּילן מיר היינט ניט. שלאָפן, שלאָפן גיין!...

און אַזוי ציט זיך אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג. די צוגן שטייען נאָך אַלץ אויף איין אָרט, די שטאָלענע רעלסן גלאַנצן אַלע פרימאָרגן, אונטער

די קאַרגע שטראַלן פון דער פאָליעסיער אָקטאָבער־זון, ווייט אַרום און אַרום, מיט אַ פאַרטרויערטן טויטן גלאַנץ. מע הערט ניט פון ערגעץ קיין קלאַנג. מע ווייסט ניט, וואָס טוט זיך דאָרט ערגעץ אין דעם אויפגערודערטן ברייטן לאַנד. די פּאַסאַזשירן אין די וואַגאָנעס גייען־אום מיט אומגעוואַשענע פּנימער, די געגאָלטע זענען פאַרוואַקסן געוואָרן מיט האַרטע שטעכיקע בערד. אונדזער ווילנער סוחר האָט אינגאַנצן פאַרגעסן זיין פיינע, געגלעט באָרד; ער איז שטאַרק אַראָפּ פונעם פּנים, און זיין אָנגעפּאַקטע מגושמדיקע בוזעם־טאַש ווערט וואָס אַן אָוונט אַלץ מאָגערער און איידעלער. אין די אָוונטן איז נאָך צו דערליידן — דאָס קאָרטן־שפּיל פאַרשיכורט די מוחות. נאָר קומט דער טאָג, ווייסן ניט די פּאַסאַזשירן וואָס צו טאָן מיט זיך. גייט מען אין פעלד צו די „סכאָדקעס" פון די סטרייקערס. נאָר דאָרטן איז אַקימס אָפּאָזיציע נאָך אַלץ שטאַרק: דער בלאָנדער אָנפירער קנעלט יעדן טאָג מיט די פּויערים וועגן די פאַרשיידענע פרייהייטן, און די פּויערים זענען פאַרעקשנט, און אַלץ מיט דעם זעלבן לשון: זיי דאַרפן ניט קיין פרייהייט, זיי האָבן מורא פאַר דער פּריצישער פּעטליע... ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק! און איין מאָל אין אַ קילן פאַרנאַכט האָט גראַף היידען שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן, זיך אַוועקגעזעצט מיט אַ גרופּע פּאַסאַזשירן אויף אַ „דרעזינע" (אַן אויטאָמאַטישער באַן־וואָגן), און זיך געלאָזט איבער די רעלסן צום טייך פּריפּעט, פון וואַנען עס האָט געזאָלט גיין אַ דאַמפּ־שיפל קיין קיִעוו. מיט דער דאָזיקער דרייסטער גרופּע איז אויך אַוועק אונדזער פּינסקער קאָמיטעט־מאַן מיטן באַהאַרצטן ציגיינערישן פּנים און מיט דער וואָלענער קאָלדרע אויף די פּלייצעס, וואָס האָט לאַנג גע־פּלאַטערט פון ווייטן אין פאַרנאַכטיקןווינט, — און צוזאַמען מיט אים איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון די וואַגאָנעס דאָס לעצטע ביסל לעבעדיקייט.

און אָט איז אַנטשטאַנען אַ מאָמענט, ווען מע האָט שוין אויפגע־הערט צו ציילן די טעג. מע האָט פאַרלוירן דעם חשבון, ווי לאַנג מע שטייט שוין דאָ אין פעלד. געוווּען איז דעמאָלט דער עלפטער טאָג, נאָר געדאַכט האָט זיך, אַז עס זענען שוין פאַרגאַנגען וואָכן. יענעם אָוונט האָבן מיר אין אונדזער וואַגאָן זיך פרי געלייגט שלאָפן: אונדזער פאַר־

טרויערטער ווילנער סוחר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שפּילן אין קאָרטן. אָפּנים, אין זיין בוזעם־טאַש האָט שוין אָנגעהויבן רעכט צו טאָגן. מע האָט זיך לאַנג געוואַלגערט אויף די האַרטע בענק אין דער געדיכטער האַלב־פינצטערער לופט, ביז מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן פינצ־טערן דרעמל, אָן אַ ברעקל האָפענונג, אַז דער קומענדיקער פרימאָרגן וועט ליכטיקער מאַכן אויף דער נשמה. און פלוצעם האָבן עטלעכע פון אונדז אַ ציטער געטאָן און זיך אויפגעכאַפּט.

— האַ? וואָס איז דאָס?...

— האַ? דאַכט זיך... אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו... איר האָט געהערט?

— יאָ, איך האָב אויך געהערט. עפּעס ווי אַ לאָקאָמאָטיוו האָט דאָ ניט ווייט אַ פייף געטאָן...

— אַ לאָקאָמאָטיוו? עס קאָן ניט זיין! ווי קומט אַהער אַ לאָ־קאָמאָטיוו?

מיר זעצן זיך אויף אויף די געלעגערס, ווי איבערגעשראָקענע אַרעס־טאַנטן, שפּיצן אָן די אויערן, הערן זיך צו צו דער נאַכט — מע הערט גאָרניט, אַחוץ טריט פון מענטשן ביי די פענצטער פונעם וואַגאָן. מסתמא פאַרשפּעטיקטע פּאַסאַזשירן. אָפּנים, עס האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט...

נאָר אָט פּראַלט אויף די טיר פון אונדזער וואַגאָן. עס טוט אַ בלאָז פון דער נאַכט מיט פייכטער קאַלטער לופט און עס באַווייזט זיך אַ באַקאַנטער יידישער בחור פון אַ צווייטן צוג. דער בחור שיסט אויס מיט אַ מאָל:

— גאָספּאָדאַ, איר שלאָפט גאָר? מע האָט דאָך געגעבן קאָנסטיטוציע!

דער גאַנצער וואַגאָן מיט פּאַסאַזשירן שפּרינגט אַראָפּ פון די געלע־גערס און רינגלט אַרום דעם בחור:

— וואָס האָט מען געגעבן? וואָס?...

— קאָנסטיטוציע, קאָנסטיטוציע האָט מען געגעבן! — שרייט דער בחור ווי אַ באַנומענער. — רוסלאַנד איז געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע!... ס'איז געקומען אַ פּאַיעזד פון פּעטערבורג און געבראַכט די קאָנסטיטוציע!... קומט גיכער אין וואָקזאַל — דאָרט לייענט מען די קאָנסטיטוציע!...

כ

## פון קאָנסטיטוציע צו פּאָגראָמען

דער קליינער שלעכט־באַלויכטענער פּראָווינציעלער וואָקזאַל איז שוין געווען פול מיט פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געלאָפן אין מיטן נאַכט פון זייערע האַרטע געלעגערס, פּריילעך־דערשראָקענע, מיט צעשויבערטע קעפּ און אויפגעשטעלטע קאָלנערס, צו הערן, ווי מע לייענט די קאָנ־סטיטוציע. די, וואָס האָבן שוין אָפּגעהערט, האָבן זיך געקליבן אין טומל־דיקע רעדלעך און הייס באַשפּראָכן די גרויסע סענסאַציע, און די פריש־אָנגעקומענע האָבן אַרומגערינגלט איינעם פון דעם פּאַסאַזשירן־קאָמיטעט, דעם יידישן סטודענט מיט די שטאַרק־געגרייזלטע האָר, וואָס איז געשטאַנען אין דער פּאָזע פון אַ קייסערלעכן העראָלד און האָט מיט גרויס פייערלעכקייט און מיטן פולן באַוווסטזיין פון דער היסטאָרישער ראָל, וואָס אים איז דאָ אויסגעפאַלן, געלייענט פאַרן אויפגערודערטן עולם דעם קייסערלעכן מאַניפעסט. אייגנטלעך, איז דאָ ניט געווען קיין סך צו לייענען און קיין סך צו הערן. דער גאַנצער מאַניפעסט איז באַשטאַנען פון אַ פאַרשמוצטן שטיקל פּאַפּיר, אויף וועלכן עס איז געווען אַראָפּגע־שריבן אין איילעניש און אין אַ פאַרקירצטער פאָרעם דער אינהאַלט פון דער געשענקטער קאָנסטיטוציע. אין עטלעכע פאַרנעבלטע און גע־שטאַמלטע שורות האָט זיך גערעדט וועגן דעם גרויסן געגאָד, וואָס דער צאַר איז גרייט צו טאָן מיט זיין געליבטן פאָלק, געבנדיק אים די מעג־לעכקייט אָנטייל צו נעמען דורך זיינע פאָרשטייער אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם געליבטן פאָטערלאַנד. און ווייטער האָט דאָס האַלב־צעריסענע פאַרשמוצטע פּאַפּירל זיך פאַראיקעט וועגן עפּעס געשענקטע פרייהייטן: פרייהייט פון וואָרט, פון פאַרבאַנד, פון געוויסן... און מחמת דאָס פּאַפּיר איז געווען געשריבן מיט אַ שלעכטער האַנטשריפט און פון דעם טעקסט האָבן, ווייזט אויס, געפעלט גאַנצע שטיקער, האָט דער סטודענט גע־

לייענט דעם מאַניפעסט מער פון אויסווייניק, דערזאָגט דאָס, וואָס עס פעלט, מיט אייגענע ווערטער, לויט אַן אייגענעם פּירוש, — און פון דעסטוועגן האָט דאָס דער עולם אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג, און די עקזאַלטירטע צעשויבערטע פּנימער פון די יידישע פּאַסאַזשירן האָבן אין דער האַלב־פינצטערער באַלייכטונג פון דעם קליינעם וואָקזאַל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מחנה באַרוישטע ערשט־באַפרייטע אַרעסטאַנטן.

— הייסט עס, האָבן מיר טאַקע פאָרט דערלעבט אין רוסלאַנד אַ קאָנסטיטוציע!

— אַפּנים, ניט אומזיסט האָבן מיר זיך געמוטשעט עלף טעג אין די וואַגאָנעס!

— וואָס איז דאָ פאַראַן אַ סך צו קלערען — מיר מעגן אַלע מאַכן אַ גרויסן שהחיינו!

— שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!

— אָמן!... נאָר איין זאַך פאַרשטיי איך ניט: פאַר וואָס איז די קאָנסטיטוציע אַ געשריבענע, ניט קיין געדרוקטע? זי זעט מיר עפּעס אויס ווי אַן אשר־יצר־פּאַפּירל...

— אַ ייד וועט דיר שטענדיק געפינען אַ חסרון!... איר האָט דאָך געהערט: ס'איז קיין צייט ניט געווען אָפּצודרוקן, האָט מען דערווייל צוגעשיקט אַהער אַ געשריבענע מיט אַ פאָיעזד פון פּעטערבורג...

— ווער איז געווען דער שיקער?

— וואָס הייסט ווער? מסתמא די מיניסטאָרן.

— אַ גוטסקייט פון מיניסטאָרן!...

— עס וועט איצט ווערן אַן אַנדער וועלט מיט אַנדערע מיניסטאָרן...

— איר ווייסט, יידן? עס גלייבט זיך גאָרניט! עס דאַכט זיך אַלץ, אַז דאָס ליגן מיר אין וואַגאָן אויף דער האַרטער באַנק און עס חלומט זיך אונדז אַ חלום...

— מאַכט מיר קלאָר, איך בעט אייך, וואָס מיינט דער פּסוק מיט „סוואָבאָדאַ סאָוויעסטי” (פרייהייט פון געוויסן)? וואָס זאָגט דערויף דער סטודענט?

— וואָס דאַרפט איר דעם סטודענט? איך בין ניט קיין סטודענט און וועל אייך אויך זאָגן! „סוואָבאָדאַ סאָוויעסטי" הייסט פּראָסט און פּשוט „ראַוונאָפּראַוויע" (גלייכבאַרעכטיקונג). אויס ייד, אויס גוי — אַלע זענען גלייך!...

— הייסט עס, אַז איצט קאָן איך אַריינפאָרן קיין קיעוו אָפן, נישט מורא האָבן פאַר פּאָליציע?

— געוויס קאָנט איר! מיטן גרעסטן כבוד! קיינער וועט אייך קיין פּיפּס ניט טאָן!...

— אויב אַזוי... אויב אַזוי, איז דאָך דאָס... ווי איך בין אַ ייד...

— איר הערט, גאָספּאָדאַ? — זאָגט דער בחור, וואָס האָט אונדז אויפגעוועקט צו דער קאָנסטיטוציע, און וויינט שיער ניט פאַר פרייד. — איצט מעג איך דאָך אייך אַלעמען דערציילן דעם אמת: דאָס פאָר איך קיין אַמעריקע, געוואָלט אַנטלויפן פונעם פּריזיוו — אין אַ וואָך אַרום דאַרף איך זיך שטעלן צום פּריזיוו... איצט אָבער, ווי באַלד אַזוי — פאָר איך צוריק אַהיים! מיט אַ קאָנסטיטוציע בין איך גרייט צו דינען אין סאָלדאַטן וויפל מע וועט מיר הייסן!...

די איינציקע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אָן דער זייט פון דער אַל־געמיינער שמחה, זענען געווען די צוויי סוחרים פון אונדזער וואַגאָן, דער ווילנער און דער מאָסקווער, דער וואָס האָט פאַרשפּילט זיין געלט אין קאָרטן און דער וואָס האָט געווונען. אונדזער ווילנער ייד איז געווען אַזוי באַטריבט און זיין פיינע געלע באָרד האָט אויסגעקוקט אַזוי טרויעריק־אָפּגעלאָזן, אַז קיין קאָנסטיטוציע האָט אים שוין ניט געגומען. און דער מאָסקווער „פּאָניע" מיט דער רויטלעכער כיטרער נאָז האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די פריילעך־באַרוישטע יידן, ווי אויף אַ פרעמ־דער התונה — אַן איינזאַמער, אַ פאַרטאַיעטער, פול מיט פאַרדאַכט. עס האָט אויסגעזען, ווי די יידן האָבן דאָ פאַרכאַפּט די גאַנצע קאָנסטיטוציע אין זייערע הענט, און ער איז געבליבן פון דרויסן... עס האָט זיך אויך געוואָרפן אין די אויגן, וואָס מע זעט דאָ ניט קיינעם פון די הויפּט־מחותנים, די אייזנבאַן־סטרייקערס, די וואָס האָבן די קאָנסטיטוציע אויס־געקעמפט. נאָר דאָס האָט מען געקאָנט דערקלערן דערמיט, אַז מסתמא

איז שוין איצט נאָכן סטרייק און זיי זענען אַלע צוריקגעגאַנגען צו זייער אַרבעט.

דערווייל איז באַקאַנט געוואָרן אויפן וואָקזאַל, אַז דער פּריש־אָנ־געקומענער צוג פון פּעטערבורג נעמט־אויף פּאַסאַזשירן אויך פון די פאַרסטרייקטע צוגן, און ווער עס וויל — דער קאָן פאָרן נאָך היינט ביינאַכט. דער עולם האָט באַלד פאַרגעסן די קאָנסטיטוציע און איז געלאָפן אין דער פינצטערער נאַכט מיט אַ פרישער שמחה, געשלעפּט דעם באַגאַזש פון די אַלטע אויסגעוואַרעמטע וואַגאָנעס צום נייעם צוג, וואָס האָט לעבעדיק געסאָפּעט ערגעץ ווייט אין אַ ווינקל, אויף די עקסטע רעלסן פון דער סטאַנציע. אַלע דריט־קלאַסיקע וואַגאָנעס פון דעם פרעמדן צוג זענען אָבער געווען איבערגעפּאַקט מיט שלאָפנדיקע פּאַ־סאַזשירן. עס האָט דאָרט געשמעקט מיט דער באַזונדערער פרעמדער נאַכטיקער וואַרעמקייט, וואָס אַ לויפנדיקער צוג ברענגט מיט זיך פון אומבאַקאַנטע ווייטע ערטער, און אונדזער קאָמפּאַניע האָט געשפּאַנט מיט די טשעמאָדאַנעס פון איין וואַגאָן צום אַנדערן, ווי אַ האָרדע היימ־לאָזע און זאָרגלאָזע וואַנדערער. האָט איינע אַ כוואַטסקע מיידל פון אונדזערע פּאַסאַזשירן, וואָס מע האָט פון איר געשמועסט, אַז זי איז אַ פייערדיקע בונדיסטקע, פריילעך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „קינדער, לאָמיר גיין אין די בורזשואַזנע קלאַסן — ס׳איז איצט פרייהייט אין רוסלאַנד, עס טאָר נישט זיין מער קיין קלאַסן!”... האָבן די פּאַסאַזשירן זי געפאָלגט און אַלע, ווי איין מענטש, זיך אַ לאָז געטאָן אין די פינצ־טערע און האַלב־ליידיקע קאָמפּאַרטאַבעלע קופּעס פון דער צווייטער און ערשטער קלאַס.

איך בין אַריינגעפאַלן, צוזאַמען מיטן שוואַרצן ברוגזן יידן, וואָס אין דעם האַרטן שבתדיקן קאַפּעליוש, און מיט דעם בחור, וואָס דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו, אין אַ צווייטקלאַסיקער קופּע, ווו מיר האָבן געפונען בסך־הכל איין שלאָפנדיקן פּאַסאַזשיר, אַן אַלטן דייטש. מיר האָבן דערקענט זיין אָפּשטאַמונג לויטן פאַרשלאָפענעם „דאָננערוועטטער”, מיט וועלכן ער האָט אונדז מקבל־פנים געווען, און לויט אַ שקאַרמוצל מיט לימבורגער קעז, וואָס איז פאַרבליבן נאָך זיין נאַכטמאָל אויפן

טישלביים פענצטער און האָט געשפּרייט איבערן קופּע אַ געדיכטן טויטלעכן ריח. דאָס האָט אונדז פון דעסטוועגן ניט געשטערט אויס־צוציִען זיך מיט די צעבראָכענע, אָנגעוויטאָגטע גלידער אויף די ברייטע ווייכע בענק און איינצוזינקען אין אַ גליקזעליקן צושטאַנד — אי פון דעם געפיל, וואָס מיר רוען זיך ענדלעך אָפּ נאָך עלף נעכט שלאָפן אויף שמאָלע האַרטע געלעגערס, אי פון דעם ליכטיקן געדאַנק, אַז דאָס לאָזן מיר זיך אַצינד פאָרן צו אַ פרייער ליכטיקער צוקונפט. דער בחור דער פּריזיוּוניק האָט דאָס טאַקע אויסגעדריקט מיט ווערטער: „סאַראַ מחיה — אי אַ קאָנסטיטוציע, אי אַזאַ גן־עדן!״ האָט אים דער שוואַרצער ברוגזער ייִד דערויף געענטפערט: „ווען אין דעם גן־עדן זאָל כאָטש ניט שמעקן מיט געפּגרטע קעץ!״...

אויפגעכאַפּט זיך נאָך אַ האַרטן טיפן שלאָף, זעען מיר, אַז דער צוג לויפט שוין אין ליכטיקן טאָג אַריין. דער אַלטער דייטש זיצט ביים טישל און פרישטיקט, שניידט מיט אַ מעסערל פעניצלעך ברויט און באַשמירט זיי מיט לימבורגער קעז. מיר ראַטעווען זיך פון דעם חלשותדיקן ריח אין קאָרידאָר אַריין, שטייען ביי די פענצטער און קוקן, ווי אונטער די נידעריקע וואָלקנס לויפן טרויעריקע באַקעטע אָסיענדיקע פעלדער. אין געדאַנק טראָגן זיך דורך אַלע אויסערגעוויינלעכע געשעענישן פון די לעצטע וואָכן, און עס פרעגט זיך: וואָס גייט אונדז אָקעגן — בעסערע טעג? און ווי אַזוי וועלן זיי אויסזען?... אונדזער צוג שטעלט זיך זעלטן אָפּ ביי די פאַרביילויפנדיקע סטאַנציעס, און טאָמער שטעלט ער זיך ערגעץ אָפּ, איז אָבער אַ חידוש, וואָס מע זעט עפּעס ניט ביי די וואָק־זאַלן די געוויינלעכע פיגורן פון אייזנבאַן־אַרבעטער. אויף די פּלאַטפאָרמעס דרייען זיך אום נאָר סאָלדאַטן און זשאַנדאַרמען. עס איז אויך אַ גרויסער חידוש, וואָס עס קומט ניט אַריין אינעם וואַגאָן קיין קאָנדוקטאָר, וואָס מע פרעגט ניט ביי אונדז קיין בילעטן. אַנשטאָט קאָנדוקטאָרן, באַווייזן זיך פון צייט צו צייט מיליטער־לייט, אָפיצערן און סאָלדאַטן, וואָס גייען זיך דורך פון איין עק צוג צום אַנדערן מיט אַ באַשעפטיקטער מינע אויף די שטרענגע פּנימער. מיר דערוויסן זיך ביסלעכווייז, אַז מיר זענען אַריינ־געפאַלן אין אַ מיליטערישן צוג און ווערן געפירט דורך סאָלדאַטן. דער

אייזנבאַן־סטרייק איז נאָך ניט אינגאַנצן געענדיקט, נאָר שוין געבראָכן — געבראָכן דורך דער שטאַרקער האַנט פון דער רעגירונג. ווי באַלד אַזוי — וואָס זשע האָט מען נעכטן גערעדט פון קאָנסטיטוציע? און וואָס האָט באַטייט דאָס פאַרשמוצטע שטיקל פּאַפּיר מיט די פרייהייטן?... די פּאַסאַזשירן גייען־אום אין די שמאָלע קאָרידאָרן, ווי די שאָטנס, מיט אויסגעצויגענע פרעגנדיקע פּנימער, רעדן צווישן זיך שטיל — הויך רעדן איז שוין ניט באַקוועם פאַר די פאַרבייגייענדיקע פרעמד־קוקנדיקע אָפּיצערן.

און אָט בלייבט דער צוג שטיין ביי אַ גרויסער סטאַנציע און עס באַווייזן זיך ענדלעך, נאָך צוועלף אָפּגעריסענע טעג פון דער גרויסער וועלט, צייטונגען. דערווייל נאָר איין צייטונג, און ניט אַזאַ אָנגעלייגטע — דער פּינצטערער אַנטיסעמיטישער „קיעוולייאַנין". דער עולם איז אָבער זייער זשעדנע אויף אַ געדרוקטן לעבעדיקן וואָרט, צעכאַפּט ער דעם „קיעוולייאַנין" און לויפט אין די קופּעס אַריין לייענען. מע זוכט קודם־כל די הויפּטזאַך, די קאָנסטיטוציע — זי איז דאָ. די ווערטער זענען אַ ביסל קלאָרער, ברייטער, ווי אין דעם נעכטיקן פּאַפּירל, נאָר דער תוך איז פּונקט אַזוי בלייך און שיטער, ווי דאָרטן. דערפאַר איז דאָ די אונטערשריפט דייטלעך: ניקאָלאַי. ניקאָלאַי, דער אַליינהערשער פון רוסלאַנד, האָט ענדלעך געשענקט זיין לאַנד אַ שטיקל קאָנסטיטוציע. דאָס אַליין איז שוין אויך אַ היסטאָרישע געשעעניש!...

מע לייענט ווייטער — נאָר דאָ ווערט די זאַך אַלץ ווייניקער פאַרשטענדלעך, און עס הייבט אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן. עס באַפאַלט אַ פינצטערע אומהיימלעכקייט. וואָס הייסט דאָס? עפּעס רעדט זיך דאָ גאָר פון אומרוען, פון פּאָגראָמען... אויף יידן פּאָגראָמען... אַ פּאָגראָם אין קיעוו, אַ פּאָגראָם אין אָדעס, פּאָגראָמען אין נאָך און נאָך יידישע שטעט... די לאַנג־געגאַרטע פרייהייט, דער געשענקטער קייסערלעכער גענאָד, איז געפייערט געוואָרן מיט אַ בלוטיקן יום־טוב פאַר יידן... קאָנסטיטוציע און פּאָגראָמען? ווי אַזוי קומט עס? ווי אַזוי פּאַסט זיך עס איינס מיטן אַנדערן?... דער פינצטערער „קיעוולייאַנין" צעלייגט זיך מיט אַ פינצטערער דרשה, אַז די יידן זענען אַליין אין דעם שולדיק:

זיי האָבן איבערגעצויגן די סטרונע, זיי האָבן אין קיִעוו און אין אָדעס שיער ניט דערקלערט אַ יידישע רעפּובליק — האָט זיך אויף זיי אויס־געגאָסן דער גרימצאָרן פון דעם באַליידיקטן פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק...

עס ציטערן־אויף אַלע נערוון און דער מוח ווערט צעמישט. איך טו מיר אָן אַ כוח און לייען ווייטער די איינצלהייטן, און אָט גיט מיר פּלוצעם אַ ברי אין האַרצן: צווישן די באַפאַלענע גאַסן אין קיִעוו ווערט אויך דערמאָנט באָלשאַיאַ־וואַסילקאָווסקאַיאַ — שלום־עליכמס גאַס... הייסט עס, שלום־עליכם איז געווען אין מיטן פייער? דער ליכטיקער מאָלער פונעם פאָלק — אַרומגערינגלט פון זיין פאָלקס פינצטערע רוצחים?... וואָס איז דאָרט געשען מיט אים און מיט זיין הויזגעזינד? און צי איז דאָס אייגענע נישט געשען אויך אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, וווהין איך פאָר אַציגד צו זיין טאָכטער? לויט דעם, ווי דער בייזער „קיעווליאַנין” שרייבט, האַלט די מגיפה אין פאַרשפּרייטן זיך איבערן גאַנצן דרום...

עס הייבט מיך פונעם אָרט, און איך גיי אַרויס אינעם שמאָלן קאָרידאָר און שפּאַן הין און צוריק. דורך די אָפענע טירלעך פון די קופּעס זע איך איינגעהויקערטע יידישע פּלייצעס מיט באַגראָבענע פנימער אין די צייטונגען. אין אַ ווינקל פונעם וואַגאָן שטייט אַ גרופּע אויפ־גערעגטע יונגעלייט און טענהט עפּעס פאַרצאָרנט מיטן דיקן מאָסקווער „פּאָניע”, און אַ ביסל אָן דער זייט האָט דער שטאַרק־אָפּגעצערטער ווילנער סוחר זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און צופּט זיך נערוועז די געלע חרוב־געוואָרענע באָרד. דער מאָסקווער גוי שמייכלט קאַלט מיט דער רויטלעכער כיטרער נאָז און זאָגט גאַנץ געלאַסן:

— איר, יידעלעך, האָט געוואָלט איבערכיטרעווען דאָס פּראַוואָסלאַוונע פאָלק — נו, האָט מען אייך באַוויזן, ווער עלטער איז!...

— זאָג מיר נאָר, דו פּראַוואָסלאַוונער קופּעץ, — טרעט צו צו אים פּלוצעם דער ווילנער סוחר מיט אַן אָנגעצונדענעם פנים און מיט אַ הייזעריקן קול, — ווער ווערמען האָט דאָ איבערגעכיטרעוועט: איך דיך, צי דו מיך? ווער ביי וועמען האָט אַוועקגענומען אַ פאַרמעגן מיט געלט: איך ביי דיר, צי דו ביי מיר?...

איך גיי צוריק אין קופּע און טרעף דאָרטן טיף אין ווינקל אונדזער

שכן דעם פּריזיווניק. די איבערגעלייענטע צייטונג וואַלגערט זיך ביי דער זייט, און ער אַליין זיצט אומבאַוועגלעך, מיט אַן איינגעגנורעטן פּנים אין די הענט. באַלד קומט אַריין אויך דער צווייטער שכן, דער שוואַרצער ברוגזער ייד אין דעם האַרטן שבתדיקן קאַפּעליוש. דאָס פּנים איז אים איצט נאָך שוואַרצער און נאָך ברוגזער, ווי אַלע מאָל.

— נו, יונגערמאַן? — טוט ער אַ פרעג דעם בחור ווי ביי זיך. — וווּהין וועט איר איצט פאָרן: קיין אַמעריקע, אָדער צום פּריזיוו?...

דער פּריזיווניק נעמט אַוועק די הענט פון זיין פּנים, קוקט אויפן יידן אַ ווייילע ווי פאַרווירט, וויל אים עפּעס ענטפערן, נאָר אַנשטאָט אַן ענטפער, הייבט אים אָן מאָדנע צו ציטערן די אונטערשטע ליפּ. איך אייל מיך אָפּצוקערן זיך פון אים: איך האָב מורא, אַז אָט־אָט וועט זיך דער בחור צעוויינען.

איך זעץ זיך אַוועק אינעם צווייטן ווינקל, אויפן האַרצן לייגט זיך שווער דער געדיכטער טויטלעכער ריח פונעם לימבורגער קעז, וואָס מישט זיך צונויף אין מיינע חושים מיטן ווידערגעפיל קעגן דער געגענטער ניטגוטער, בלוטיקער קאָנסטיטוציע, און איך זינק איין אין אַ געדיכטן הייסן נעבל. עס לויפט אַ שעה נאָך אַ שעה, און אָט איז שוין נאַכט. דער אַלטער דייטש באַקומט פון ערגעץ אַ סטרינעווע ליכט, צינדט עס אָן אין אַ פלעשל און זעצט זיך אַוועק צו נאַכטמאָל: ער שמירט ווידער פענעצלעך ברויט מיט ווייכן לימבורגער קעז, און די ניט גוטע בלוטיקע קאָנסטיטוציע שפּרייט אַרום אונדז דעם טויטלעכן ריח פון פּאָגראָמען. איך פאַל אַריין אין אַ טיפן שווערן דרעמל מיט שווערע קאָשמאַרן, ביז דער אַלטער דייטש וועקט מיך מיט זיין קאַלטער שאַרף־שמעקנדיקער האַנט:

— ויר זינד שאָן אין זשמערינקאַ...

אין זשעמערינקע דאַרף איך בייטן דעם צוג אויף מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, נאָר אַז איך קום אַריין אין דעם קאָלאָסאַלן רייכן וואָקזאַל, טרעף איך דאָרט אַ מוראדיקע בהלה: די גרויסע הויכע מירמלשטיינערנע זאַלן זענען פול מיט איבערגעשראָקענע יידן און ווייבער און קליינע קינדער, וועלכע וואַלגערן זיך דאָ אויף די בענק און אויף דער הוילער ערד צווישן

בערג מיט חפצים און שלעכט־צוזאַמענגעבונדענע פעק מיט בעטגעוואַנט. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז אין זשמערינקע איז היינט געווען אַ פּאָגראָם, און ניט נאָר געווען — דער פּאָגראָם ציט זיך נאָך איצט. מע האָט ערשט ביינאַכט אונטערגעצונדן דאָס שטעטל, און זשעמערינקע ברענט! איך גיי אַרויס אין דרויסן כאַפּן אַ קוק — יאָ, צום פינצטערן, נאַכטיקן הימל טראָגט זיך ערגעץ ווייט אַ געדיכטער רויך, פונקען פליען, אַ בייז פלאַקערל רויטלט זיך... איך קום אַריין צוריק אין די זאַלן, דריי זיך אום שטום אַרום דער אויסגעשפּיגענער צעטרייסלטער מענטשן־מאַסע, זע צעקרימטע, צעווייטאָגטע מאַנסבילשע פּנימער, הער ווי ווייבער קלאָגן און ברעכן די הענט, ווי קינדער וויינען אויף דער ערד מיט אַ נאַכטיקן היימלאָזן שוידערלעכן געוויין... די מער מיושבדיקע (און אויך מער פאַרמעגלעכע) לייט קלייבן זיך אין רעדלעך, שטייען מיט טיף־פאַרזאָרגטע אויגן און קאָנען זיך קיין עצה ניט געבן: וווּהין לויפט מען? וווּהין ראַטעוועט מען זיך? אין קיעוו — ניט. אין פאַסטאָוו — אויך ניט. אין אָדעס, זאָגט מען, פאָרן אין די גאַסן סאָלדאַטן מיט „פּולעמיאָטן" (מאַשין־ביקסן) און מע שיסט אין יידישע הייזער... סיידן צו דער רומענישער גרענעץ — דאַרף מען דאָך האָבן אויסלענדישע פּאַספּאָרטן. ווי אַזוי איז מעגלעך צו שוואַרצן די גרענעץ מיט ווייבער און קליינע קינדער און מיט אָט אַזויפיל בעבעכעס?... איך וויל פרעגן וועגן מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, נאָר קיינער האָט קיין געדולד ניט מיר צו ענטפערן. איך זוך צווישן עולם כאָטש איין רואיק פּנים — און ענדלעך געפין איך. ערגעץ אין אַ שטילן ווינקל פונעם זאַל שטייט פּי־לאָזאָפיש־פאַרטראַכט אַ מאָגערער בלאָנדער יונגערמאַן אין אַ לאַנג־לעכער קאַפּאָטע און וויגט אויף דער באַנק אַ שלאָפנדיק קינד אין אַן אויסגעבעטן מולטער. איך גיי־צו צו אים און פרעג, צי ווייסט ער ניט, ווען איך האָב אַ צוג קיין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק?

— ששש!... — זאָגט ער צו מיר און מאַכט מיטן פינגער צו די ליפּן, איך זאָל ניט אויפוועקן דאָס קינד. ער באַטראַכט מיך אַ ווילע מיט זיינע פילאָזאָפישע טרויעריקע אויגן און זאָגט צו מיר שטיל:

— איר דאַרפט קיין מאָלעוו? בעסער פאָרט ניט אַהין.

— פאַר וואָס?

— ווייל דאָרט איז נאָך גאָרנישט געווען.

— דעריבער איז וואָס?

— ווי באַלד ס׳איז נאָך ניט געווען, — דערקלערט ער מיר זייער שטיל און געלאַסן, — וועט זיין... פאָרן דאַרף מען אַהין, ווו ס׳איז שוין געווען. צוויי מאָל די אייגענע חכמה מאַכט מען ניט...

ערשט אין דער פרי באַקומען מיר אַ צוג קיין מאָהילעור־פאָדאָלסק — שוין אָן סאָלדאַטן, נאָר מיט פראָסטע קאָנדוקטאָרן און מיט אַ ציווילן מאַשיניסט: דער סטרייק איז שוין אין גאַנצן געבראָכן. דער צוג, אין וועלכן מיר פאָרן, איז אַ קליין אָרעם צוגל, וואָס טרייסלט זיך פאַמעלעך אויף אַ שמאָלער באַן. ער גייט צו דער רומענישער גרענעץ, און עס פאָרט מיט אונדז אַ קליינער טייל פון די זשמערינקער יידן מיט ווייבער און קינדער און מיט בעטגעוואַנט. עס פאָרן מיט אונדז אויך עפּעס פאַר־דעכטיקטע פאַרשוינען, מיט רויטע פיזיאָנאָמיעס און מיט אונטערגעגאָלטע קאַרקן. זיי מאַרשירן גרופּנווייז הין און צוריק איבער די וואַגאָנעס און נעמען דורך די יידישע פּאַסאַזשירן מיט זייערע קליינע קאָלטע חזירשע אויגן, פון וועלכע עס ווערט קאָלט און אומהיימלעך אויף דער נשמה. עס ווילט זיך גאָרניט קוקן אין זייער זייט; עס ווילט זיך בעסער קוקן דורכן פענצטער מיט נאָגנדיקער בענקשאַפט אויף די הערלעכע פאָדאָל־יער פעלדער, וואָס שפּרייטן זיך ווייט אַוועק אויף בערג און אין טאָלן מיט גרינע, געלע און שוואַרצע זאַפטיקע בייטן, גוט און געטריי באַאַר־בעטע מיט האַרבסטיקע געוויקסן פון דער שטילער, ערלעכער האָרע־פּאַשנער מענטשהייט...

אין דרויסן שמעקט שוין מיט נאָענטן ווינטער. עס בלאָזט אויף אונדזער קליינעם שוואַכן צוגל אַ קאַלטער שאַרפער באַרגיקער ווינט, און ביים טירל פון אונדזער ענגן פאַרשמוצטן וואַגאָן רויכערט זיך אַ צעבראָכן אייזערן אויוועלע. עטלעכע יידן מיט אויסגעפייניקטע ניט־אויס־געשלאָפענע פּנימער האָבן זיך פאַרקליבן הינטערן אויוועלע, שאָקלען זיך און דאַווענען שטיל שחרית. ס׳איז אַ טרויעריק דאַווענען, אָן טלית און תפילין — אַפּנים, אויס מורא פאַר די פאַרבייגייענדיקע פאַרדעכטיקטע

פאַרשוינען. נאָר איין אַלטער ייד האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט: ער האָט זיך איינגעוויקלט אין זיין אַלטן פאַרגעלטן צעפליקטן טלית, שטייט ביים אויוועלע און שאָקלט זיך, פאַרגייט זיך גאַנץ הויך אין דעם אומעטיקן וואָכעדיקן ניגון. דערהויפט צעלאָזט ער זיך מיט זיינע אויס־געשפרייטע אַלטע הענט צו דער נידעריקער סטעליע, ווען ער קומט צו „תחנון״: „שומר ישראל, שמור שארית ישראל, ואל יאבד ישראל, האומרים שמע ישראל״... (היטער פון ישראל, היט דאָס לעצטע ביסל פון ישראל, און זאָל ניט פאַרלוירן גיין ישראל, די וואָס זאָגן „שמע ישראל״). דער דאָזיקער אַלטער ייד אינעם טלית געפעלט דווקא זייער שטאַרק די רויט־פנימדיקע פאַרשוינען מיט די אונטערגעגאָלטע קאַרקן. יעדעס מאָל, ווען זיי גייען דורך אונדזער וואַגאָן, טוט איינער פון זיי אַ שטופּ דעם צווייטן כלומרשט אומגערן, יענער פאַלט אויפן אַלטן יידן און וואַרפט אים אום אויפן הייסן אויוועלע. אַזוי איין מאָל, און נאָך אַ מאָל, און אַ דריטן מאָל. די נערוון זענען ביי מיר אָנגעשטרענגט ביז צום לעצט — אָט פּלאַצן זיי. איך האַלט שוין מער ניט אויס, וואַרף מיך אויף איינעם פון די שקצים מיט די פויסטן און שריי: „דו חיהשע מאָרדע, ריר ניט אָן דעם אַלטן מאַן, וואָן פון דאַנען!״... יענער שטעלט זיך אָפּ, קוקט מיך אָן ווי פאַרווונדערט, צעלאַכט זיך מיט אַ פּרא־אָדמדיקן געלעכטער און פאַרשווינדט. און ערשט דאָ פאַלן אויף מיר אָן די דאַוונעדיקע יידן מיט אַ ווילדן כעס: „יונגערמאַן, פון וואַנען קומט איר? ווער בעט אייך צו זיין אַ זאַשטשיטניק (פאַרטיידיקער)?... צו רייצן זיך מיט פייער?... איר ווייסט, ווער עס זענען אָט די היצלעס? דאָס איז דאָך די אמתע חברה!... איר ווילט, מע זאָל אונדז דאָ אַלעמען אומברענגען אין מיטן וועג?... אַ זאַשטשיטניק גלוסט זיך אים צו זיין!...״

אין מאָהילעוו קומען מיר שוין שפּעט נאָך מיטאָג. איך האָב ניט טעלעגראַפירט פונעם וועג — ניט געוואָלט, מע זאָל מיך אין אַזאַ צייט באַגעגענען אויפן וואָקזאַל. איך נעם אַ דראָזשקע, און דאָס האַרץ ציטערט, וואָס אין שטאָט איז אַזוי פּוסט און שטיל — אַלע קלייטן שטייען פאַרמאַכט. איך פרעג ביים גויִישן איזוואָזטשיק, צי ס׳איז דאָ רואיק? זאָגט ער: „איצט איז רואיק. אייערנעכטן איז געווען ניט־רואיק:

יידלעך און סקובענטן (סטודענטן) זענען אַרויס מיט פאָנען, גערעדט און גערעדט און געהויבן די רויטע פאָנען"... פרעג איך ווידער, צי מע וואַרט דאָ ניט, עס זאָל עפּעס זיין? זאָגט ער: „דער טייוול ווייסט זיי! אַלצדינג ווענדט זיך אין זיי, אין די יידלעך מיט די סקובענטן"...

איך פאַרפאָר אין אַ פּוסטן קליינשטעטלדיקן האָטעל. דער באַלעבאָס ווייזט מיר אָן אַ צימער און ווערט באַלד פאַרשוווּנדן. איך גיי אַראָפּ אונטן פרעגן, ווו געפינט זיך דאָ אין שטאָט די מיידלשע פאָלקסשול — דאָס הויז ווו מיין פריינדין וווינט. נאָר קיינער ענטפערט מיר ניט. דער באַלעבאָס מיט זיין פרוי און מיט זייערס אַ בחורל זענען עפּעס זייער צעטראָגן. מע שלעפּט ערגעץ פּעקלעך מיט קעסטלעך, מע שליסט אויף און מע פאַרשליסט טירן. פרעג איך נאָך אַ מאָל. ענטפערט מיר שוין דער באַלעבאָס צערייצט און מיט אַ בייזער:

— וואָס דולט איר אַ מוח? ווּהין ווילט איר אַצינדערט גיין? זיצט בעסער אין נומער. איר זעט דען נישט, וואָס אין שטאָט גרייט זיך?...

## כא
# דער פּאָגראָם אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק

איך האָב ניט געפּאָלגט די עצה פון מיין מאָהילעווער בעל־אַכסניה, איך זאָל בעסער זיצן אין נומער, און בין אַרויס אין שטאָט אויפזוכן די פּאָלקס־שול פאַר מיידלעך, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ווינ־טרויבס שול", ווו שלום־עליכמס טאָכטער איז געווען די פּאַרוואַלטערין. ס'איז מיר אָבער ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען צו דערפרעגן זיך אַהין. די גאַסן, ווו איך בין דורכגעגאַנגען, האָבן אַלע אויסגעזען ווי אויסגע־שטאָרבן. די קלייטן זענען געשטאַנען פאַרריגלט. ס'איז געווען זעלטן צו טרעפן אַ לעבעדיקן נפש, אַפילו ניט קיין „גאָראָדאָוואָי". טאָמער האָט אויף איינעם אַ גאַניק זיך באַוויזן אויף אַ ווייַלע אַ ייד מיט אַ צע־רודערטן פּנים, האָט ער זיך ווי איבערגעשראָקן פון מיין אומבאַקאַנטן אויסזען, מיך אָנגעקוקט מאָדנע, וואָס איך שפּאַציר אין אַזאַ צייט מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, און אומצופרידן מיר געוויזן אַרויפצו, אַז דאָס וואָס איך זוך, איז ערגעץ אומבאַשטימט ווייט פון דאַנען. עס איז שוין געווען אַרום פאַרנאַכט, אַ קאַלטער, פייכטער ווינט האָט געטריבן אויפן הימל נידעריקע שוואַרצע כמאַרעס, געקערט דעם שטויב פון די שלעכט־געברוקירטע גאַסן, און איך האָב געשפּאַנט איבער דער אויסגעשטאָרבענער, סומנער, פרעמדער שטאָט מיטן געפיל פון איינעם אַן איינזאַמען אַ שעה פאַרן מבול, אַזאַ וואָס איז איבערגעבליבן איינער אַליין אויף דער ערד, נאָך דעם ווי נח האָט זיך שוין פאַרשלאָסן מיט אַלעמען אין זיין קאַסטן... איך געדענק בפירוש, אַז דאָס איז ניט געווען קיין געפיל פון שרעק; אַדרבה, מיין יונג בלוט האָט אין מיר געקאָכט מיט אַ שאַרפן כעס און מיט אַ שאַרפער טראָציקייט: זאָל געשען דאָס, וואָס וועט געשען!... גייענדיק גיך איבער די פאַרנאַכטיק־טונקעלע ווילד־פרעמדע פוסטע גאַסן, האָט מיך געהויבן עפּעס אַ נייער פייערלעך־טרויעריקער געדאַנק,

אַז אָט קום איך צו מיט מיינע יונגע אומדערפאַרענע יאָרן אַלץ נענטער און נענטער צום אַלטן טויזנט־יאָריקן גורל פון מיין געפּרוווטן פאָלק... איך בין נאָר געווען שטאַרק אומרואיק, צי וועל איך, ביי אַזעלכע אומשטענדן, געפינען דאָס הויז פון מיין פריינדין — אין אַזאַ שעה האָב איך געמוזט זיין מיט איר אין איינעם, צי אויף לעבן, צי אויף טויט.

נאָר אָט באַמערק איך פון ווייטן, אין דער טונקלקייט פון דעם ווינטיקן פאַרנאַכט, אַ געזעמל פון מענטשן, וואָס שטייען אין מיטן אַ זייטיקן געסל און היצן זיך עפּעס. איך קום צו נעענטער און זע שוין קלאָר, נאָך די פּנימער און נאָך די קאַפּטאַנעס, אַז דאָס זענען לויטער גויים, מסתמא אָרטיקע „מיעשטשאַנעס". און פון דעסטוועגן שטופּט מיך מיין אָנגעשרויפטע טראַציקייט צו קוקן זיי שאַרף אין די אויגן אַריין און צו פרעגן זיי מיט דער זעלבער אַרויסרופנדיקער שאַרפקייט אויף ווייַנטרויבס שול — און לאָמיך זען, וואָס דאָ וועט זיין!... עטלעכע פון געזעמל דרייען זיך אום צו מיר, קוקן זיך איבער, און איינער פון זיי זאָגט גאַנץ געלאַסן, כמעט מיט אַ מינע פון גאַסטפריינדלעכקייט: „אַה, די יידישע שול, וואָס אַקעגן דעם אָפיצערן־קלוב? גייט גלייך מיט אָט יענער גאַס — ס'איז ניט ווייט פון דאַנען". איך פיל זיך אַ ביסל ווי אַנטוואָפנט, לאָז מיך גיין אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג, און ס'איז פאַר מיר אַ רעטעניש, ווער זענען עס דאָרט די לייט אין דעם געזעמל? פון דעם הייסן געשפּרעך, וואָס זיי פירן אין אַזאַ מאָמענט אין מיטן גאַס, איז דייטלעך צו זען, אַז זיי האָבן עפּעס אַ שייכות מיט דעם, וואָס עס גרייט זיך אָנצינד אין שטאָט; אָבער וואָס פאַר אַ שייכות איז דאָס — צו גוטן, אָדער צו בייזן? אַזוי צי אַזוי, נאָר עס ווערט מיר ווי פרייער אויף דער נשמה, וואָס איך האָב ביי מיין שווערער שטימונג דערזען פלוצעם מענטשלעכע פּנימער. אויב מענטשן זענען נאָך פעאיק אַרויסצובאַווייזן אַ פרעמדן אַ פריינדלעכע מינע, איז אפשר די לאַגע ניט אַזוי פאַרצווייפלט...

ענדלעך געפין איך די שול. איך טרעף אינעם הויף, אויף דער וועראַנדע פון אַ גערוימען נגידישן הויז, אַן אומבאַקאַנטע פריילין, וואָס דערקענט מיך אָבער אומבאַקאַנטערהייט און לויפט גלייך אין שטוב

אַריין אָנזאָגן די בשורה. מיין פריינדין קומט אַרויס אַ ליכטיק דער־פרייטע און זאָגט, אַז זי האָט געוווסט, אַז איך מוז היינט קומען! מיין ערשטע פראַגע איז: וואָס הערט זיך אין קיעוו? ביי מיין פריינדין בייט זיך באַלד דער אויסדרוק פון דעם פּנים און זי זאָגט: דאָרט זענען פאָרגעקומען שרעקלעכע זאַכן. און כאָטש לויט די צייטונגען קאָן מען האָפן, אַז מיט איר פאַמיליע איז קיין שלעכטס ניט געשען, שטעלט זי זיך אָבער פאָר, וואָס דער פאָטער האָט פאַר די טעג איבער־געלעבט!... קיין בריוו האָט זי ניט פון דער היים שוין באַלד צוויי וואָכן, זינט דער אייזנבאַן־סטרייק איז אויסגעבראָכן. זי פאַרבינדט זיך מיט קיעוו נאָר דורכן טעלעגראַף. די ערשטע טעלעגראַמעס זענען געווען וועגן מיר: ווו בין איך נעלם געוואָרן? מע האָט געמיינט, אַז אויפן וועג קיין מאָהילעוו וועל איך פאַרפאָרן קיין קיעוו, — האָט מען מיך געזוכט. שפּעטער, אין דעם טאָג פון קאָנסטיטוציע, האָט זי באַקומען פונעם פאָטער אַ טעלעגראַמע: „פּאָזדראַווליאַיעם דאַראָוואַננאָי קאָנ־סטיטוציעי" (מיר באַגריסן מיט דער געשענקטער קאָנסטיטוציע), — אַזוי גרויס איז געווען זיין שמחה מיט דער געגעבענער פרייהייט! נאָר שוין אין צוויי טעג אַרום, צוזאַמען מיט די קלאַנגען וועגן דעם פּאָגראָם אין קיעוו, איז איר אָנגעקומען פּלוצעם אַ קורצע טעלעגראַמע פון צוויי ווערטער: „זדראָוו, פּאַפּאַ" (געזונט, פּאַפּאַ). לכתחילה האָט זי זיך איבערגעשראָקן אויף טויט. אַז דער פאָטער טעלעגראַפירט „זדראָוו", ניט „זדראָווי" (מיר זענען געזונט), — הייסט דאָס, אַז אַלע זענען אומגעקומען אינעם פּאָגראָם, און נאָר ער אַליין איז געבליבן לעבן. זי האָט זיך אָבער באַטראַכט, אַז דאָס איז ניט אין דעם פאָטערס סטיל: ער וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט שיקן אַזאַ עגאָאיסטישע טעלעגראַמע. עס זאָל געווען פּאַסירן עפּעס שלעכטס מיט דער פאַ־מיליע, וואָלט שוין דער פאָטער ניט געווען אימשטאַנד בכלל צו טעלעגראַפירן... מע קאָן דאָס דערקלערן נאָר דערמיט, וואָס שרייבנ־דיק די טעלעגראַמע אין דער גרויסער פּאַניק, האָט ער געמאַכט אַ טעות. נאָר דאָס אַליין איז שוין געגנוג: ער איז שטענדיק אַזוי פּינקט־לעך אין זיין שרייבן!...

דערציילנדיק מיר די אַלע זאַכן אין אַן אויסערלעך רואיקן טאָן, פירט זי מיך אַריין אין די קלאַסן פון דער שול און באַקענט מיך דאָרט מיט דער אומבאַקאַנטער פריילין, אַ לערערין פון האַנט־אַרבעט, און מיט איר אַלטער מוטער, וואָס וווינעןביידע צוזאַמען מיט איר אין דער שול. איך טרעף דאָרטן אויך אַ לערער מיט אַ קאָקאַרדע, פון דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט, מיט ועמען איך האָב מיך שוין געהאַט באַגעגנט פריער אין ווילנע. ער זיצט אויף אַ שילער־בענקל אין דעם האַלב־פינצטערן קלאַס, באַהאַלט דעם קאָפּ אין די הענט, און דאַכט זיך — ער וויינט. דערזען אונדז, שטייט ער אויף ווי פאַרשעמט, ווישט זיך אויס די אויגן אין אַ ווינקל, דרייט זיך אַ קליינע ווײַלע אַרום די בענקלעך, טוט אַ זאָג: „איך וועל נאָך אפשר קומען שפּעטער צו־ריק" — און ווערט פאַרשוווּנדן.

— ער וועט שוין ניט קומען! — זאָגט די אַלטע פרוי, קוקט אויף אונדז אַלעמען מיט אַ צעוויינטאָגטן פּנים און ברעכט די הענט. — ער האָט מיר אַ שטיק האַרץ אויסגעריסן. עס זיצט אַ מאַנסביל שוין עטלעכע שעה און וויינט...

— דו ווייסט דאָך ניט, וואָס דאָ טוט זיך! — זאָגט צו מיר מיין פריינדין. — מיר וואַרטן יעדע מינוט, אַז דאָ זאָל זיך אָפּשפּילן דאָס אייגענע, וואָס אין קיעוו... דו ביסט געקומען פונקט אין דער רעכטער צייט — מיר זענען דאָ נאָר דריי פרויען אין דעם גרויסן הויז...

— גאָט אַליין האָט זיי געבראַכט אַהער! — זאָגט די אַלטע פרוי און ברעכט די הענט, קוקענדיק אויף מיר.

און מע דערציילט מיר, אַז זיי האָבן געשיקט רופן דעם לערער, ער זאָל מיט זיי דאָ בלייבן איבערן אָוונט. זאָל זיך געפינען כאָטש איין מאַנסביל אין שטוב, טאָמער ווערט אין שטאָט נישט שטיל. איז ער געקומען אַ צעטראָגענער: ער האָט געהערט אין שטאָט, אַז די כוליגאַנעס סטראַשען, אַז זיי וועלן אויסקוילן אַלע יידן מיט קאָקאַרדעס, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער דעמאָנסטראַציע נאָך דער קאָנסטיטוציע, — און ער איז גראָד אַ ייד מיט אַ קאָקאַרדע, און אַלע האָבן געזען, אַז ער איז געווען אויף דער דעמאָנסטראַציע...

— טענה איך מיט אים, — דערציילט די אַלטע, — ער זאָל אויס־טאָן אויף עטלעכע טעג די קאָקאַרדע און אָנטאָן אַ פּראָסט היטל — אַ שיינע ריינע כפרה... ווייל ער ניט: עס שטייט אים, אַפּנים, ניט אָן... וואָלט ער שוין בעסער געגאַנגען ערגעץ צו באַקאַנטע, ווי באַלד ס'איז אים „נעפּריאַטנע” צו זיצן דאָ פאַרשפּאַרט מיט אונדז. וואָרעם אַ מאַנסביל אַז ער וויינט, איז דאָך עק וועלט... ווייל ער דאָס אויך ניט — עס שטייט אים ווידער ניט אָן... זיצט ער אַזוי דעם גאַנצן אויפדערנאַכט און וויינט. אַ שטיק האַרץ האָט ער מיר אויסגעריסן!... דאַנקען גאָט, וואָס זיי זענען געקומען!...

זיי — דאָס מיינט מען מיך. מיין נייע ראָל אַלס באַשיצער פון דריי פרויען מיט אַ דינעם שטעקעלע אין האַנט, אין אַ פרעמדער שטאָט און אין אַ פרעמדן הויז, וואָס איך ווייס נאָך ניט, ווו אַ טיר עפנט זיך, — וואַרפט מיך אין קעלט. איך פרוּוו דערווייל טאָן דאָס, וואָס איך קאָן. איך מונטער די אַלטע מיט ווערטער, אַז מע דאַרף זיך האַלטן רואיק, אַז אַלצדינג וועט מסתמא אַריבער בשלום. אָט האָב איך ערשט באַגעגנט אין גאַס אַ גאַנצע כאַליאַסטרע גויִים, געפרעגט ביי זיי דעם וועג, האָבן זיי מיר גאַנץ פריידלעך געענטפערט.

— הלוואַי, רבונו של עולם! — זאָגט די אַלטע פרוי און ברעכט די הענט.

נאָר אָט ווערן מיר אַלע פלוצעם אַנטשוויגן און הייבן זיך אָן צוהערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם: פון שטאָט לאָזט זיך הערן עפּעס אַ מאָדנער הילך, עס טראָגן זיך פאַרשטיקטע קולות, וואָס ווערן וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער.

— שאַ! — זאָגט די אַלטע זייער שטיל, ווי זי וואָלט אונדז אָנגעזאָגט אַ לאַנג־געגאַרטע בשורה, און קוקט אויף אונדז מיט גרויסע אויגן. — עס הייבט זיך שוין, דאַכט זיך, אָן...

מיר גייען־צו צו די פענצטער. עס איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט, נאָר דאָך זען מיר דורך דער פינצטער־געוואָרענער לופט, ווי מענטשן, מאַנסביל און פרויען, לויפן ערגעץ. ביי איינער אַ פרוי אויף די הענט

בלאַנקט עפּעס אַ זאַך, איינגעוויקלט אין ווייסן — אַפּנים, מע ראַטעוועט זיך מיט אַ קליין קינד...

— מע לויפט... — זאָגט די אַלטע און ציטערט הינטער אונדזערע פּלייצעס, ווי אַ בלאַט. — קינדערלעך מיינע, טייערינקע, לאָמיר אויך ערגעץ לויפן, לאָמיר עפּעס טאָן, לאָמיר זיך ראַטעווען!...

מיר ציטערן אַלע ניט ווייניקער פון איר, נאָר אין דער זעלבער צייט ווער איך ווידער דורכגענומען פון אַן אינערלעכער קאַלטער רואיקייט, וואָס איז גרייט אויף אַלץ. זאָל קומען דאָס, וואָס וועט קומען, נאָר אַז ס'וועט קומען, דאַרף מען דאָס באַגעגענען מיט דער גאַנצער קראַפט פונעם קאָכיקן צאָרן — און זאָל די וועלט גיין קאַפּעקאַל!...

— איך מוז עפּעס האָבן אין האַנט, — זאָג איך, — איך האָב מיט זיך נאָר אָט דאָס שטעקעלע...

— לאָמיר רופן דעם דוואָרניק, — זאָגט מיין פריינדין. — ווו איז מיפאָדי?

— מיפאָדי! — רופט די טאָכטער פון דער אַלטער און לויפט צום פינצטערן קאָרידאָר. — מיפאָדי!

עס באַווייזט זיך פון ערגעץ אַ הויכער גוי אָן אַ היטל. אין דער פינצטער איז שווער צו זען, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט, נאָר מיט זיין גאַנצער דערשיינונג מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ גרויסער פאַר־שלאָפענער חיה, וואָס מע האָט זי אַרויסגערופן פון איר נאָרע.

— מיפאָדי, — זאָגט צו אים מיין פריינדין, — דו שטעל זיך ביים טויער און לאָז קיינעם ניט אַריין! מע וועט דיך דערפאַר באַדאַנקען...

— גיט מיר אַ האַק, — זאָג איך צו אים, — איך דאַרף האָבן אַ האַק!...

מיפאָדי בורטשעט עפּעס אויף אַן אומבאַקאַנטן לשון, און מיר דאַכט זיך אין דער פינצטער, אַז זיין באַוואַקסן פּנים שמייכלט.

— וואָס זאָגט ער? — פרעג איך און בין צערודערט דערפון, וואָס איך זע ניט זיין פּנים. — אויף וואָס פאַר אַ לשון רעדט ער?

— ער רעדט מאָלדאַוויש. ס'איז אים אַלע מאָל שווער צו פאַרשטיין...

— אַ האַק, — זאָג איך צום גוי, — אַ האַק, מיט וואָס מע האַקט האָלץ...

— קינדערלעך מיינע, טייערינקע! — וויינט הינטער אונדזערע פּלייצעס די אַלטע מיט אַ דינעם ציטערדיקן קול. — מע דאַרף ניט קיין האַק! זיי וועלן דערזען אַ האַק, וועט זיין נאָך ערגער... לאָמיר בעסער שטיל אַרויפגיין אויפן בוידעם — אָט איז דער לייטער...

דער געדאַנק, אַז מיר וועלן ליגן אויפן פינצטערן בוידעם, דער־נידעריקטע אין שטויב און אין שפּינוועבס, פאַרשטיקט מיר מיין האַלדז. עס טוט פאַר מיר אַ בליץ ביאַליקס פּאָגראָם־ליד „משא נמירוב״, אין וועלכן די בוידעם־קדושים זענען געשמיסן געוואָרן מיט פייערדיקע ריטער. איך האָב קיין מאָל ניט געטראַכט, אַז מיר וועט אויסקומען צו שטיין אַזוי נאָענט פאַר אַזאַ ביטערן פּראָבלעם.

— ניין, — זאָג איך שאַרף, — ניט אויפן בוידעם! טוט זיך אָן און לאָמיר אַרויס אין דרויסן, אויף דער גאַס...

— וווהין וועלן מיר גיין? — וויינט די אַלטע. — די גאַס איז דאָך אַ גוייִשע. עס וווינען דאָ כסדר טשינאָווניקעס, אַלע המנס...

— אין שטאָט אַריין, — זאָג איך, — ווו אַלע יידן, צו דער זעלבסטשוץ...

— ווי אַזוי אין שטאָט? מע וועט דאָך אונדז, חלילה, הרגענען אויפן וועג...

— מאַמע, באַרואיק דיך! — בעט זיך ביי איר די טאָכטער.

— איך בין רואיק, קינדעלע, וואָס דען, איך בין ניט רואיק?... — זי ווערט אַ ווײַלע אַנטשוויגן. — איר הערט? איר הערט? זיי זענען שוין גאָר נאָענט... איר הערט, ווי זיי שרייען? ווי מע ברעכט פענצ־טער?... קינדערלעך מיינע, טייערינקע, לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען, זיי וועלן באַפאַלן די שטוב!...

מיר גייען אַרויס אינעם פינצטערן הויף און זוכן אַ ווינקל, ווו צו פאַרשטעקן זיך. דער הויף איז גרויס, אַ שפּיל־הויף פאַר די שול־קינדער, נאָר אַרומגעצאַמט איז ער מיט אַ גאַנץ נידעריקן שטיינערנעם פּאַרקאַן. עס איז קלאָר, אַז דאָ זענען מיר ווייניקער געשיצט, ווי אינ־

ווייניק אין שטוב, אינגאַנצן אַנטפּלעקט פאַר דער פיינדלעכער וועלט. און דער פיינד איז שוין גאָר נאָענט, עס לאָזן זיך שוין דייטלעך הערן ווילדע שיכורע קולות, שווערע טעמפּע קלעפּ פאַלן נאָכאַנאַנד אויף געשמידטע טירן, עס טרעשטשעט געבראָכן האָלץ, עס צעשיט זיך אַ בריאַזג פון צעבראָכענעם גלאָז.

— אין קעלער... לאָמיר אַריין אין קעלער!... — בעט זיך ביי אונדז מיט איר וויינענדיקן קול די אַלטע און שלעפּט אונדז אַלעמען צו אַ הויכן משופּעדיקן דאַך, וואָס שוואַרצט זיך אין מיטן הויף אונטער דער פינצטערער נאַכטיקער כמאַרע.

— ניין, ניט אין קעלער! — טענה איך איינגעשפּאַרט.

— טאָ לאָמיר זיך אַוועקלייגן אָט דאָ! — און זי טוט אַ פאַל צו דער ערד אינעם שאָטן פון דעם פינצטערן קעלער און צווינגט אונדז אַלעמען זיך אויסזעצן אַרום איר. מיר זיצן אויף דער קאַלטער פייכטער ערד מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, הערן זיך צו צום ווילדן צעשויבערטן טומל, וואָס רוקט זיך צו אונדז, ווי אַ פאַטאַלער, אומפאַרמיידלעכער אומגליק, אַלץ נענטער פון דער פינצטערער נאַכט. עס ווערט מיט אַ מאָל מאָדנע שטיל, עס פאַלט־צו אַ וואַרעמע פינצטערניש — דער ווינט איז אַנטשוויגן געוואָרן. מיר הערן שוין דייטלעכע טריט און דייטלעכע ווערטער. מיר פילן שוין דעם הייסן אָטעם פון דער צעיושע־טער חיה, וואָס שמעקט דעם וועג צו אונדז, און באַלד נאָך דעם — אַ פילפאַכיקער זעץ אין האָלץ און אין גלאָז און אַן אויסבראָך פון גראָבע הייזעריקע קולות:

— וואָט טיע אי רעספּובליקאַ! (נאַדיר אַ רעפּובליק!)... וואָט טיע, זשידאָווסקאַיאַ סוואָלאָטש!...

— דאָס איז אונדזער יידיש קלייטל ביי דער שול, — זאָגט צו מיר מיין פריינדין שטיל.

די אַלטע האָט אַרומגעכאַפּט איר טאָכטער, זיך צוגעטוליעט מיט איר האַרט צום קעלער און איז אַנטשוויגן געוואָרן. מע הערט נאָר, ווי עס קלאַפּט ביי איר דראָבנע אַ צאָן אָן אַ צאָן. איך פיל, אַז אָט־אָט ווער איך אויך אָנגעשטעקט פון איר, און איך האַלט איין מיט אַלע

כוחות מיינע ציין אין מויל. איך זיץ ביים קעלער אַ באַליידיקטער, אַ דערנידעריקטער, אַ צעטראָטענער אין מיין יונגן טראַציקן שטאָלץ.

— אויב מיר וועלן איבערלעבן די נאַכט, — רעד איך שטיל, ווי פון היץ, צו מיין פריינדיק, — וועלן מיר אַנטלויפן פון דעם פאַרשאָל־טענעם לאַנד, אַנטלויפן!...

— יאָ, — זאָגט זי צו מיר אין דעם זעלבן טאָן, — אַנטלויפן וווהין די אויגן טראָגן!...

— וואָט טיע, זשידאָווסקאַיאַ סוואָלאָטש, אי רעספּובליקאַ! — ענט־פערט אונדז נאָענט פון דער פינצטערניש אַ גראָב הייזעריק קול, באַגלייט פון האַרטע קלעפּ אין אייזן, אין האָלץ און אין גלאָז. מיר ווערן פאַרגליווערט, מיר הענגען מיט אָפּגעשטעלטע אָטעמס איבער אַ טיפן פינצטערן אָפּגרונט...

און אָט פאַסירט עפּעס אין דער נאַכט. פון דער נידעריקער, פינצ־טערער כמאַרע הייבט אָן פלוצעם צו קאַפּען אויף אונדזערע קעפּ, פריער שטיל און שיטער, נאָך דעם העכער און געדיכטער, ביז עס טוט אַ גאָס אויף אונדז אַ שטאַרקער אָסיענדיקער רעגן, וועלכער גיט אונדז עפּעס ווי צו פילן, אַז מיר זענען פאָרט ניט איינזאַם פאַרלאָזן, אַז מיר זענען ניט אַליין אויף דער וועלט...

— דאַנקען גאָט! — זאָגט די אַלטע צו אונדז שטיל. — דער רעגן וועט אויסלעשן די שריפה...

און פונקט ווי זי וואָלט געטראָפן. מיר הערן זיך איין דורכן גוס רעגן — דאָס קלאַפּן און דאָס ברעכן אין דעם שכנותדיקן קלייטל האָבן אויפגעהערט. אַנשטאָט דעם לאָזן זיך הערן גיכע, שווערע טריט פאַרביי אונדזער הויז, אַ זעץ מיט אַ דובינע אין אַ וואַנט, ווי פאַרבייגייענדיק, אין גוטן, שיכורן מוט, און נאָך דעם אַ הייזעריק געלעכטער: „וואָט טיע אי רעספּובליקאַ!"... די טריט לאָזן זיך הערן אַלץ שוואַכער און אַלץ ווייטער, ביז זיי ווערן אינגאַנצן פאַרשווונדן.

— אַוועקגעגאַנגען? — פרעגט די אַלטע שוין ווידער מיט אַ וויי־נענדיקן קול.

— אַוועקגעגאַנגען! — זאָג איך, נעם אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל

און בעט אים אויס פאַר די דאַמען אויף דער נאַסער ערד. מיר וואָלטן שוין, אייגנטלעך, געמעגט אויפשטיין און גיין אין שטוב. די אַלטע וויל אָבער וואַרטן, ביז דער רעגן וועט אויפהערן. אַז דער רעגן וועט אויפהערן, וועלן מיר דעמאָלט קאָנען גוט הערן, צי ס׳איז געוואָרן שטיל אין שטאָט. די אַלטע איז שוין אָבער פריילעכער, ווי פון טויט לעבעדיק. זי לייגט אַוועק דער טאָכטערס קאָפּ צו זיך אויפן שויס, וויגט זי און זינגט וויינענדיק:

— קינדעלע מיינס, ברעקעלע, פּיצינקע, עופעלע מיינס! איצט ביסטו שוין ווידער מיינס! איצט האָף איך שוין צו גאָט, אַז איך וועל דיך נאָך פירן, אימערצעשעם, צו דער חופּה, אַז איך וועל נאָך טאַנצן, אימערצעשעם, אויף דיין חתונה!...

— מאַמע, הער אויף! — בעט זיך ביי איר די טאָכטער.

— פאַר וואָס זאָל איך אויפהערן, נאַרעלע? אַז גאָט האָט געהאָלפן, מיר זענען שוין באַלד אַרויס פון אַזאַ אומגליק, דאַרף מען אים דאַנקען און לויבן...

דער רעגן ווערט שטילער, און מיר שטייען אויף דורכגעווייקטע און דורכגעציטערטע און גייען צוריק אין שטוב אַריין. מיר קוקן אַרויס דורך די פענצטער — מע זעט ניט אין דער פינצטערער גאַס קיין לעבעדיק נפש, מע הערט ניט פון שטאָט קיין פּיפּס. די נאַכט האָט אַלצדינג פאַרוויגט און פאַרדעקט, ווי גאָרנישט איז געווען. פון דעסטוועגן טוען מיר זיך ניט אויס און גייען ניט שלאָפן. מיר צינדן אויך ניט אָן קיין פייער. מיר באַשליסן צו זיצן אַ גאַנצע נאַכט, גרייט אויף אַלצדינג, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן. מיר זיצןביידע אין דער פינצטער, דורכגענומענע דורך דער טיפער זעלישער באַליידיקונג, וואָס מיר האָבן ערשט איבערגעלעבט, און ענגער פאַרבונדענע דורך אַ געהיימער פּאַטאַלער האַנט, וואָס האָט אונדז צונויפגעבראַכט אויף איין אָרט איבערצולעבן אינאיינעם די דאָזיקע שווערע שעהען. און מיר גיבן זיך נאָך אַ מאָל דאָס וואָרט, אַז מיר מוזן אַוועקפאָרן פון דאַנען, אַז מיר וועלן זוכן אַ פריי ליכטיק לאַנד, ווו מענטשן לעבן ניט אין אַזאַ

פינצטערניש, ווו מענטשן ווערן ניט אַזוי ברוטאַל באַליידיקט איינער פון דעם אַנדערן.

פון דעם צווייטן פינצטערן חדר, דורך דער אָפּענער טיר, לאָזט זיך הערן, ווי די אַלטע וויגט ווידער איר טאָכטערס קאָפּ אויפן שויס, זינגט איר עפּעס אין דער שטיל מיט אַ דיך־צעצויגענעם נאַכטיקן געוויין, — און עס דאַכט זיך מיר, אַז דאָס הער איך אין דער פינצטער דורך דורות פון פאַגראָמען דאָס אַלטע אָפּגעשוואַכטע, טרייסטלאָזע געוויין פון מיין אַלטער, באַליידיקטער, פאַריאָגטער אומה...

## כב
# נאָכן קיעווער פּאָגראָם

אויף מאָרגן נאָכן פּאָגראָם האָבן די גאַסן פון מאָהילעוו־פּאָדאָלסק אויסגעקוקט זייער טרויעריק. איך בין אַרויס אין דרויסן נאָך דער לאַנגער סומנער נאַכט, וואָס מיר זענען אויסגעזעסן אין דער פינצטער, אין די איינזאַמע קלאַסן פון דער פּאָלקשול, און האָב צום ערשטן מאָל דערזען מיט מיינע אויגן וואָס אַזוינס הייסט „פּאָגראָם": אויסגעזעצטע שויבן, קופּעס צעבראָכן גלאָז, אַרויסגעלאָזטע פעדערן פון קישנס, צעקלאַפּטע בענקלעך, צעקרימטע און צעלאָמטע בלעכענע כלים... די דאָזיקע סימנים פון ווילדן, זינלאָזן חורבן האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער קלעפּיקער, גליטשיקער בלאָטע, וואָס איז פאַרבליבן אויף די גאַסן נאָכן נעכטיקן רעגן: דאָס צעבראָכענע גלאָז האָט געגלאַנצט מיט אַ געפאַלענעם גלאַנץ ביי די קאַלטע אָסיענדיקע לוזשעס פון דער פאַר־טרויערטער פּראָווינציעלער שטאָט, פאַרשאַרפט דאָס געפיל פון ביטערער דערנידערונג, גערעדט געבראָכן צום געבראָכענעם געמיט, אַז אָט זענען מיר אין איין נאַכט צוריקגעשליידערט געוואָרן צום ווילדן ברוטאַלן חוזק פונעם פינצטערן מיטלאַלטער. אויף די מרה־שחורהדיקע שטעטל־שע יידן מיטן צערדיקן קוק אין די אויגן, וואָס האָבן זיך אַרומ־געדרייט איינזאַם אַרום זייערע צעקלאַפּטע הייזער מיט די צעשעדיקטע גאַניקלעך, האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן אָט־ערשט צוריקגעקומען פון דעם ווייטן טרויעריקן מיטלאַלטער, וווהין מע האָט זיי אַרויסגערופן אויף איין נאַכט צו געבן זיי איבערן קאָפּ, צו דער־טרינקען זייערע לוסטיקע האָפענונגען אין וויסטן חוזק. אַז דאָ איז געוועזן ניט מער ווי וויסטער חוזק פון דעם שטאַרקן גוי איבערן שוואַכן יידן — דאָס האָט מען קלאָר געזען פון דעם, וואָס ווי נאָר דאָס פינצטערע נאַכטיקע שפּיל האָט זיך געענדיקט, אַזוי האָט מען

די שטאָט גלייך דערקלערט אונטער קריג־צושטאַנד און אַוועקגעשטעלט סאָלדאַטן מיט ביקסן, זיי זאָלן שטרענג באַוואַכן די אויסגעראַבעוועטע יידישע קלייטן מיט די אויסגעבראָכענע טירן.

איך גיי צו מיין אַכסניה געוואָר ווערן, וואָס דאָרטן הערט זיך. דער בעל־אַכסניה, אַ צעשויבערטער, מיט אַ בלייכן, אויסגעמוטשעטן פּנים, נאָר אַ באַרואיקטער, ווי איינער, וואָס איז איבערגעקומען אַ שווערע קרענק, באַגעגנט מיך אין טיר, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן.

— נו, יונגערמאַן, איר האָט געטראָפן צו וויינטרויבס שקאָלע? — פרעגט ער מיך מיט אַזאַ מינע, פונקט ווי איבער נאַכט איז דאָ גאָר־נישט געשען.

— געטראָפן.

— אויב אַזוי, איז אַוודאי גוט. דאָס פּאָגראָמל, זאָגט מען, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַקוראַט ביי דער שקאָלע. נאָר איר האָט געמעגט בלייבן זיצן אויך אין נומער. מע האָט אייך אין נומער אַריינגעוואָרפן סך־הכל איין שטיין. איר ווילט זען דעם שטיין?

און מיין בעל־אַכסניה פירט מיך אַרויף אויבן צו מיר אין נומער אַריין, וווּ איך געפין אַן אויסגעבראָכן פענצטער און אַ גאַנץ היבשן שטיין פונקט אויף מיין „קאָרזינע" (וועג־קאָרב).

— איר זעט? ס׳איז מיט חסד. איך האָב געמיינט, אַז סע וועט זיין אַ סך ערגער... זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, איר זענט דאָ טאַקע אַ לערער אין דער שקאָלע, צי איר זענט געקומען אַהער „פּאָ דיעלו" (צוליב געשעפט)?

— אַקעגן וואָס פרעגט איר דאָס?

— גלאַט אַזוי. ס׳איז טשיקאַווע, וואָס אַ יונגערמאַן קומט אַזש פון דער ליטע צו אונדז קיין מאָלעוו, פונקט ווען עס פּאַרקאָכט זיך דאָ אַ פּאָגראָמל.

— פאַר וואָס רופט איר דאָס אַזוי צערטלעך — „פּאָגראָמל"?

— וואָס זשע דען איז דאָס — אַ פּאָגראָם? אַ פּאָגראָם איז געווען אין קיעוו, אין קאַטערינעסלאַוו. אין אָדעס, זאָגט מען, איז גאָר געווען פריילעך... דאָ זענען מיר, גאָט צו דאַנקען, אָפּגעקומען נאָר מיט

שטיינער. סך־הכל צו איין שטיין אויף יעדן פענצטער. איר זעט דאָך — ניט אַזוי וואַזשנע...

— ניט געווען קיין מענטשלעכע קרבנות?

— זאָל גאָט היטן! אַחוץ, זאָגט מען, איינער צי צוויי פון די יונגע שיסערס, פון די אָבאָראָנשטשיקעס, וואָס זענען אַליין געקראָכן אין פייער... די איינציקע, וואָס וועלן דאָ אָפּלעקן אַ ביינדל, זענען די גלעזער. מע קאָן זיך ניט דערשלאָגן צו קיין גלעזער. אַ רענדל אַ גלעזער. מיר וועלן אייך שוין ווי עס איז פאַרשטאָפּן דאָס לאָך פונעם פענצטער. איר קאָנט דאָ שלאָפן רואיק...

די אייגענע באַרואיקטע געמיטער האָב איך אויך געזען ביי עט־לעכע לערער, אַלע מיט „קאָקאַרדעס", וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער פאָלקסשול צו טיילן זיך מיט די איינדרוקן פון דער איבער־געלעבטער פּאָגראָם־נאַכט. די פאַרוואַלטער האָבן די שול געשלאָסן ביז די פּאַניק אין שטאָט וועט אַריבערגיין, האָט דאָס געשאַפן ביי די לערער אַ שטימונג פון יום־טובדיקער אויפגעלייגטקייט. מע האָט דער־ציילט נסים פון דער פּאָגראָם־נאַכט, ווער ווו עס האָט זיך באַהאַלטן. אייניקע פון זייערע באַקאַנטע האָבן אַפילו פאַרזוכט דעם טעם פון ליגן אויפן בוידעם. דער לערער, וואָס האָט נעכטן געוויינט, האָט שוין היינט געלאַכט. ער האָט געזאָגט:

— אַ שאָד, וואָס זיי האָבן מיט זיך ניט פאַרכאַפּט אויפן בוידעם קיין טעשל קאָרטן. דאָרט זענען געווען לויטער גוטע „הענט"...

איך בין געזעסן פון דער זייט און זיך געחידושט איבער דער דאָזיקער רעטעניש: צי איז דאָס שטאַרקייט פון אַן אַלט־געפּרוווטן פאָלק, אָדער דאָס איז מונטערקייט פון היסטעריקער, נאָך דעם ווי די היסטעריע איז פאַרבייגעגאַנגען?...

דערווייל זענען אָנגעקומען די ערשטע בריוו פון שלום־עליכמען נאָך די דורכגעלעבטע טעג פונעם פּאָגראָם אין קיעוו. פון די בריוו, און נאָך מער פון די שפּעטערדיקע, פערזענלעכע דערציילונגען, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער קיעווער פּאָגראָם איז פאַר שלום־עליכמען געווען אַ שוידערלעכע דאַטע אין זיין לעבן, כאָטש ער אַליין און זיין

הויז־געזינד האָבן פון אים דירעקט ניט געליטן. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דער שמחה פון קאָנסטיטוציע, וועלכע שלום־עליכם האָט אויפ־גענומען מיט אַזאַ קינדערשער באַגייסטערונג, אַז ער איז אַ גאַנצע נאַכט אומגעלאָפן אין שטאָט פון איין באַקאַנטן צום אַנדערן, געקלונגען אין די טירן, געוועקט מענטשן פונעם שלאָף און זיי אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה, אַז רוסלאַנד איז געוואָרן אַ פריי לאַנד. אויף מאָרגן האָט ער זיך געלאָזט גיין צוזאַמען מיט די יום־טובדיקע מאַסן־דעמאָנ־סטראַציעס, וואָס האָבן געשטראָמט פון אַלע טיילן שטאָט, אונטער פלאַטערנדיקע רויטע פאָנען און שאַלנדיקע רעוואָליוציאָנערע לידער, צום פלאַץ פון דער שטאָט־דומע, אויסגעהערט אַלע פלאַמיקע רעדעס און דרייסטע פאָדערונגען פון פולשטענדיקער פרייהייט, געווען אין העכסטער עקזאַלטאַציע, וואָס ער האָט דערלעבט אַזעלכעס צו זען און צו הערן אין רוסלאַנד; און ערשט שפּעטער, אַז מיליטער האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער יובלדיקער מאַסע און גענומען שיסן, און מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן און פאַלן איינער אויפן אַנדערן, — האָט שלום־עליכם מיט זיין שאַרפן חוש — אָדער, ווי ער אַליין באַ־צייכנט דאָס אין אַ בריוו צו זיין טאָכטער, „אַ דאַנק עפּעס אַ מין נביאישן געפיל" — פלוצעם דערפילט, אַז דאָס כפרה־הינדל וועלן דאָ זיין נאָר די יידן, און ער האָט זיך גלייך געלאָזט לויפן אַהיים ראַטעווען דאָס הויזגעזינד, געכאַפּט אויפן וועג מיט אַ „נאַגייקע" פון אַ קאָזאַק, און מיט גרויסע יסורים אַריבערגעפירט די בני־בית אין דעם האָטעל „אימ־פּעריאַל". דער האָטעל האָט זיך געפונען ניט ווייט פון זיין הויז און איז אפשר געווען פונקט אַזוי אומזיכער, ווי אַלע יידישע הייזער: ער האָט אָבער געהאַט אַ מעלה, וואָס אַהין זענען געלאָפן נאָך יידישע פאַמיליעס. „און אויב שטאַרבן — האָט שלום־עליכם געזאָגט — איז שוין בעסער אינאיינעם"...

פון די פענצטער פונעם האָטעל „אימפּעריאַל", אויף דער באַלשאַיאַ־וואַסילקאָווסקאַיאַ, האָט שלום־עליכם געזען די שוידערלעכקייטן פון דעם קיעווער פּאָגראָם. וואָס ער האָט דאָרט געזען — האָט ער קיין מאָל ניט באַשריבן. ער האָט נאָר געפּרווט באַשרייבן אין זיין ראָמאַן

„דער מבול״ (שפּעטער באַאַרבעט אונטערן טיטל „אין שטורעם״) די גראַנדיעזע מאַסן־דעמאָנסטראַציע פאַרן פּאָגראָם און די קאַצנ־יאַמער־דיקע שטימונג נאָכן פּאָגראָם; צום עצם פּאָגראָם און זיינע קאָשמאַר־סצענעס איז ער ניט צוגעטראָטן — דאָס איז געווען שטאָף ניט פאַר זיין פּעדער. ער פלעגט נאָר דערציילן בדרך־כלל, אַז אויב ער איז פאַר די עטלעכע טעג ניט גרוי געוואָרן, איז אַ סימן, אַז ער וועט שוין קיין מאָל ניט גרוי ווערן... און זיינע בני־בית האָבן שטילערהייט דערציילט, אַז וואָכנלאַנג נאָכן פּאָגראָם איז ער געווען אַזוי דערשלאָגן גייסטיק, אַז זיי האָבן מורא געהאַט, ער זאָל זיך ניט רירן פונעם זינען.

דערפאַר האָט שלום־עליכם געהאַט צו דערציילן קאָמישע סצענעס פון די יידן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים זיך געראַטעוועט אינעם האָטעל „אימפּעריאַל״. אין זכרון איז פאַרבליבן איינע פון יענע סצענעס, וואָס וועגן איר האָט שלום־עליכם געזאָגט, אַז זי איז פאַר אים געווען שרעקלעכער, ווי דער גאַנצער פּאָגראָם. דאָס איז געווען אַ סצענע מיט אַ יידן, וואָס האָט נאָך אַלע געזעענע שרעקן דורך די פענצטער פונעם האָטעל זיך אָוועקגעזעצט צווישן דעם עולם עסן וועטשערע, געשניטן מיט אַ מעסערל פּענעצלעך ברויט און זיי געשמירט מיט אַ געלכל פון אַן איי, געלייגט די באַשמירטע שטיקלעך ברויט אין מויל אַריין און געמיטלעך דערציילט מעשיות פון דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין די אָרעמע טיילן פון דער שטאָט קיעוו, פון וואַנען ער האָט זיך געראַטעוועט אַהער, אינעם האָטעל.

— אָט דאָס — זאָגט ער — הייסט ביי אייך אַ פּאָגראָם? גייט האָרכט, וואָס אויף דעמיעווקע טוט זיך! אויף דעמיעווקע — זאָגט ער און שמירט געלאַסן דאָס געלכל אויפן ברויט — האָט מען געכאַפּט אַן אַלטן יידן, קודם־כל אים אָפּגעשניטן די באָרד, דערנאָך די אויערן, דערנאָך די נאָז, דאָס אַלץ — דערציילט ער און שטופּט דאָס באַשמירטע שטיקל ברויט אין מויל אַריין — האָט מען אים אַריינגעשטופּט טיף אין דער גרגרת אַריין, ביז — זאָגט ער און שלינגט אַראָפּ דעם ביסן — ער איז דערוואָרגן געוואָרן אויף טויט... און וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף פּאַדאָל — ווייסט איר אויך נישט? וועל איך אייך

דערציילן... — זאָגט ער און נעמט זיך געמיטלעך שמירן אַ צווייט שטיקל ברויט מיט געלכל. — אויף פּאַדאָל, זאָגן זיי, האָט מען גע־כאַפּט אַן אַלטע יידענע, קודם־כל געבראַכט צו טראָגן אַ פּעסעלע מיט דיעגאַכץ, איר גוט אויסגעשמירט דאָס פּנים — זאָגט ער און שמירט געלאַסן דאָס געלכל אויפן ברויט — מיטן דיעגאַכץ, דערנאָך האָט מען זיך אַוועקגעשטעלט — דערציילט ער און קערט איבער דאָס לעצטע ביסל געלכל פונעם איי צו זיך אין מויל אַריין — גיסן דאָס דיעגאַכץ צו איר אין דער גרגרת אַריין, ביז — זאָגט ער און שלינגט אַראָפּ דאָס געלכל — זי איז פאַרכלינעט געוואָרן אויף טויט...

אויך אין זיינע בריוו צו דער טאָכטער, וואָס זענען געשריבן יענע טעג אין אָפּגעהאַקטע, קורץ־אָטעמדיקע זאַצן, האָט שלום־עליכם אויס־געמיידט צו באַרירן די איבערגעלעבטע שרעקן. ער האָט איר בעסער באַשריבן די טראַגי־קאָמישע לאַגע, אין וועלכער עס זענען אַריינגע־פאַלן די אַסימילירטע קיִעווער מיליאָנערן בשעת פּאָגראָם. „איבערגע־לאָזט די טראַגישע זייט פאַר קלאָגמוטערס, — שרייבט ער אין איינעם פון יענע בריוו אויף רוסיש — גיי איך איבער צו די טראַגי־קאָמישע עפּיזאָדן, וואָס פון דעם באַשטייט מיין אַמפּלואַ. דעם אַלטן זייצעווס ווייב האָט פאַרבראַכט אַ נאַכט אין שטאַל, אין דער געזעלשאַפט פון זייער טייערע פערד. די באַראָנעסע גינזבורג האָט אויסגעהאַלטן אַ באַלאַגערונג אויפן בוידעם פון איר אייגענעם, אויף שטויב צעשטערטן פּאַלאַץ. לעוו בראָדסקי מיט די יינגערע טעכטער האָבן בשלום אַריבער־געקלעטערט דעם פּאַרקאַן, צוגעקומען צום „אינסטיטוט פון וווילגעבוירענע מיידן" („אינסטיטוט בלאַגאָראָדניך דיעוויץ"), וועלכער האָט די אַנט־רונענע אָפּגעזאָגט אין גאַסטפריינדלעכקייט. סאַראַ און מאַרגאַריטאַ בראָדסקי האָבן אומזיסט געקלאַפּט אין טיר צום דירעקטאָר פון דער גאָסודאַרסטווענע באַנק. די פוטער־שניידערס פון דעם געשמדטן יידן טויבאַ האָבן אים געצווונגען צו זאָגן דריי מאָל „אָטשע נאַש" [אַ קריסטלעכע תפילה. — י. ד. ב.]. דיין חברטע קלאַראַ בראָדסקי־פּאָליאַ־קאָוו האָט אומזיסט געזוכט שוץ ביים גוב.ערנאַטאָר (ביים געוועזענעם). אונדזער וווינונג האָט געראַטעוועט די קריסטלעכע קעכין מיט דער הילף

פון איקאָנעס און צלם־צייכנס. [...] אָן אַ שיער קוריאָזן — — —. אַ גרוס דעם אַרום־דער־וועלט־רייזענדן בערקאָוויטשן. איך שיק דיר אַ נומער „קיעווליאַנין". הער פּיכנאָ [רעדאַקטאָר פונעם אַנטיסעמיטישן „קיעווליאַנין". — י. ד. ב.], איינער פון די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם, גיסט אַצינד קראָקאָדיל־טרערן אויפן אומגליקלעכן יידנטום, וואָס ווערט אין אומגליק באַזיגן אי אים, אי די וואָס זענען מיט אים. אמן"...

דאָס, וואָס איך בין אָנגעקומען אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק צו זיין טאָכטער פונקט אין דעם פּאַרנאַכט, ווען דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם, האָט שלום־עליכם, לויט זיין נייגונג צו פאַטאַליזם, אויפ־גענומען עפּעס ווי אַ באַשערטע זאַך פון אויבן. דער פאַקט האָט אים מאָדנע גערירט, ניט ווייניקער ווי דאָס האָט גערירט מיך אַליין. אויפן בריוו, אין וועלכן די טאָכטער האָט באַשריבן, ווי אַזוי מירביידע האָבן דורכגעלעבט די פּאָגראָם־נאַכט אין דער שול, האָט ער געענט־פערט אַזוי:

„ענדלעך איז דאָ פון דיר אויך אַ בריוו, פון וועלכן מיר האָבן טאָקע אַ ביסל אַ וויין געטאָן, פאַרשטעלנדיק זיך די שרעקלעכע שעה, וואָס דו האָסט פאַרבראַכט אין די קוסטעס אונטערן שוץ פון דיין שומר בערקאָוויטש. יאָ, ער איז באמת געקומען ווי אַ מלאך מושיע, און זאָל דאָס אים ניט פאַרגעסן ווערן אויף אייביק! מיר האָבן שוין געוואָלט דיר היינט טעלעגראַפירן, אַז מיר זענען שוין אין דער היים, און אַז דו זאָלסט אומבאַדינגט קומען אַהער צוזאַמען מיט בערקאָוויטשן. אויב שטאַרבן, זאָל שוין זיין אינאיינעם. אויב אַוועקפאָרן פון רוסלאַנד, איז אינאיינעם. ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וואָלטן מיר צוזאַמען עמיגרירט קיין אַמעריקע. אונדז האָט מען דאָך רואינירט מער פון אַלעמען, וואָרעם עס איז רואינירט געוואָרן דאָס גאַנצע רוסישע יידנטום. — — —. מיר בעטן דיך און בערקאָוויטשן, ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, קומען צו אונדז. אונדז באַאומרואיקט נאָר דאָס אומשטייגן אין זשמערינקע, מחמת דאָרט ריזיקירט מען אַריינצופאַלן צו די כולי־גאַנעס אין די הענט אַריין, ווי מע שרייבט וועגן דעם אין די אָדעסער

ציטונגען — — —. זאָל בערקאָוויטש זיך קויפן אַ היטל פון אַ טשי־נאָוניק מיט אַ קנעפּל — און דאַן קאָנט איר זיך דרייסט לאָזן אַהער, און דווקא מיט דער צווייטער קלאַס. אונדז גיט אַ טעלעגראַמע. אויפן וואָקזאַל וואַרט ניט אויף אונדז. פון וואָקזאַל פאָרט גלייך, דרייט זיך ניט אום ביים אַרויסגאַנג. — — —. די זאַכן גיט אָפּ אַלע אין באַגאַזש, בלייבט גאָר אָן זאַכן, וואָרעם די כוליגאַנעס רויבן, און גלייך נאָך דער רויבעריי ווערט מען געשלאָגן...״

איך ווייס ניט, צי האָט שלום־עליכם אויף דעמאָלט, אַזוי ווי פריער, געצווייפלט אין דעם, אַז איך מיט זיין טאָכטער וועלן צו־זאַמענשטעלן אַ האַרמאָנישן בונד. איך ווייס נאָר, אַז זינט יענעם בריוו האָט ער מיך פאָטערלעך־האַרציק אַריינגענומען אין זיין משפחה און האָט מיר אַרויסגעוויזן די זעלבע גוטסקייט, ווי צו אַן אייגענעם קינד. מיר זענען נאָך ניט געווען גרייט גלייך צו קומען קיין קיִעוו, ווי ער האָט פון אונדז פאַרלאַנגט. האָט זיך צווישן אונדז פאַרבונדן אַ וואַרעמער בריוו־וועקסל. פריער האָט ער געשריבן באַזונדער צו יעדן פון אונדז ביידן — צו דער טאָכטער אויף רוסיש און צו מיר אויף העברעאיש. דערנאָך האָט ער אונדז אין זיינע בריוו פאַראייניקט: ער האָט אָנגע־הויבן שרייבן צו אונדז ביידן אינאיינעם. דער ערשטער פון יענע בריוו (אויף רוסיש) הייבט זיך אָן אַזוי:

„טייערע... טיסי און בערקאָוויטש! איך וועל אייך שרייבן פון היינט אָן און אויף אייביק — ביידן. איר אָבער דאַרפט מיר שרייבן יעדער באַזונדער. ערשטנס, ווייל דאָס גלייכט אויס די אַרבעט פאַר אַלעמען. צווייטנס, וויל איך זיך ניט באַרויבן פון דעם פאַרגעניגן צו לייענען בערקאָוויטשעס בריוו, וועלכע זענען לויט זייער סטיל פשוט אַנטציקנדיק. אַ שאָד, וואָס די שפּראַך [העברעאיש. — י. ד. ב.], האָט ניט קיין פּראַקטישע צוקונפט, און וואָס דווקא אים, בערקאָוויטשן, האָט דער מזל איינגעטיילט די דאָזיקע שפּראַך...״

פון דעמאָלט אָן איז דער זעלישער בונד צווישן אונדז דרייען ענג פאַרקניפּט געוואָרן.

כג

# קיין אַמעריקע

צעטרייסלט אינגאַנצן פון די דורכגעלעבטע פּאָגראָם־טעג און אַנגעשטעקט פון דער אַלגעמיינער פּאַניק, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגע־כאַפּט דאָס רוסישע יידנטום, האָט שלום־עליכם ערנסט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אויסוואַנדערן מיט דער פאַמיליע קיין אַמעריקע — אין דעם לאַנד פון „אמתער פרייהייט״, וווהין עס האָט גלייך נאָך די פּאָגראָמען זיך גענומען ציען אַ שטאַרקער עמיגראַנטן־שטראָם פון די יידישע שטעט און שטעטלעך. דער אידעאישער מאָטיוו איז דאָ געווען, אַז דער פאָלקס־שרייבער וועט זיך לאָזן גיין אין גלות צוזאַמען מיט די רואינירטע פאָלקס־מאַסן. נאָר מער פון אַלץ האָט אים געטריבן צו אַזאַ ראַדיקאַלן שריט זיין פּערזענלעכע פאַרצווייפלטע לאַגע, פון וועלכער ער האָט איצט, נאָך די פּאָגראָמען, ניט געזען פאַר זיך קיין אַנדערן אויסוועג: אַלע האָפענונגען וועגן אַ פרייער יידישער פּרעסע און וועגן אַ יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד, מיט וועלכע ער האָט פאַרבונדן זיין טעטיקייט און זיין עקזיסטענץ אין דער נאָענטער צוקונפט, זענען צעקלאַפּט געוואָרן. און אויב ס׳איז שווער געווען פאַר שלום־עליכמען אויסצוקומען אין אַזאַ צערודערטער צייט מיט אַ פאַמיליע פון אַכט פּערזאָן אָן קיין שום מאַטעריעלן אָנ־האַלט, איז אים נאָך שווערער געווען דער געדאַנק, אַז אָט איז ער געבליבן „נאָכן מבול״ וויסט און אויסגעליידיקט פון אַלע זיינע חלומות און אילוזיעס. האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם ניי־אויפגעקומענעם חלום — אַמעריקע.

מיט אַמעריקע האָט שלום־עליכם ביז יענער צייט געהאַט גאַנץ שוואַכע פאַרבינדונגען. די אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע, וואָס האָט דעמאָלט ערשט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אויפן ברייטן וועג פון אַנט־

ווירקונג, האָט אים שוין גוט געקענט און פלעגט גאַנץ אָפט איבערדרוקן זיינע ווערק פון די רוסישע אויסגאַבעס. נאָר דאָס פלעגט געטאָן ווערן, צום מיינסטן, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע צייטן, אָן דעם ויסן פונעם מחבר און זעלטן פאַר באַלוינונג. שלום־עליכם האָט גע־פּרוּווט דירעקט זיך פאַרבינדן מיט די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען דורך זיינעם אַ ברודער, אַנגעהויבן שיקן פאַר זיי זיינע שריפטן אין מאַנוסקריפּט. די מערסטע צייטונג־אַרויסגעבער האָבן אָבער דערויף געענטפערט גאַנץ אָפן, אַז שלום־עליכם דאַרף זיך צוליב זיי ספּעציעל ניט מטריח זיין: זיי וועלן שוין זיינע פעליעטאָנען אַליין געפינען אין די רוסישע אויסגאַבעס. אַזאַ באַציאונג האָט ניט געקאָנט שאַפן ביי שלום־עליכמען קיין געהויבענע מיינונג וועגן דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע, בפרט אַז ער האָט זי דעמאָלט כמעט ניט געקענט, ווייל אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען זענען דורך דער רוסישער צענזור אין רוסלאַנד ניט אַריינגעלאָזט געוואָרן. זיין באַגריף וועגן דעם צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע איז געווען דער אַלגעמיינער טונקעלער באַגריף, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין די יידישע ליטעראַרישע קרייזן פון רוסלאַנד: אַז די אַמעריקאַנער יידישע שרייבער זענען דאָס רוב אָדער שניידער, אָדער פעדלער, און טאָמער פאַלט אַריין אַהין אַן „אמתער” שרייבער פון רוסלאַנד, מוז ער אויך ווערן אָדער אַ שניידער, אָדער אַ פעדלער — אַניט קאָן ער ניט „מאַכן קיין לעבן”... פרוג פלעגט דערציילן פון שלום־עליכמען אַזאַ וויץ: ער האָט זיך איין מאָל געקלאָגט פאַר אים אין אַ בריוו, אַז די אַמערי־קאַנער צייטונגען דרוקן איבער זיינע לידער ניט געפרעגטערהייט. האָט אים דערויף שלום־עליכם געענטפערט: „בעסער מאַכט אַ שווייג; וואָרעם אויב איר וועט אָנהייבן פּראָטעסטירן, וועט אַמעריקע אַוועק־זעצן דעם ערשטן בעסטן קצב, ער זאָל שרייבן לידער, און וועט אויף די לידער אַוועקשטעלן דעם נאָמען ש. פרוג”. שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן האָט פרוג זיך ווידער געווענדט מיט אַ בריוו צו שלום־עליכמען: וואָס טוט מען? לאָ די וואָס די אַמעריקאַנער צייטונגען דרוקן איבער זיינע לידער, פאַרלאַנגען זיי נאָך פון אים, ער זאָל זיי צושיקן זיין

פּאָרטרעט. האָט אים שלום־עליכם געענטפערט: „נעמט שוין און שיקט! וואָרעם אויב ניט, וועלן די אַמעריקאַנער כאַפּן אין גאַס דעם ערשטן בעסטן פעדלער, אים אָפּפאָטאָגראַפירן און אָפּדרוקן אונטער זיין בילד אין דער ציַיטונג: ש. פרוג״...

נאָר אָט האָט זיך שלום־עליכם געטראָפן אין וואַרשע, אינעם הויז פון נחום סאָקאָלאָוו, אַ קורצע צייט פאַר די פּאָגראָמען, מיט אַ פּאַר־שטייער פון דער ניו־יאָרקער יידישער אינטעליגענץ, מיטן געלערנטן דאָקטאָר מאָריס פישבערג, און יענער האָט אים אַ ביסל נעענטער באַ־קאַנט געמאַכט מיטן קולטורעלן צושטאַנד פון די יידישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע. ער האָט אים דערציילט. אַז אין ניו־יאָרק צעוואַקסט זיך אַ יידישע פּרעסע אין גרויסן מאַסשטאַב, אַז עס עקזיסטירן דאָרט רייכע יידישע טעאַטערס, און האָט אויף זיך אַפילו גענומען צו זיין דער פּאַר־מיטלער צווישן אים און די ניו־יאָרקער יידישע טעאַטערס. שלום־עליכם האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, און אַז ער איז צוריקגעקומען אַהיים קיין קיִעוו, האָט ער קודם־כל זיך אַוועקגעזעצט צוגרייטן פאַר די ניו־יאָרקער טעאַטערס צוויי פּיעסעס, איינע באַאַרבעט פון „צעזייט און צעשפּרייט״, אונטערן נאָמען „מאיר שאַלאַנט״ און אַ צווייטע דראַמאַטיזירט פון זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו״. די פּיעסעס האָט ער גע־שיקט צו ד״ר פישבערג, ער זאָל וועגן זיי אונטערהאַנדלען מיט באָריס טאָמאַשעפסקי און דזשייקאָב אַדלער (אין שלום־עליכמס בריוו האָט ער דעמאָלט געהייסן „דזשעק אַדלער״) — און האָט גענומען וואַרטן אויף תשובה.

דערווייל איז אין קיִעוו אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם, און ראַטעווענ־דיק זיך מיט דער פאַמיליע אינעם האָטעל „אימפּעריאַל״, איז שלום־עליכם ווי געבליבן אויפן וואַסער: ער האָט פּשוט ניט געהאַט מיט וואָס איבערצולעבן די שרעקלעכע טעג, און אָנקומען אין אַזאַ צייט צו גמילות־חסדים פון גוטע פריינד איז ניט געווען פון די אָנגענעמע זאַכן. דערדריקט פון די פּאָגראָם־שרעקן און פון דער אייגענער ביי־טערער נויט, האָט זיך שלום־עליכם געווענדט צו ד״ר פישבערג אין ניו־יאָרק, ער זאָל אים שאַפן הילף ביי די דאָרטיקע יידישע ציַיטונגען

און טעאַטערס, ווען ער איז גרייט צו צאָלן מיט זיין אַרבעט, און דערמיט זאָל אים געגעבן ווערן די מעגלעכקייט אַרויסצוראַטעווען זיך מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע. דעם דאָזיקן ווײ־געשריי פון דעם גרויסן יידישן הומאָריסט האָבן אויפגעכאַפּט די צוויי קאָנסערוואַטיווע יידישע צייטונגען, דער „מאָרגען־זשורנאַל“ און דאָס „טאַגעבלאַט“, און האָבן דערפון געמאַכט אַן עפנטלעכן ענין. דער „מאָרגען־זשורנאַל“ האָט געדרוקט אַן אויפרוף וועגן אַ פאָנד פאַר שלום־עליכמען, צו ברענגען אים קיין אַמעריקע; זענען די אַרויסגעבער פונעם „טאַגעבלאַט“ באַלד אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז מע דאַרף ניט קיין פאָנדן, און אונטערן קעפּל „מיר ברענגען אים אין אַמעריקע“ האָט מען דערציילט די לעזער, אַז „דער גרויסער ליטעראַט“ איז באַשטעלט געוואָרן צו „באַשרייבן דעם פּאָגראָם אין קיִעוו און די אַנדערע פּאָגראָמען פיר דיזער צייטונג“, און „אַז אין דער צייט ווען זיי לעזן דעם רירנדעם בריוו פון דעם ליטעראַט אויף דיזן קאָלום ווערט אין קיִעוו געגעבן 600 דאָלאַר צו הערן שלום־עליכם און זיין פאַמיליע, וואָס מיר האָבן צו אים געשיקט דורך אַ קייבל־דעפּעשע“.

די דאָזיקע אויפמונטערונג פון דעם ווייטן אַמעריקע האָט שלום־עליכמען באַפליגלט. ער האָט גערן אָנגענומען די איינלאַדונג פונעם „טאַגעבלאַט“ און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן „פּאָגראָם־בילדער“, געשריבן טאָג און נאַכט איז דער נערוועזער, פאַרטשאַדעטער פּאָגראָם־אַטמאָספער, און אין אַ קורצער צייט איבערגעשיקט דער ניו־יאָרקער צייטונג צוויי און פערציק בריוו. פון די אַנאָנסירטע זעקס הונדערט דאָלאַר (פון וועלכע שלום־עליכם האָט, אגב, ניט געוווּסט, ווייל ער האָט די צייטונג ניט געזען) האָט ער, אמת, דערווייל באַקומען סך־הכל אַ פערט־חלק — דריי הונדערט רובל; דאָס האָט אים אָבער ניט געשטערט, זיין פאַנטאַזיע זאָל זיך אָנצינדן מיט נייע חלומות וועגן אַ באַנייטן לעבן אין דער וווּנדערלעכער ווייטער נייער וועלט. אין דעם זעלבן נערוועז־פלייסיקן צושטאַנד האָט ער דעמאָלט אויך אָנגעשריבן און אַוועקגעשיקט צו ד״ר פישבערג אַ דריטע פּיעסע, געבויט אויף די איבערגעלעבטע געשעענישן פון דער רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען, מיטן נאָמען „דער

לעצטער קרבן״ — און האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער ווייטער נסיעה.

אויך מיר, איך און זיין טאָכטער, האָבן אַ סך מיטגעווירקט צום געדאַנק וועגן אַמעריקע. אַז מיר האָבן אים געשריבן, נאָך דער דורכ־געלעבטער פּאָגראָם־נאַכט אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, וועגן אונדזער באַ־שלוס אַוועקצופאָרן קיין אַמעריקע, האָט דאָס אים איבערראַשט, וואָס מיר זענען פון זיך אַליין אַרויפגעקומען אויף זיין אידעע, און ער האָט אונדז אָנגעהויבן רופן קיין קיִעוו, מיר זאָלן פון דאָרטן אַלע אינאיינעם זיך לאָזן אין וועג אַריין. מיר האָבן אָבער געהאַט אַנדערע פּלענער. ווויסנדיק, ווי שווער עס וועט שלום־עליכמען אויסקומען אויפ־צוהייבן אַזאַ פאַמיליע פון דעם איינגעזעסענעם אָרט און גאָר אַן מיטלען אַריבערפירן זי אין אַ ווייט לאַנד, איז ביי אונדז געבליבן, אַז מיר וועלן מאַכן אונדזער רייזע זעלבשטענדיק. צו דעם צוועק האָבן מיר געפּלאַנט חתונה צו האָבן אַן באַזונדערע צערעמאָניעס ביים מאָהילעווער ראַבינער, און נאָך דער חתונה וועל איך פאָרן אויף עטלעכע חדשים צוריק קיין ווילנע, צום „הזמן״, פאַרדינען אויף הוצאות הדרך... אונדזער נאַאיווער פּלאַן איז אָבער שלום־עליכמען גאָרניט געפעלן געוואָרן. קודם־כל האָט ער פון אונדז דורכויס פאַרלאַנגט, אַז אונדזער חתונה זאָל פאָרקומען אין קיִעוו, אין דעם קרייז פון דער משפחה און פון גוטע פריינד; און ניט נאָר אַ פאָרמעלע חתונה זאָל זיין, נאָר פאַר דער חתונה דאַרף אויך זיין אַ קנס־מאָל, דאָס הייסט, עס דאַרף אַנאָנסירט ווערן אין די העברעאישע צייטונגען, אַז מיר ביידע זענען פאַרקנסט. נאָר מער פון אַלץ האָט אים פאַרשאַפט עגמת־נפש אונדזער באַשלוס, אַז איך וועל פאָרן נאָך דער חתונה אַליין קיין ווילנע צו פאַרדינען אויף שיפסקאַרטן פאַר אַמעריקע. „עס טוט מיר וויי, — האָט ער אונדז געשריבן — נאָר האָט אויף מיר קיין פאַראיבל ניט, דאָס דערמאָנט מיר ניט ווילנדיק טביהס טאָכטער״... (געמיינט האָדלען, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט איר אויסדערוויילטן „פּעפּערל״, איידער יענער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר). איך האָב מיך געפּרווּט אין אַ בריוו פאַרענטפערן, אַז ס׳איז פאַר מיר זייער שווער פאַלן צו לאַסט אויף זיין

פאַמיליע, נאָך דעם ווי איך בין געוואוינט געוואָרן פון מיינע יינגסטע יאָרן אַליין צו פאַרדינען מיין ברויט. און וועגן פראַוועו אַ פאָרמעלע חתונה אין קיעוו האָב איך אים געשריבן, אַז איך פאַרשטיי זייער גוט זיין ווונטש צו באַשיינען זיין טאָכטערס חתונה אויפן אַלטן גוטן טראַ־דיציאָנעלן שטייגער, און ווען „סטעמפעניו״ וואָלט איצט געלעבט, וואָלט ער געמעגט קומען מיט זיין קאַפעליע צו שפּילן אויף דער חתונה פון שלום־עליכמס טאָכטער. מיר בעטן אים אָבער, ער זאָל אויף אונדז רחמנות האָבן און באַפרייען פון אַזאַ שווערן נסיון — אַז אונדזער אינטימע פרייד זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ספּעקטאַקל פאַר ניי־געריקע געסט. אויף דעם איז אונדז אָנגעקומען פון שלום־עליכמען און זיין פרוי אַ טעלעגראַמע מיט הייסע ברכות, וואָס בענטשן אונדזער בונד, און גלייך נאָך דער טעלעגראַמע האָט געפאָלגט אַ לאַנגער בריוו פון שלום־עליכמען, וואָס האָט פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט די ברכות מיט פיינע האַרציקע און רירנדיקע פאָטערלעכע ווערטער. אין דעם בריוו האָט ער אונדז נאָכגעגעבן אונדזער פאַרלאַנג צו פראַוועון די חתונה אין דער שטיל, ביים מאָהילעווער ראַבינער, ער איז אָבער באַ־שטאַנען אויף דעם, אַז מיר זאָלן נאָך דער חתונה קומען קיין קיעוו און פאָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע קיין אַמעריקע. ער האָט וועגן דעם געשריבן צו דער טאָכטער אַזוי:

„בערקאָוויטש דאַרף איצט ניט פאָרן קיין ווילנע. דער מאָטיוו, וואָס ער שטעלט אַרויס אין זיין בריוו, פאַרדינט ניט קיין אויפמערק־זאַמקייט. ווי באַלד ער טרעט אַריין אין אונדזער משפחה, ווערט ער אַ מיטגליד פון אונדזער פאַמיליע, און ווי אַזוי עס לעבט און עס רעכנט זיך צווישן זיך אונדזער פאַמיליע, וואָלסטו, טיסי, אים באַדאַרפט דער־ציילן. ביי אונדז טרינקען צוויי פון איין קרוג, צוויי קעפּ שלאָפן אויף איין קישן, און אויב אַפילו מע צעאַמפּערט זיך, איז דאָס ניט פון קאַרגשאַפט, אָדער פון ניט וועלן געבן דעם צווייטן מויל אַ ביסן, נאָר מחמת עס ליגט שוין אין דער טבע פון יעדן מענטשלעכן באַ־שעפעניש דאָס חיהשע געפיל פון באַצווינגען איינס דאָס אַנדערע״...

איך לייען איצט דאָס בינטל שלום־עליכמס בריוו צו אונדז פון

יענע טעג, און ווידער לעבט אין מיר אויף דער זעלטענער איינדרוק, וואָס זיי האָבן אויף מיר דעמאָלט געמאַכט. ווי טיף גערירט איך בין געווען פון זיי, און ווי טיף איז געווען מיין באַוווּנדערונג צו דער דאָזיקער ברייט־האַרציקער און קלוג־האַרציקער פאָטערלעכער פערזענלעכקייט! אַליין אַ דערדריקטער פון די איבערגעלעבטע קאָשמאַרן, אַ באַלאָדענער מיט שווערע זאָרגן, ווי אַזוי אַרויסצוקומען מיט אַ פאַמיליע פון יונגע קינדער פון דער שווערער נויט אויף אַן אָפענעם וועג, איינזאַם־פאַרלאָזט מיט די דאָזיקע שווערע זאָרגן — האָט ער פון דעסטוועגן געפונען אין זיך אַזוי פיל פאָטערלעכע גבורה און פאָטערלעכע גוטסקייט צו שענקען אונדז זיין פולסטע אויפמערקזאַמקייט, צו נעמען אונדזערע ערשטע אומזיכערע טריט אונטער זיין פולער פאָטערלעכער שוץ. און מיט וואָס פאַר אַ צערטלעכקייט ער האָט זיך באַצויגן צו אונדזער יוגנט, וואָס פאַר אַן איידעלן פאַרשטאַנד ער האָט אַרויסבאַוויזן פאַר אונדזערע יונגע איבערלעבונגען! ער האָט אונדז געשריבן לאַנגע, פאַרכאַפּנדיקע בריוו, פול מיט הייסן פאָטערלעכן אָטעם, פול מיט גוטער געטרייער ליבשאַפט, פול מיט זאָרג פאַר אונדזער מאַטעריעלער און זעעלישער באַקוועמלעכקייט. ער האָט פאַר אונדז געהאַט די ליבסטע ווערטער, דעם פיינסטן צאַרטסטן אויסדרוק. און ניט נאָר צו דער טאָכטער האָט ער דאָס געשריבן, ניט נאָר צו זיין עלטסטן געליבטן קינד, נאָר אויך צו מיר, וואָס איך בין פאַר אים נאָך געווען כמעט אַ פרעמדער, וואָס ער האָט מיך נאָך כמעט ניט געקענט. ער האָט מיך גלייך אויפגענומען מיט אָפענע פאָטערלעכע אָרעמס, מיט ברייטן ליכטיקן צוטרוי, מיט ערלעכן גלויבן, אַז ער וועט דורך מיר ניט געשטרויכלט ווערן — און דאָס איז מיר פאַרבליבן טיף אין האַרצן, ווי די ליכטיקסטע דערשיינונג, וואָס איז מיר ווען אויסגעקומען צו טרעפן אין לעבן.

און צווישן די גוטע פאָטערלעכע בריוו פון יענער צייט וואַרפט זיך דורך איין זעלטענער בריוו, שוין גאָר פון אַן אַנדערן כאַראַקטער, געשריבן צו מיר אין העברעאיש, וואָס דעקט אויף די פאַרבאָרגענע, ווייטאָגדיקע איבערלעבונגען, וואָס שלום־עליכם האָט פון אונדז גע־

וואָלט באַהאַלטן. דאָס איז דער בריוו, אין וועלכן ער האָט מיר צוגע־שיקט זיין עפּיטאַפיע, וואָס ער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן פאַר זיין מצבה נאָכן טויט. דער בריוו, אין יידישער איבערזעצונג, לייענט זיך אַזוי:

„מיין טייערער זון בערקאָוויטש!

„איך שרייב דיר די דאָזיקע צייַלן בשעת איך בין אַרומגעקרוינט מיט קאָמפּרעסן פון קאָפּ ביז באָרד (כאָטש זי איז אַ געגאָלטע), וואָרעם איך לייד צאָן־ווייטאָג זייער און זייער!

„דאָס בילד וואָס דו האָסט געשילדערט — די רעדאַקציע פון די „הזמן"־לייט — איז ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן, נאָר פון דעסט־וועגן גלייב איך אין בן־אביגדורן, אַז ער וועט דערגרייכן זיין ציל.

„איך שיק דיר דאָ „אַן אויפשריפט אויף דער מצבה פון מיין קבר", וואָס איך האָב פאַרצייכנט אין די דאָזיקע „שוואַרצע" טעג, און איך וועל דיך בעטן איבערצוזעצן עס אין פערזן, ווי ביי מיר; און טאָמער קאָנסטו עס נישט גרייכן, ווענסטו בעטן אין מיין נאָמען אונדזער פריינד שניאור, וואָס איז אַ „מזיק" אין דער אַרבעט פון שיר.

געווען אַ איד אַ פּשוטער,
געשריבן „עברי־טייטש" פאַר ווייבער
און פאַרן פּראָסטען פאָלק האָט ער —
דאָ ליגט אַ זשאַרגאָניסט אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבען אויסגעלאַכט,
געשלאָגען מיט דער וועלט כפּרות,
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט, —
אליין, אוי ווער, געווען אויף צרות!

און דווקא ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקוועלט און פלעג זיך פרעהען,
האָט ער געוויינט — דאָס וויים נאָר גאָט —
בסוד, אַז קיינער זאָל ניט זעהען.

שלום־עליכם

„אינעם יאָר פון קאָנסטיטוציע און פּאָגראָמען (1905).
די מאָס פון די יאַמבען איז אַכט און ניין״.

שלום־עליכם איז נאָך דעמאָלט געווען כמעט אַ יונגערמאַן, זעקס און פערציק יאָר אַלט, און עס האָט זיך מיר ניט געהויבן די האַנט אָפּצוגעבן זיך מיט זיין מצבה. איבערגעזעצט די עפּיטאַפּיע אויף העבּ־רעאיש האָב איך ערשט נאָך זיין טויט.

## כד
# ישראל יוסף סירקיס

עס זענען געלאָפן בריוו פון מאָהילעוו קיין קיִעוו און פון קיִעוו קיין מאָהילעוו, און דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן אין מאָהילעוו ניט געקאָנט חתונה האָבן און געמוזט אָפּלייגן אונדזער חופּה ביז מיר וועלן קומען קיין קיִעוו. פּאַסירט האָט דאָס צוליב אַ קלייניקייט: דער מאָהילעווער ראַבינער האָט אונדז ניט געוואָלט מסדר קידושין זיין פּשוט דערפאַר, ווייל איך בין פאַר אים ניט געווען פול־יעריק. מיט מיינע צוואַנציק יאָר האָב איך ניט געהאַט דאָס רעכט חתונה צו האָבן אָן דער הסכמה פון מיינע עלטערן. מיין פאָטער האָט זיך אָבער געפונען אין אַמעריקע — פאָלג מיך אַ גאַנג!... אומזיסט האָב איך געטענהט מיטן ראַבינער, אַז איך בין שוין לאַנג אַ „פאָלנער מענטש". והא ראיה — איך שרייב און דרוק זיך שוין עטלעכע יאָר אין די העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן. און ניט נאָר בין איך אַ שריי־בער — איך בין כמעט אַ רעדאַקטאָר!... דאָס זענען אָבער געווען אַרויס־געוואָרפענע רייד. דער ראַבינער האָט צוריקגעטענהט, אַז ער איז מחוייב נאָר צו קוקן אין פּאַספּאָרט, און אין פּאַספּאָרט שטייט ניט, אַז איך בין אַ רעדאַקטאָר; עס שטייט נאָר, אַז איך בין בסך־הכל אַלט צוואַנציק יאָר... ס'איז מיר געווען אַ חרפּה און אַ בושה צו שרייבן וועגן אַזאַ זאַך שלום־עליכמען. שלום־עליכם האָט אונדז אָבער אויך דאָ לייכט געמאַכט דאָס האַרץ. ער האָט אונדז געשריבן: „טוט אַ שפּיי אויפן מאָהילעווער ראַבינער און קומט צו פאָרן קיין קיִעוו — מיר האָבן דאָ אַ קליגערען ראַבינער פון אים"... און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

דערווייל האָט מאָהילעוו אויך ניט געשוויגן. אַז שלום־עליכמס טאָכטער איז דאָ פאַרוואַלטערין פון דער פאָלקס־שול פאַר מיידלעך —

פון דעם, פאַרשטייט זיך, האָט געוווּסט די גאַנצע שטאָט. איצט האָט גאָט צוגעשיקט דער שטאָט נאָך אַ שטיקל סענסאַציע: מע האָט דער־ציילט, אַז צו שלום־עליכמס טאָכטער איז אַראָפּגעקומען עפּעס אַ סטו־דענט אַזש פון דער ליטע, און בײדע האָבן דאָ געוואָלט חתונה האָבן בשתיקה פון שלום־עליכמען, נאָר דער ראַבינער האָט זײ קײן חופּה ניט געגעבן... עס איז וועגן דער דאָזיקער געשיכטע אַפילו אַוועק אַן אויספירלעכע קאָרעספּאָנדענץ צום ווילנער „הזמן", נאָר דאָ איז דער מאָהילעווער קאָרעספּאָנדענט מיאוס אַרײנגעפאַלן: ער האָט זיך גאָר ניט געריכט, אַז דער געהײמניספולער ליטווישער „סטודענט" — דאָס איז טאַקע יענער מיטאַרבעטער פון „הזמן", פאַר וועמען ער פלעגט באַשרײבן אין לאַנגע בריוו אַלע הימל־שרײענדיקע עוולות, וואָס ווערן באַגאַנגען אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק.

אײן מאָל אַ נאָכמיטאָג, אַז מיר זענען געזעסן אין דער שול און פאַרבראַכט מיט עטלעכע פון די לערער, איז צוגעפאָרן צום הויז מיט אַ קנאַק אַ פײנע „ברישקע" און עס זענען אַרײנגעקומען צוויי יידן אין היפּשע פעלצן און מיט היפּשע בערד, אײנער אַ געלער און דער צווייטער אַ שוואַרצער, און אַ דריטער צו זײ — אַ יונג בחורל, פּריציש אויסגעפּוצט אין אַ האַלבן פוטערל און אין גלאַנציקע שטי־וועלעך, מיט אַ פײנעם בײטשל אין דער האַנט. דער געלער ייד האָט גלייך גענומען מאַכן אַן אויספאָרשונג:

— דאָ זיצט שלום־עליכמס טאָכטער?

— דאָ.

— איר חתן איז אַ שרײבער?

— יאָ, וואָס איז דען?

— ווו קאָן מען אים געפינען?

— אָט דאָס איז ער טאַקע.

— אָט דאָס איז דער שרײבער? — חידושט זיך דער געלער ייד און באַטראַכט מײן יונג אויסזען אין דעם שוואַרצן העמדל מיט גרויס אומצוטרוי. ער האָט זיך, ווײזט אויס, געריכט אויף עפּעס אַנדערש.

— און ווער זענט איר? — פרעג איך.

— איך בין — זאָגט דער געלערטער ייד — מלמד ביי רב ישראל יוספן אין שטוב, און זיי — ווייזט ער אויפן שוואַרצן יידן — זענען סתם אַ ייד, רב ישראל יוספס אַ שכן. רב ישראל יוסף האָט אונדז געשיקט בעטן אייך, איר זאָלט קומען צו אים אויף ווטשערע...

— און ווער איז רב ישראל יוסף אַליין? — וויל איך וויסן.

— רב ישראל יוסף סירקיס! — זאָגט דער געלערטער ייד ווי מיט ווונדער. — איר קענט דאָך אים מסתמא!

— ס'איז מיין טאַטע, — דערקלערט דאָס אויסגעפוצטע בחורל אויף פּאָדאָליער לשון, מיטן קמץ, און גיט זיך וווילעריש אַ שמיץ מיטן בייטשל איבער די גלאַנציקע שטיוועלעך. — ער איז אויך אַ דאָס... אַ „פּיסאַ־טעל"... (אַ שרייבער).

איך דערמאָן זיך גלייך, ווער ישראל יוסף סירקיס איז. איך האָב זיך מיט אים באַקענט מיט אַ יאָר צוריק, אין וואַרשע, ביי ביאַליקן. מיר זענען איין מאָל אין אַ ווינטערדיקן אָוונט אַריינגעקומען מיט שניאורן צו ביאַליקן און דאָרט געטראָפן אַן אומבאַקאַנטן פּאַרשוין — אַ שיינעם יידן, מיט אַ שיינער באָרד און מיט שיינע שוואַרצע, עטוואָס קאַסאָקע אויגן. ער איז געשטאַנען מיט ביאַליקן ביים הייסן קאַכעלנעם אויוון און פון עפּעס זייער הייס גערעדט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רייכן אויבערמאַנטל, אונטערן מאַנטל האָט ער געטראָגן אַ פיינעם שוואַרצן סורדוט, אונטערן סורדוט — אַ ווייכן וואָלענעם סוועטער, און אונטערן סוועטער — אַ געשטריקטן וואָלענעם זשילעט; די דאָזיקע פיר וואַרעמע בגדים זענען אים אַלע געווען צעשפּילעט ביזן ווייסן געפרעסטן העמד, די באַקן האָבן ביי אים ליכטיק געפלאַמט, און אַליין האָט ער זיך מאָדנע געהיצט, עפּעס אַריינגערעדט אין ביאַליקן וועגן דעם רמב"ם, וועגן שפּינאָזאַן און וועגן דעם, אַז יידישקייט איז געבויט אויף מידת־הרחמים. ביאַליק האָט זיך געקנייטשט אונטער דעם יידנס הענט, געשמייכלט און זיך געבעטן ביי אים: „אָבער גוט, גוט, סאָווער־שעננאָ ווירנאָ, איך בין מיט אייך מסכים!"... און דערזען אונדז אַריינ־קומען, האָט ער זיך דערפרייט:

— אַט גייען יונגעלייט, נעמט זיך צו זיי — זיי וועלן אייך געוויס פאַרשטיין!... נאָר באַגייט זיך מיט זיי מיט מידת־הרחמים!...

— ווער זענען די יונגעלייט? — איז דער ייד גלייך געוואָרן נייגעריק אָנגעצויגן. דערהערט אונדזערע נעמען, האָט ער אָפּגעלאָזט ביאַליקן און זיך אַ קער געטאָן צו אונדז אַן איבערראַשטער. ער האָט זיך קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז מיר זענען אַזוי יונג. סטייטש, סטייטש! שניאור שטייגט דאָך אַריבער מיט זיין פּאָעטישער קראַפט לערמאָנטאָוון, און אין מיינע יאָרן האָט אַזוי ניט געשריבן אַפילו טורגעניעוו... ער האָט געקוקט אויף אונדז וואַרעם־פאַרליבט מיט זיינע שיינע שוואַרצע קאַסאַקע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך צייטנווייז ווי איבערגעבראָכן אַ בליציקער שטראַל.

אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט אונדז ביאַליק דערציילט, אַז אָט דער ייד, סירקיס, איז אַן אָריגינעלער עקזעמפּליאַר. אַליין איז ער אַ סוחר, פירט גרויסע געשעפטן, איז אויך דער פאַרטרעטער פון מאַראָזאָווס טוך־פאַבריק פאַר די דרומדיקע גובערניעס, נאָר דער קאָפּ ליגט אים ערגעץ אַנדערש — אין הויכע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, ביי שפינאָזאַן. אין די יונגע יאָרן האָט ער געפּרוּווט שרייבן בעלעטריסטיק אויף העב־רעאיש, נאָר עס האָט ניט געטויגט, האָט ער זיך איצט גענומען צו דער פילאָזאָפישער באַגרינדונג פון יידישקייט. ער האָט אין זיך זייער פיינע, אָריגינעלע געדאַנקען, נאָר ער קאָן מיט זיי ניט קומען צו קיין טאָלק. ער דרייט זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי דרייען זיך איבער...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך מיט סירקיסן צופעליק געטראָפן אינעם זאַקסישן גאָרטן. ער איז דאָ אויך אַרומגעגאַנגען אַ צעשפּילעטער ביזן ווייסן העמד, געשפּאַצירט איינער אַליין פאַרטראַכט. ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, געזאָגט, אַז ער האָט מיך טאַקע געוואָלט זען. ער האָט מיך אויסגעפרעגט, ווי אַזוי איך לעב דאָ אין וואַרשע און ווי אַזוי שניאור לעבט. ביאַליק האָט אים דערציילט, אַז מיר לעבן דאָ ניט ווי גבירישע קינדער — גאָרניט ווי לערמאָנטאָוו און טורגעניעוו אין זייערע יונגע יאָרן... און דאָס איז אַ שאָד. אַ שאָד,

וואָס אונדזערע טאַלענטירטע יונגע שרייבער זענען ניט קיין קינדער פון רייכע גוטבאַזיצערס. אַ שרייבער דאַרף לעבן רייך און ברייט, כדי ער זאָל קאָנען זען די וועלט פון אַ ברייטער פּערספּעקטיוו. ער האָט וועגן דעם זיין אייגענעם קוק, און ער האָט דאָס שוין פאַרצייכנט ערגעץ צווישן זיינע כתבים... און מיט אַ מאָל האָט ער מיר געשטעלט אַ פראַגע: צי וואָלט איך ניט געפאָרן מיט אים קיין פּאָדאָליע, זיצן ביי אים אין הויז אַ יאָר אָדער צוויי? ער האָט אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, אויסער דער שטאָט, אַ גרויס הויז מיט אייגענע ווייגגערטנער — אַן אמתע „אימעניע". איך וואָלט דאָרט געקאָנט שרייבן וויפל דאָס האַרץ גלוסט און די פרייע צייט פאַרברענגען מיט אים אין פיינע געשפּרעכן...

דער דאָזיקער פּלוצעמדיקער אָנבאָט איז פאַר מיר געווען אַזוי ניי און טשיקאַווע, אַז ער האָט מיך לכתחילה ווי אַ צי געטאָן. דער־הויפּט האָט מיך געצויגן דער געדאַנק צו זען פּאָדאָליע מיט די דאָרטיקע יידן — אַ ניי לאַנד מיט נייע מענטשן. עס איז אָבער געווען עפּעס אַזעלכעס אין די שיינע שוואַרצע קאָסאָקע אויגן פון דעם יידן, וואָס האָט מיך פון אים אָפּגעשטויסן. אפשר איז דאָס געווען דער איבערגע־בראָכענער שטראַל, וואָס האָט אין זיי פון צייט צו צייט אויפגעבליצט אומהיימלעך־פרעמד. איך האָב אים באַדאַנקט פאַר דער פריינדלעכער איינלאַדונג און האָב אים דערקלערט, אַז איך קאָן זי ניט אָננעמען. איך האָב יאָרן לאַנג געשטרעבט זיך אַרויסצורייסן פון דער טרויעריקער פּראָווינץ אין דער גרויסער וועלט אַריין — ווי אַזוי־זשע וועל איך איצט זיך צוריק פאַרשפּאַרן ערגעץ אין אַ פּראָווינציעלן העק?... דער ייד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט, אַז מיין קוק איז ניט קיין טיפער... דווקא אין דער גרויסער שטילקייט פון דער פּראָווינץ, צווישן פעלדער און ווייגגערטנער, קאָן דער שרייבער זען הויכע זעאונגען... נאָר צווינגען מיך וויל ער ניט... ווי באַלד אַזוי, איז אפשר אַ סברה, ער זאָל מיר סתם אויסהעלפן, מיר און מיינע יונגע חברים, מיט וויפל ער קאָן — פשוט ווי אַן עלטערער חבר, וועמען גאָט האָט געבענטשט... פאַרשטייט זיך, ער איז ניט מאַראַזאָוו, וואָס שיט מיט טויזנטער, האַלט־אויס מאַקסים גאָרקיס פאַרלאַג „זנאַניע" — ער איז נאָר מאַראַזאָווס

אַן אַגענט... גאָרנישט, דאַנקען גאָט, אַ ייד אַ באַלעבאָס... האַ, וואָס וועל איך דערויף זאָגן?...

דער צווייטער אָנבאָט איז מיר שוין גאָרניט געפעלן געוואָרן. אַז „לערמאָנטאָוו" און „טורגעניעוו" זאָלן האָבן רייכע עלטערן גוט־באַזיצערס — דאָס איז געווען אַ גאַנץ פיינער געדאַנק; אָבער אַז לערמאָנטאָוו און טורגעניעוו זאָלן באַקומען אַ נדבה פון אַ רייכן יידן אַ באַלעבאָס — אַזאַ זאַך איז שוין מיר ניט אָנגעשטאַנען. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב ניט קיין רעכט צו רעדן פאַר מיינע חברים, נאָר איך אַליין קאָן אויך אָט דעם אָנבאָט זיינעם ניט אָנ־נעמען. מיין לאַגע איז גאָרניט אַזוי שלעכט, ווי ביאַליק האָט אים דערציילט, און איך האַלט בכלל ניט ביי אַזעלכע זאַכן... און דערמיט זענען מיר זיך צעגאַנגען.

דערנאָך האָב איך זיך אָבער דערוווּסט, אַז פאַרן אַוועקפאָר האָט סירקיס פאָרט איבערגעלאָזט אַ סומע געלט ביי ביאַליקן, ער זאָל עס צעטיילן צווישן די יונגע שרייבער, ניט חלילה ווי נדבות, נאָר ווי אַוואַנסן פאַר זייערע זאַכן, וואָס זיי דרוקן אינעם „השלח", וווּ ביאַליק איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער בעלעטריסטישער אָפּ־טיילונג. דערוווּסט האָב איך זיך דערפון דורך שניאורן, וואָס איז איין מאָל אין אַן אָוונט אַריינגעקומען צו מיר אַ פרישער, אַ לעבעדיקער, געבראַכט צו טראָגן צוויי פולע קעשענעס מיט זילבערנע און קופּערנע מטבעות — איין קעשענע פאַר אים און די צווייטע פאַר מיר. אין אונ־דזער אָרעמער העברעאישער ליטעראַטור איז דאָס געווען ווי אַן אָרעמער, קופּערנער אָפּקלאַנג פון די גרויסע סומעס גאָלד, וואָס דער רייכער מאָסקווער מאָראָזאָוו האָט געטיילט פאַר דער רוסישער לי־טעראַטור...

איצט, אַז צו סירקיסן איז דערגאַנגען, אַז איך געפין זיך אין מאָהילעוו, האָט ער דאָס געשיקט נאָך מיר זיין „בריטשקע" און מיט גרויס פאַראַד מיך אַראָפּגעבראַכט צו זיך אין הויז, וואָס איז געשטאַנען ווייט אויסער דער שטאָט, דאָרט ווו עס הייבן זיך אָן די בערג מיט די ווייַנגערטנער. ער האָט מיך אויפגענומען זייער וואַרעם, ווי אַן אַלטן

אינטימען פריינד, מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיין הויזגעזינד און קודם־כל מיר אויסגערעדט, למאי איך בין ניט פאַרפאָרן גלייך צו אים. ס'איז ניט מעשה חבר!... אמת, איך האָב דאָ, ווי ער האָט געהערט עפּעס אַנדערע געשעפטן, זיי זאָגן יאַקבי, אַז איך קלייב מיך דאָ חתונה האָבן מיט שלום־עליכמס טאָכטער. נאָר פון דעם וועט ער מיט מיר נאָך רעדן שפּעטער. איך טאָר אַזאַ נאַרישקייט ניט טאָן...

— טאַטע! — רופט זיך אָן דאָס בחורל מיטן בייטשל — איך האָב אַליין געזען, ווי ער איז אומגעגאַנגען מיט זיין קאַלע (כלה) אונטער די הענט!...

— שטיל, דו עזות־פּנים! — זאָגט צו אים דער פאָטער מיט אַ שמייכל. — אַז צוויי תלמידי־חכמים רעדן, דאַרף אַזאַ עם־הארץ, ווי דו, זיך ניט אַריינמישן!...

און ער דערציילט מיר. אַז דאָס בחורל זיינס איז דווקא זייער אַ געראָטן בחורל, נאָר זיין גייסטיקער יורש וועט ער ניט זיין. דערפאַר האָט ער אַ טאָכטער, וואָס ער מעג זיך באַרימען, אַז זי איז זיין טאָכ־טער. ער האָט זי געלאָזט לערנען ביים מלמד העברעאיש און תנ"ך גלייך מיטן זון, און ניט דערפאַר, ווייל ער איז אַ ציוניסט, אָדער אַ נאַציאָנאַליסט — ער איז ניט מסכים מיט הערצלען, ניט מיט אחד־העמען, ער האָט אויף דעם זיין אייגענעם קוק, פון וועלכן מיר וועלן נאָך רעדן שפּעטער. ער האָט געלערנט די טאָכטער העברעאיש פּשוט דערפאַר, ווייל ער וויל, זי זאָל זיין באַקאַנט מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין פילאָזאָפישער שיטה, וועלכע צעגייט זיך אין גאַנצן מיט ניטשען, ווי מיר וועלן דערפון נאָך רעדן שפּעטער...

איך באַטראַכט די איינגעפונדעוועטע רחבותדיקע באַלעבאַטישע שטוב, ווו עס שמאַיען אַרום עטלעכע דינסטן אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ קליינשטעטלדיקער רייכער באַלעבאָסטע, ווו עס שמעקט פון קיך מיט וואַרעמע ריחות פון אַ פעטער, זעטיקער באַלעבאַטישער וועטשערע, און באַטראַכט אויך דעם באַלעבאָס אַליין, ווי ער גייט דאָ אום אַ צעשפּילעטער ביזן ווייסן העמד, אין אַ זיידענער יאַרמלקע, קוקט אויף מיר מיט זיין בליציקן איבערגעבראָכענעם שטראַל אין די

שוואַרצע קאַסאָקע אויגן און רעדט אַ ביסל מיט אַ פאַרלייגטער נאָז וועגן הויכע פילאָזאָפישע ענינים, וואָס צעגייען זיך אין גאַנצן מיט שפינאָזאַן, — און עס ווערט מיר באַלד אומהיימלעך. איך האָב שוין חרטה, וואָס איך בין אַהער געקומען. דערהויפּט שרעקט מיך דאָס, וואָס דער באַלעבאָס זאָגט מיר אַלץ צו, אַז מיר וועלן נאָך רעדן שפּעטער... נאָר פאַרפאַלן — מע מוז גיין צום טיש.

ביים טיש זעצט זיך אויס דאָס גאַנצע הויזגעזינד, מיטן געלן מלמד און מיטן שוואַרצן יידן, און דער באַלעבאָס זיצט אויבן אָן, האַלט דעם גאָפּל אין דער לופטן און רעדט פון הויכע ענינים. ער רעדט אויס־שליסלעך צו מיר, נאָר אַלע עסן שטיל און הערן. עס הערט אויך די טאָכטער, אַ יונג מיידל אַ שיינס. לויט אירע יונגע יאָרן און לויט איר שיינקייט, איז אויף איר אַ גאָטס רחמנות, וואָס זי מוז זיין באַקאַנט מיט דעם פאָטערס פילאָזאָפישע געדאַנקען. נאָכן בענטשן מזומן קומען אַריין אויך עטלעכע שכנים, יידן מיט פיינע רויטע באַקן און מיט גע־דיכטע וואָרצלדיקע בערד, און מע זעצט זיך ביים טיש טרינקען אַ גלעזל וויין. מען איז געקומען, ווייזט אויס, כאַפּן אַ קוק אויפן „שריי־בער", נאָר מע האָט דערזען, אַז ס'איז ניטאָ אויף וואָס צו קוקן: עפּעס אַ בחורל אין אַ שוואַרצן העמדל. איז מען געזעסן און געטרונקען וויין, זיך צוגעהערט, ווי דער באַלעבאָס דרשנט פאַר מיר, אַז יידן טאָרן ניט זיין קיין רעוואָליוציאָנערן, ווייל די רעוואָליוציע שטימט ניט מיט דער יידישער פילאָזאָפיע, ווייל רעוואָליוציע איז „מידת הדין", און יידישקייט איז „מידת הרחמים", — געהערט־געהערט, געפינטלט מיט די אויגן, ביז מע האָט אָנגעהויבן אונטערדרעמלען. האָט מען זיך אויפֿ־געהויבן, געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און געגאַנגען שלאָפן.

איך כאַפּ זיך, אַז ס'איז שוין שפּעט, און פרעג, ווי אַזוי קום איך צוריק אין שטאָט אַריין? נאָר דער באַלעבאָס מאַכט פון מיר דאָס גרעסטע געלעכטער: ער וועט מיך ניט לאָזן ביינאַכט צוריק אין שטאָט אַריין. ער וועט מיך בכלל אַזוי גיך פון זיין שטוב ניט אַרויס־לאָזן. און ער באַפעסטיקט דאָס מיט אַ בפירושן פסוק: „כי על כן באת בצל קורתי" — ווייל דעריבער ביסטו געקומען אין דעם שאָטן פון

מיין באַלקן... ס'איז שוין דאָ פאַר מיר צוגעגרייט אַ באַזונדער צימער מיט אַ געלעגער. נאָר ס'איז נאָך פרי צו גיין שלאָפן. מיר וועלן אַריין אַ ביסל צו אים אין ביבליאָטעק שמועסן. ער האָט מיט מיר אַזוי פיל צו רעדן...

ער פירט מיך אַריין צו זיך אין ביבליאָטעק, צווישן ווענט פאַר־לייגטע מיט ספרים, און רעדט. ער זאָגט צו מיר:

— איך האָב אומיסטן אַריינגערופן עטלעכע פון מיינע שכנים, איר זאָלט זען, צווישן וועמען איך זיץ... איך זיץ דאָ צווישן עם־הארצים, צווישן אונדזערע „מאַמעליגעס״. ס'איז ניט ווי ביי אייך אין דער ליטע, ווו יעדער וואַסערפירער לערנט אַלע טאָג אַ בלאַט גמרא מיט תוספות און מיטן מהר״ם שיף... איך ווער דאָ צעפלאַצט פון מיינע געדאַנקען. איך קום צו פאָרן פונעם וועג פול ווי אַ מילגרוים. די בעסטע פילאָזאָפישע געדאַנקען קומען צו מיר אין וועג, בשעת איך זיץ אין פאַיעזד ביים פענצטערל, נאָר איך האָב זיי ניט פאַר וועמען אַרויסצוזאָגן. איך רעד צו די שכנים, נאָר מיינע רייד קלעפן זיך צו זיי, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט — אַז דער קאָפּ דרעמלט ביי זיי איבערן גלעזל וויין... איך ווער דאָ צעפלאַצט, טייערער מיינער... און איך מוז אייך זאָגן, אַז היינט איז ביי מיר איינער פון די גליקלעכסטע אָוונטן אין מיין לעבן, וואָס איך זיץ דאָ מיט מיין גלייכן „שבת אחים גם יחד״ (ווי עס זיצן ברידער צוזאַמען) און איך קאָן רעדן וויפל דאָס האַרץ גלוסט, זיך אויסליידיקן פאַר אַן אויער, וואָס הערט... איך האָב מיט אייך צו רעדן פון זייער וויכטיקע זאַכן, נאָר מיר וועלן דאָס לאָזן אויף מאָרגן, אם ירצה השם, ווייל איך זע, אַז ביי אייך קלעפן זיך שוין אויך די אויגן...

איך האָב זיך אַ גאַנצע נאַכט געוואַלגערט אויף דעם ווייכן, פרישן געלעגער, וואָס מע האָט מיר אויסגעבעט, און בשום אופן ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, איך האָב זיך געפילט געפאַנגען, ווי אין אַ תפיסה. ערשט פאַר טאָג בין איך אַנדרעמלט געוואָרן. נאָר באַלד האָבן מיך אויפגעוועקט נערוועזע טריט ביי מיין צימער. דאָס האָט דער באַלעבאָס

אומגעשפּרייזט הין און צוריק, ווי דער וועכטער פון מיין תפיסה. ער האָט געוואַרט מיט אומגעדולד, ווען איך וועל שוין אַ מאָל אויפשטיין...

ביים אָנבייסן האָט ער ווידער גערעדט, געהאַלטן דעם גאָפּל אין דער לופטן און גערעדט פון דער טיפער מיסיע פון יידישקייט, פון שפּינאָזאַן, פון „מידת הרחמים״. די יונגע שיינע טאָכטער איז געזעסן ביים טיש מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן און מיט אַ פאַרשלאָסענעם פּנים און געהערט. און אפשר האָט זי ניט געהערט, נאָר געטראַכט אירע אייגענע טראַכטונגען ?...

נאָכן אָנבייסן בעט איך דעם באַלעבאָס, ער זאָל מיך פירן ווייזן זיינע ווייגערטנער. ער פירט מיך אַרויס אין זיין רחבותדיקן הויף, לאָזט זיך גיין מיט מיר צו די בערג אונטער דער העלער פרישער ווינטערדיקער דרום־זון. עס איז אַ זעלטענע לאַנדשאַפט. אַרום און אַרום איז ווינטיק און ליכטיק און שטיל. די נאַקעטע, פאַרטריקנטע וויינטרויב־צווייגן דרעמלען אין שטילשווייגעניש זייער ווינטערדיקן דרעמל. נאָר מיין באַגלייטער לאָזט מיך ניט זעטיקן דאָס אויג אין דער דאָזיקער שיינקייט — ער רעדט טאַקע פון דער דאָזיקער שיינקייט, אַז זי פירט אים אַרויף אויף די טיפסטע פילאָזאָפישע געדאַנקען. די צרה איז נאָר, וואָס ער איז דאָ איינער אַליין, ער האָט ניט פאַר וועמען זיך אויס־צורעדן, ער ווערט צעפּלאַצט. קומט זומער, פילט ער זיך אָן מיט זאַפט, אָט אַזוי ווי די וויינטרויבן אין זיין ווייגאָרטן. פון די וויינטרויבן אינעם ווייגאָרטן מאַכט מען אָבער ווייַן און מענטשן טרינקען אים. זיין ווייַן וויל קיינער ניט טרינקען...

אַז מיר קומען צוריק אין זיין ביבליאָטעק און ער רעדט נאָך אַלץ צו מיר, קוקט אויף מיר מיט דעם איבערגעבראָכענעם שטראַל אין זיינע שיינע שוואַרצע קאָסאָקע אויגן און רעדט מיט אַ ביסל אַ פאַרלייגטער נאָז וועגן יידישקייט און וועגן שפּינאָזאַן און וועגן „מידת הרחמים״ — מאַך איך ענדלעך אַ פּרווו צו געזעגענען זיך מיט אים. הייבט ער אָן צו לאַכן: ער וועט מיך ניט אַרויסלאָזן! איך מוז מיט אים דאָ זיצן כאָטש אַ צוויי וואָכן, און אויב מיר וועט דאָ געפעלן ווערן ביי

אים, קאָן איך פאַרבלייבן אין זיין הויז ווי לאַנג איך וועל וועלן... און איך זאָל מיך גאָרניט זשענירן — איך וועל מיין ברויט ביי אים כשר פאַרדינען. פון דעם טאַקע האָט ער געוואָלט מיט מיר רעדן. עס גייען ביי אים פאַרלוירן אַזוי פיל געדאַנקען, ער קאָן זיי ניט צוזאַמענגעמען אויפן פאַפיר, זיי בינדן זיך ביי אים עפּעס ניט — איך וועל אים קענען העלפן אַרויסצוברענגען זיי פאַר דער וועלט. איך פאַרמאָג לאָגיק און קלאָרקייט אין שפּראַך — מירביידע וועלן קאָנען אויפטאָן פאַרן מענטשלעכן געדאַנק אַ גרויסע זאַך... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס שליסט ניט אויס מיין אייגענע בעלעטריסטישע אַרבעט. אַדרבה, ווי באַלד איך וועל פריי זיין פון דאגות פרנסה און וועל לעבן אין אַזאַ רחבות, ווי אַ קינד פון אַ גוטבאַזיצער, ווי ביי מיין טאַטן אין וויינגאָרטן, וועל איך זיך קאָנען נעמען פאַר מיין אַרבעט מיט מער פרישקייט און ווערן פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור דאָס אייגענע, וואָס טורגעניעוו איז געוואָרן פאַר דער רוסישער ליטעראַטור...

איך קוק אויפן יידן מיט שרעק. דער איבערגעבראָכענער שטראַל אין זיינע קאַסאָקע אויגן הייבט מיך שוין אָן צו שרעקן. איך האַק אים אָפּ שאַרף:

— מענטש איינער, — זאָג איך — דאָס ווייסט איר, אַז אין עט־לעכע טעג אַרום פאָר איך קיין קיִעוו חתונה האָבן און פון דאָרטן פאָרן מיר אַוועק אויף שטענדיק קיין אַמעריקע?

— איך ווייס, — זאָגט ער — מע האָט מיר דאָ דערציילט, און אויך פון דעם וויל איך מיט אייך רעדן. עס געפעלט מיר ניט דער שידוך... וואָס איז אייך איינגעפאַלן זיך מתחתן זיין מיט שלום־עליכמען, מיט אַ זשאַרגאָנישן שרייבער? ער וועט אייך געוויס קאַליע מאַכן, צורעדן, איר זאָלט שרייבן פאַר ווייבער און עם־הארצים... ער האָט אַזוי אַ סך העברעאישע שרייבער קאַליע געמאַכט, אַפילו מענדעלען... איך געדענק דאָס נאָך פון אַמאָליקע יאָרן אין אָדעס...

— הכלל, — זאָג איך, — וווּ איז אַייער זון? איך וויל אים בעטן, ער זאָל מיר ווייזן דעם וועג צוריק אין שטאָט. מיין כלה וואַרט אויף מיר.

— מיר בלייבן דאָך אָבער גוטע פריינד? — זאָגט ער צו מיר שוין מיט אַ געפּאַלענעם קול.
— די בעסטע גוטע פריינד!...

און מיר זענען טאַקע געבליבן יאָרנלאַנג גוטע פריינד. ער פלעגט מיר פון צייט צו צייט שרייבן לאַנגע בריוו, אַרויסלייגן פאַר מיר זיינע נייע פילאָזאָפישע געדאַנקען. ער האָט די געדאַנקען צוזאַמענגענומען אין אַ ספר מיטן נאָמען „מהות היהדות" (דאָס וועזן פון יידישקייט) און האָט מיר דעם ספר צוגעשיקט אין אַ צאָל עקזעמפּלאַרן, צוגעלייגט צו זיי פּאָסט־מאַרקעס, איך זאָל די ספרים צעשיקן צו פאַרשטענדיקע לייט פון מיינע באַקאַנטע און בעטן זיי, זיי זאָלן אים שרייבן זייערע געדאַנקען וועגן זיינע געדאַנקען.

ער האָט אָבער זיין לעבן פאַרענדיקט טרויעריק. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה איז ער נאָך רייכער געוואָרן, פון אַן אַגענט געוואָרן דער אייגנטימער פון מאָראָזאָווס טוך־פאַבריק. נאָך דער רע־וואָליוציע האָט ער געמוזט עוקר זיין קיין רומעניע און איז דאָרט אומגע־גאַנגען איבער די הייזער מיט זיינע ספרים, ווי אַן אָרעמער מחבר אין די אַלטע צייטן. ער האָט מיר געשריבן לאַנגע טרויעריקע בריוו קיין ניו־יאָרק, און די ניו־יאָרקער העברעער האָבן אים ניט פאַרלאָזט, גערן געשיקט הילף. ער האָט דאָס ערלעך פאַרדינט — ס'איז געווען אָפּגעגעבן ברויט...

כה

# ביי שלום־עליכמען אין דער היים

אונדזער אָפּפאָרן קיין קיִעוו האָט זיך, צוליב פאַרשיידענע טעמים, אַ ביסל פאַרצויגן. דערווייל איז איבערן לאַנד דערקלערט געוואָרן ווידער אַ סטרייק — פון די פּאָסט־און־טעלעגראַף־באַאַמטע, און כאָטש דער סטרייק איז גלייך געבראָכן געוואָרן, האָט דאָס ביי דער אָנגעשראָקענער יידישער באַפעלקערונג אַרויסגערופן אַ נייע אומרואיקייט: מע האָט מורא געהאַט, די רוסישע רעגירונג זאָל אויף דעם סטרייק ניט ענט־פערן מיט נייע יידישע פּאָגראָמען. מע האָט אויך געשמועסט און גע־שריבן אין די צייטונגען, אַז צום קומענדיקן ניי־יאָר גרייט זיך ערשט דער אמתער גענעראַל־סטרייק, וואָס וועט פּאַראַליזירן דאָס לאַנד אויף גאַנצע פערציק טעג און וועט ענדלעך באַשטימען דעם גורל פון רוס־לאַנד — אַהער, צי אַהין... די דאָזיקע קלאַנגען און די אַלגעמיינע נערוועזע שטימונג האָבן שטאַרק געווירקט אויף שלום־עליכמען, און זיינע בריוו צו אונדז זענען געוואָרן וואָס אַ טאָג אַלץ אומרואיקער. ער האָט אונדז געשריבן, אַז גאַנץ קיִעוו, ווער עס האָט נאָר מיט וואָס, לויפט קיין אויסלאַנד, און אַז אויך ער מיט דער פאַמיליע שטייען שוין גרייט אין וועג, ער האָט שוין פאַרטיק דעם אויסלענדישן פּאַספּאָרט און וואַרט נאָר אויף אונדזער קומען און „אויף נאָך עפּעס״; אַזוי גיך ווי מיר קומען קיין קיִעוו, קריגט ער אַרויס אויף פאַר מיר אַ גובערנאַטאָרישן פּאַס, און אַלע אינאיינעם וועלן מיר אַ מאַך טאָן („מאַכניאָם״) אויף יענער זייט גרענעץ... און איין מאָל שבת אין דער פרי קומט אונדז אָן פון אים אַ דרינגענדיקע טעלעגראַמע, מיר זאָלן מער ניט מאַכן קיין שהיות און תיכף אַרויספאָרן.

קיין סך פּאַקן זיך אין וועג אַריין האָבן מיר ביידע ניט באַ־דאַרפט. שלום־עליכמס טאָכטער האָט אָבער געהאַט פאַר זיך אַ שווער

שטיקל לייענען: אַרויסגיין אין שטאָט און נעמען אָפּשייד פון די „דאַ־מען־פּאַטראָנעסעס", די גבאיטעס פון דער פאָלקסשול, וואָס האָבן שוין לאַנג געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז זייער יונגע פאַרוואַלטערין וועט זיך ביי זיי קיין סך ניט האַלטן. דאָס האָט פּשוט געשמעקט מיט פאַר־שפּעטיקן דעם צוג קיין קיִעוו — און דאָ האָבן מיר שלום־עליכמס דרינגענדיקע טעלעגראַמע... האָבן מיר יוצא געווען דערמיט, וואָס מיר האָבן זיך גאַנץ פיין צעזעגנט מיט דער לערערין פון האַנט־אַרבעט און מיט איר אַלטער מוטער, מיט וועמען מיר האָבן צוזאַמען אַזוי טרויעריק פאַרבראַכט די פּאָגראָם־נאַכט, געגומען אַ דראָזשקע און גע־פלויגן פייל אויסן בויגן צום וואָקזאַל, ניט אומגעקוקט זיך אַהינטער. אויפן וואָקזאַל האָט זיך אונדז געשטעלט פּאָפּעריק אין וועג ישראל יוסף סירקיסעס בחורל, וואָס האָט זיך דאָרטן אַרומגעדרייט אַ שבת־דיק־אויסגעפּוצטער, מיטן בייטשעלע אין דער האַנט. ער האָט אויף אונדז אַ קוק געטאָן זייער טשיקאַווע און געזאָגט גאָר אָן צערעמאָניעס: „אַה, דאָס פאָרט איר שוין חתונה האָבן? איך לויף זאָגן מיין טאָטן!"... מיר האָבן דערפון געזען באַשיינפּערלעך, אַז פאַר מאָהילעוו־פּאָדאָלסק זענען נישטאָ קיין סודות. און ווירקלעך, לויט ווי ציטראָן האָט מיר שפּעטער מיט יאָרן דערציילט, איז וועגן אונדזער „אַנטלויפן" גלייך אַוועק צום „הזמן" ווידער אַן אויספירלעכע קאָרעספּאָנדענץ פון דעם שטענדיקן מאָהילעווער קאָרעספּאָנדענט, נאָר אויף דער דאָזיקער סענ־סאַציאָנעלער באַריכט איז פון דער רעדאַקציע אומברחמנותדיק גע־פסלט געוואָרן.

אין קיִעוו זענען מיר אָנגעקומען אויף מאָרגן גאַנץ באַגינען. עס איז געווען נאָך רעכט פינצטער אין דרויסן, בשעת מיר זענען צוגעפאָרן אויף דער באָלשאַיאַ־וואַסילקאָווסקאַיאַ צו שלום־עליכמס הויז און גע־טראָפן עטלעכע פענצטער באַלויכטן מיט פרימאָרגנדיקן ווינטערדיקן פייער. „מע וואַרט שוין אויף אונדז"... — האָט געזאָגט מיין באַגלייטערין מיט דער פרייד פון אַ קינד, וואָס קומט צוריק פון דער פרעמד אַהיים. איך אָבער האָב מיך ניט געקאָנט באַרימען, אַז מיין ערשטער אַריינ־טריט אין שלום־עליכמס הויז איז געווען מיט אַ לייכטן געמיט. עס האָט

מיך געדריקט די דערוואַרטונג פון פרעמדקייט און איינזאַמקייט, און נאָך מער האָט מיך געדריקט דער געדאַנק, וואָס איך גיי פאַרבייטן מיין פרייע זעלבשטענדיקע לאַגע פון אַ יונגן שרייבער און כמעט־רעדאַקטאָר אויף געצוווּנגענער אומבאַהאָלפענער אָפּהענגיקייט, וואָס איך טרעט אַריין ניט ווילנדיק אין דער קאָמישער אַלטמאָדישער ראָל פון אַן איידעם אויף קעסט. מיין געדריקט געפיל איז אָבער פאַרשוווּנדן געוואָרן אַזוי גיך, ווי מיר זענען אַריבערגעטראָטן די שוועל און באַגעגנט געוואָרן פון שלום־עליכמען אין זיין האַלבן פרימאָרגנדיקן אָנטאָן, מיט פריש פאַרקעמטע נאַסע האָר און מיט אַ האַנטעך אויפן אַקסל. ער האָט אונדז אויפגענומעןביידן מיט אַזאַ ברייטער און ליכטיקער וואַרעמקייט, אַז איך האָב זיך גלייך דערפילט אין אַן אייגענער, היימישער, לייכטער אַטמאָספער. דערביי האָט ער ניט געמאַכט דעם מינדסטן אונטערשייד צווישן זיין טאָכטער און מיר. אויך די פרוי שלום־עליכם האָט מיך אויפגענומען מיט דער זעלבער קרובישער פריינדלעכקייט, נאָר ביי שלום־עליכמען אַליין איז דאָס אַרויסגעקומען אַזוי פשוט און אַזוי נאַטירלעך־אומגעצוווּנגען, פונקט ווי איך וואָלט געווען זיינער אַ בן־בית שוין פון לאַנגע־לאַנגע יאָרן. אַפילו מיין נאָמען האָט שוין געקלונגען אין זיין מויל גאַנץ אַנדערש ווי פריער — מיט דער באַזונדערער וואַרעמקייט אין קול, מיט וועלכער מע רעדט אַרויס דעם נאָמען פון אַן אייגענעם און אַ נאָענטן. און רעדנדיק מיט אונדז ביידן, האָט ער אָנגעווענדט צו מיר דעם זעלבן אינטימען, פאָטערלעכן הומאָר, ווי צו דער טאָכטער. ער האָט אונדז קודם־כל געפרעגט: וואָס, אַ שטייגער, האָט אונדז אַזוי שטאַרק געהאַלטן אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, וואָס מע האָט אונדז באַדאַרפט אַרויסשלעפּן פון דאָרטן מיט שטריק? ניט שוין זשע האָבן מיר געמיינט דאָרט צו וואַרטן, ביז וואַנען איך וועל ווערן פאַרן מאָהילעווער ראַבינער פּוליערריק?... ער האָט אונדז אויך געגומען אויספרעגן, ווי אַזוי מיר האָבן דורכגעלעבט אין מאָהילעוו דעם פּאָגראָם; דערביי האָט זיך געלייגט אַ שאָטן אין זיינע שאַרפע, פאָטערלעך־פאַרזאָרגטע קנייטשן, וואָס זענען פאַר דער לעצטער צייט געוואָרן נאָך שאַרפער און טיפער. אויסהערנדיק מיין

דערציילונג וועגן דעם אייזנבאַן־סטרייק אין פעלד, מאַכט ער צו מיר:

— וואַרט נאָר. איר זענט, ווי עס שיינט מיר, געווען אין איין צוג מיט ווייצמאַנען — פאַר וואָס זשע האָט ער אין מיטן סטרייק זיך אַרויס־געריסן אַהער קיין קיִעוו, און איר זענט דאָרט פאַרבליבן?

— מיט וועלכן ווייצמאַנען? — פרעג איך.

— מיט מיישקע ווייצמאַן פון פינסק, חיים ווייצמאַנס אַ ברודער.

חיים ווייצמאַן איז שוין דעמאָלט געווען גוט באַקאַנט צווישן די ציוניסטן, ווי אַ פירער פון דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע". נאָר ווער פון די פּאַסאַזשירן אין אונדזער פאַרסטרייקטן צוג האָט געקאָנט זיין חיים ווייצמאַנס אַ ברודער? עס קומט מיר אַרויף אויפן געדאַנק דער לעבעדיקער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק מיט די שמייכלענדיקע ציין, אונדזער קאָמיטעט־מאַן, דער וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום דניעפּער אויף אַ „דרעזינע" מיט גראַף היידענס קאָמפּאַניע.

— ס'איז דאָרט געווען — זאָג איך — איינער אַ פּינסקער בחור מיט אַ וואָלענער קאָלדרע — אפשר איז דאָס דער?

— נו יאָ, ס'איז דער! — זאָגט שלום־עליכם. — ער איז מיט דער קאָלדרע אַריינגעפאַלן אַהער פּונקט אין רעכטן מיטן פּאָגראָם. איר האָט זיך גאָרניט באַקענט איינער מיטן אַנדערן?

— מיר פלעגן זיך טרעפן ביים וואָקזאַל: איך האָב אָבער ניט געוווּסט, אַז ער איז פון די ווייצמאַנס.

שלום־עליכם האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

— דאָס — זאָגט ער — קאָן נאָר געמאָלט זיין צווישן צוויי ליט־וואַקעס! מע זיצט צוזאַמען וויפל טעג אין איין וואַגאָן און מע ווייסט ניט איינס פונעם אַנדערן. צווישן יידן קאָן אַזאַ זאַך ניט פּאַסירן!...

דערווייל קומען אַרויס פון די זייטיקע חדרים די ערשט־אויפגע־שטאַנענע קינדער, און מע באַקענט מיך מיט זיי איינציקווייז. אייגנטלעך, בין איך מיט זיי אַלעמען שוין באַקענט פון פריער, לויט די דער־ציילונגען פון זייער עלטערער שוועסטער. אָט דאָס איז די יינגערע ליאַלי, וואָס האָט ערשט געענדיקט גימנאַזיע, און וואָס דער פאָטער

האָט זי אין איינעם פון זיינע לעצטע בריוו צו אונדז הומאָריסטיש באַצייכנט, ווי „איינס אַ מיידל אין יאָרן, וועמען עס פעלט נישט הומאָ־ריסטישע עזות, צוגעמישט מיט פּאָעטישער חוצפה״... איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען אירע לאַנגע לעבעדיקע, שפּילעוודיקע בריוו, רייך מיט עכטע הומאָריסטישע איינפאַלן, וואָס דערמאָנען שטאַרק דעם עכטן קוואַל פונעם פאָטער. זי האָט שוין אַפילו אין איינעם פון אירע בריוו געזאָגט וועגן מיר אַ שאַרפן געלונגענעם וויץ. איצט באַ־טראַכט זי מיך אַ ווײַלע מיט טשיקאַווע־פאָרשנדיקע אויגן, אין וועלכע עס בליצן פונקען פון דעם פאָטערס שמייכל. דאָס געדויערט אָבער ניט מער ווי איין ווײַלע, וואָרעם אין דער צווייטער ווײַלע שטייט זי שוין מיט דער שוועסטער ביים פענצטער און דערציילט איר עפּעס פון אירע אייגענע זאַכן. און אָט איז עמאַ — אַ שטילע ליכטיקע טויב. זי איז די איינציקע צווישן די קינדער, וואָס פון דעם ערשטן מאָ־מענט קוקט זי אויף מיר מיט אירע שיינע מילדע פרום־פאַרשלייערטע טויבן־אויגן קרוביש־וואַרעם. זי האָט מיך גלייך, מיטן ערשטן קוק, ווי שוועסטערלעך אָנערקענט. און אָט איז די יינגסטע מאַרוסי, נאָך גאָר אַ קינד, אין די ערשטע קלאַסן גימנאַזיע, נאָר אין דעם קינדערשן ניט־אויסגעפורעמטן געזיכט ליגט באַהאַלטן אַ שטאַרקע ענלעכקייט צום פאָטער; זי קוקט אַזוי נייגעריק־שאַרף און האָרכט אַזוי נייגעריק־אויפמערקזאַם, ווי ער. מע באַקענט מיך אויך מיטן בילד־שיינעם, בלאָנדן, הויך־געוואַקסענעם און עטוואָס פאַרוואָלקנטן גימנאַזיסט מישאַ. דער פיריאָריקער נומאַ, מיין אַלטער באַקאַנטער פון ווילנע, שלאָפט נאָך. איך בין צופרידן, וואָס די קינדער לאָזן מיך באַלד צו רו, קוקן זייער ווייניק אין מיין זייט — צי מחמת טאַקט, צי דערפאַר, וואָס יעדער איינער פון זיי איז פאַרשלונגען פון דער גרויסער געשעעניש, וואָס שטייט זיי היינט אַלעמען פאָר: עס איז שוין באַשטימט, אַז היינט אין אָוונט, גלייך נאָך אונדזער חתונה, פאָרט די גאַנצע פאַמיליע אַרויס קיין אויסלאַנד. מע רייסט זיי אַרויס פון דער וואַרעמער איינגעזע־סענער היים און מע פירט זיי אַוועק ערגעץ אין די ווייטע לענדער אַריין...

דערפאַר קוקט אויף מיר שטאַרק די באָבע פון די קינדער, די מוטער

פון פרוי שלום־עליכם, וואָס מע רופט זי דאָ אין שטוב אויף רוסיש „באַבושקאַ״: זי וויל פשוט תופס זיין דעם יונגנמאַן, וואָס טיסי, איר ערשט אייניקל, האָט אַראָפּגעבראַכט אַזש פון דער ליטע. און ווייל זי האָט ליב טיסין מיט דער ערשטער צערטלעכער ליבע פון אַ באָבע צו איר ערשטן אייניקל, טראָגט זי אַריבער אַ טייל פון דער דאָזיקער צערטלעכקייט אויך אויף דעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס טיסי האָט זיך אויסדערוויילט. דערווייל דריקט זי דאָס אויס אין דעם, וואָס זי רוקט מיר צו נעענטער דאָס גלאָז טיי אויפן טיש און פרעגט מיך, למאי איך עס גאָרנישט? די דאָזיקע מוטערלעכע פריינדלעכקייט גיט מיר ווי דעם ערשטן שליסל צום היימישן קרייז פון שלום־עליכמס הויז, וואָרעם די „באַבושקאַ״ איז דאָ די באַלעבאָסטע, אונטער איר השגחה ווערט געפירט די גאַנצע ווירטשאַפט אין שטוב. איר טאָכטער, פרוי שלום־עליכם, איז מער באַשעפטיקט מיט איר פּראָפעסיע, אַלס דענטיסט, איידער מיט דער שטוב. שוין איך די מיטעלע יאָרן, זעענדיק, ווי שווער עס קומט אָן אויסצוהאַלטן דאָס הויז מיט די שריפטשטעלערישע פאַרדינסטן פון איר מאַן, איז זי געגאַנגען שטודירן דענטיסטעריי, אויסגעשטודירט און געעפנט אַ קאַבינעט.

איך באַטראַכט ביים טיש די „באַבושקאַ״ און דערמאָן מיך, ווי אַזוי שלום־עליכמס לייענער אין דער פּראָווינץ פלעגן רעדן מיט זיכערקייט, אַז מנחם־מענדלס באַרימטע שוויגער מיט אירע באַרימטע ווערטלעך — דאָס איז שלום־עליכמס אייגענע שוויגער. און ווי באַלד אַזוי, איז שוין מנחם־מענדלס ווייב שיינע־שיינדל ממילא אַ קאָפּיע פון שלום־עליכמס ווייב. איצט האָב איך די מעגלעכקייט צו זען, אַז שלום־עליכמס שוויגער איז פונקט אַזוי ווייט פון מנחם־מענדלס שוויגער, ווי פרוי שלום־עליכם איז ווייט פון שיינע־שיינדלען. ניט נאָר שיט זי ניט מיט ווערטלעך — זי רעדט בכלל זייער ווייניק, האַלט זיך געהויבן־פאַרשלאָסן, מיט דער געהויבנקייט און פאַרשלאָסנקייט פון אַ ראַסיקער אַלט־יידישער גבירטע, וואָס האָט פאַרלאָרן דאָס רייכטום און האָט אָבער ניט אויפגעגעבן די גבירהשאַפט. זי וואָלט אויסגעזען אַ ביסל צו פינצטערלעך אויפן ליכטיקן פאָן פון שלום־עליכמס הויזגעזינד; איר שיין־געשניטן ברוגזלעך

געזיכט ווערט אָבער גאַנץ אָפט באַלויכטן מיט אַ ווייכן אויסדרוק פון נאַ־טירלעכער, טיף־באַהאַלטענער, אמתער גוטסקייט, וואָס איז גרייט אַוועק־צוגעבן דעם צווייטן דאָס לעצטע. איך ווייס שוין, ווי אַזוי זי האָט זיך באַגאַנגען מיט שלום־עליכמען אין זיינע יונגע יאָרן, בעת ער האָט פאַר־לאָרן זיין פאַרמעגן און האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון די קרעדיטאָרן אין אויסלאַנד: זי האָט דעמאָלט אַרויסגענומען איר גאַנצע „כתובה", וואָס איז איר געבליבן בירושה פון איר רייכן מאַן, און האָט אויסגעלייזט איר איידעם, אים געגעבן די מעגלעכקייט צוריק צו ווערן אַ פרייער מענטש. און איך ווייס אויך, אַז דאָס איז פאַרבליבן אַ טראַגישער פונקט אין שלום־עליכמס לעבן: ער פילט זיך אייביק שולדיק קעגן זיין שוויגער, וואָס ער האָט זי געבראַכט צו אָרעמקייט, און אויב ער מיט זיך מיט אַלע כוחות צו האַלטן זיין הויזגעזינד אויף דער הויך פון אַן אָנשטענדיק־באַלעבאַטישן לעבן, מיט ער זיך טאָפל צו האַלטן די אַלטע מוטער אין דער אילוזיע פון גבירהשאַפט.

איך קוק זיך אום אין שלום־עליכמס וווינונג, די לעצטע וווינונג אין קיִעוו, וואָס וועט היינט אין איין טאָג צעשטערט ווערן. אַ היפשע גרויס־שטאָטישע דירה, גרויסע און קליינע ליכטיקע חדרים, נאָר אָרעמלעך מעבלירט. עס ציט מיך צו שלום־עליכמס קאַבינעט, וואָס ליגט געמיטלעך־ווינקלדיק ביים גרויסן עס־צימער, מאַכט דעם איינדרוק פון אַ וואַרעמען נעסט. דער שרייבטיש איז ניט איבעריק גרויס, זעט אויס מער ווי אַ קליינער וואַרשטאַט פון אַ טעטיקן מייסטער, באַדעקט מיט נוצלעכע איני־סטרומענטן: מיט אַלערליי פענעס און פאַרביקע שטיפטלעך, גרויסע און קליינע בלאָקנאָטן מיט פיינעם דינעם פאַפיר, טינטערלעך מיט שוואַרצע, גרינע און רויטע טינט, פלעשלעך גומי־אַראַביק, קלעצעלעך קלעפּ־פּאַפיר. — אויף דער וואַנט, איבערן שרייבטיש, הענגט דאָס בילד פון גאָגאָלן — שלום־עליכמס לאַנדסמאַן און זיין פאָרגייער אויף דער אוקראַאינישער ערד. די ביבליאָטעק איז ניט איבעריק רייך, נאָר די ביכער זעען אַלע אויס ווי געלייענטע, ניט אַוועקגעשטעלטע פון שיינ־קייט וועגן. אַלטע העברעאישע יאָרביכער, בענדער „השלח" און „וואָסכאָד", אַ ביסל נייע העברעאישע בעלעטריסטיק, אַ ביסל רוסישע

קלאַסיקער, אַן אַנטיק־אַלטע ביבלישע קאָנקאָרדאַנץ, בענדער „יוד" און „פּאָלקסצייטונג", מענדעלעס ווערק, די דיקע יובילײ־זאַמלונג פון פּרצעס שריפטן... דעם גרעסטן טייל ביכער, זאָגט שלום־עליכם צו זיין טאָכטער, האָט ער שוין אַוועקגעשענקט פאַר אַ ציוניסטישער ביבליאָטעק ערגעץ אויף פּאָדאָל, און דעם „סקאַרב" וועט מען מסתמא היינט פאַר־קויפן פאַר האַלב־אומזיסט, אויב עס וועט זיך נאָר אויף דעם געפינען אַ בעלן...

און כאָטש דאָס מעבל זעט אויס אָרעמלעך און שלום־עליכם אַליין רופט עס גרינגשעצנדיק מיטן נאָמען „סקאַרב", פילט זיך דאָך אין שטוב אַ מין הויך פון גבירישקייט. אפשר זענען דאָס פאַרבליבענע קלאַנגען פון אַמאָליקע גוטע יאָרן, און אפשר נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס מע רעדט דאָ אַ גוטן, נאַטירלעכן, פריציש־אינטעליגענטן רוסיש. רוסיש רעדן דאָ אַלע, אַפילו די „באַבושקאַ", וואָס איר לשון איז קערנדיקער באָהסלעווער יידיש, רעדט מיט די קינדער אַ מין רוסיש, וואָס איז מער ענלעך אויף אוקראַאיניש — די שפּראַך, וואָס מע האָט אַמאָל גערעדט אויף איר מאַנס פּאָסעסיעס מיט די פּויערים. יידיש רעדט זי נאָר מיט דער טאָכטער און מיטן איידעם. זי איז אין שטוב די איינציקע, וואָס רופט שלום־עליכמען ניט „סאָלאָמאָן", נאָר „שלום" — אַזוי ווי זי האָט אים גערופן יינגלווייז, בשעת ער איז נאָך געווען דער לערער פון איר איינציקער טאָכטער. אַ דאַנק דער אַלטער „באַבושקאַ" הערט מען שוין דאָ פון שלום־עליכמען אויך אַ יידיש וואָרט. ס׳איז דער גייסט פון קיִעוו, „די מוטער פון רוסישע שטעט". די זעלבע מוטער פון רוסישע שטעט, וואָס האָט זיך אָט איצט פרימאָרגנדיק צעקלונגען מיט אירע פרומע קלויסטער־גלעקער, דערמאָנט שלום־עליכמס הויז מיט אַ פרעמדן מעלאָדישן בייזער, אַז עס מוז היינט צעשטערט ווערן, אויסגעריסן ווערן פון איר ערד מיט די וואָרצלען...

## כו
# די חתונה

איך וועל מיך ניט אונטערנעמען צו דערציילן, וואָס שלום־עליכם האָט דורכגעלעבט יענעם טאָג, בעת ער האָט זיך אויסגעריסן מיט די וואָרצלען פון זיין איינגעזעסענער היים אין קיעוו און גאָר אַן מיטלען זיך געלאָזט מיט אַ הויזגעזינד פון ניין פערזאָן, צווישן זיי אַן אַלטע מוטער און אַ יונג פּאָרפאַלק ערשט פון דער חופּה, ערגעץ אין דער וועלט אַריין, אויף גאָטס באַראָט. ס'איז פאַר מיר נאָך עד היום ניט קלאָר, צי דאָ האָט געווירקט די גרויסע פאַרצווייפלונג פון דער ביי־טערער, האָפענונגסלאָזער מאַטעריעלער לאַגע, אָדער די גרויסע ניי־געריקייט צו זען אַ נייע וועלט מיט נייע זעאונגען — צו זען, וואָס וועט מיט אים פאָרקומען ביי גאַנץ נייע באַדינגונגען. עס קאָן זיין, אַז געווירקט האָבןביידע זאַכן. איך ווייס אָבער, אַז דורכגעפירט האָט ער דאָס פלינק און ענערגיש, מיט אויסערגעוויינלעכער אַנטשלאָסנקייט און מיט אַ מין פאַטאַלער זיכערקייט, אַז אַלצדינג וועט זיך ענדיקן גוט. מיט דער זעלבער פאַטאַלישקייט האָט ער באַשטימט, אַז די נסיעה מוז געשען דווקא היינט, גלייך נאָך דער חתונה פון זיין טאָכטער, ניט חלילה מאָרגן — וואָרעם קיינער ווייסט ניט, וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען... עס איז געווען אַ שטערונג — וואָס פאַר איין טאָג וועל איך שוין ניט באַוויזן צו באַקומען אין קיעוו אַן אויסלענדישן פּאַס און וועל מוזן „גנבענען די גרענעץ"; נאָר ער האָט דאָס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. לאָמיר נאָר אַקאָרשט קומען צו דער גרענעץ, וועלן מיר שוין דאָרט, צווישן יידן, זיך אַן עצה געבן. אין רוסלאַנד איז דאָס אַ וואָכעדיקער גאַנג. עלעהיי עמיגראַנטן — מע דאַרף דאָס אַ מאָל אויך פאַרזוכן... ער האָט מיך באַרואיקט, אַז אין יעדן פאַל וועט ער אָן מיר די גרענעץ ניט אַריבערפאָרן — ער וועט מיך איינעם אַליין אויף

דער זייט ניט איבערלאָזן... עס איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי ער נעמט אַלצדינג אַזוי לייכט אויף זיינע פּאַטערלעכע פּלייצעס, און נאָך גרעסער איז געווען דער ווונדער, וואָס ער טוט דאָס ניט מיט בלינדן אימפּעט, נאָר מיט קלאָרער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און יעדע קליינע און גרויסע זאַך איז ביי אים פאָרויסגעזען און באַרעכנט מיט זאַכ־לעכער, כמעט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט. איצט, אַז איך בין צוגעטראָטן נעענטער צו שלום־עליכמס טאָג־טעגלעכקייט, האָט פאַר מיר אָנגעהויבן בלייך צו ווערן די אָנגענומענע לעגענדע, אַז שלום־עליכם — דאָס איז מנחם־מענדל. אויב אין אים האָט געווירקט מנחם־מענדלס פריילעכע פאַנטאַזיע צו שאַפן הערלעכע לופט־שלעסער אין דער טרויעריקער ווירקלעכקייט, און אויב ער האָט אין זיך פאַרמאָגט מנחם־מענדלס געבענטשטע קראַפט לייכט אויפצושטיין גלייך נאָך יעדן פאַלן, — איז ער אָבער אין פּראַקטישן לעבן געווען דער פולער היפוך פון מנחם־מענדלס פּראָווינציעלער אומגעלומפּערטקייט: אין דורכפירן זאַכן האָט זיך שלום־עליכם אויסגעצייכנט ווי אַ מענטש פון גרויסער אָרדענונג און פון גרויסער וועלטלעכער דערפאַרונג. מנחם־מענדלס קאָמישע חסרונות האָט ער אין זיך, דורך דער קראַפט פון דעם קלאָר־זעעוודיקן קינסטלער, פולשטענדיק באַהערשט, און דעריבער האָט ער איבער זיי אַזוי אינטים געקאָנט לאַכן, פּונקט ווי ער האָט אינטים געקאָנט באַלייכטן מנחם־מענדלס זעלטענע מעלות.

יענעם טאָג האָט ער געהאַט אַ סך צו טאָן, כדי ביז אָוונט פאַרטיק צו ווערן מיט דער פאַמיליע צו דער רייזע. אַזוי ווי ס'איז נאָך געווען פרימאָרגן, איז ער דערווייל אַרויס איינקויפן „קאָרזינעס" (רייזע־קערב) פאַרן באַגאַזש און האָט מיך מיטגענומען אין גאַס אַריין אַ ביסל צו שמועסן. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיינע באַציאונגען מיט אַמעריקע, וועגן זיין דאָרטיקן פריינד ד"ר מאָריס פישבערג, וואָס האָט אויף זיך גענומען צו באַזאָרגן אים ביים יידישן טעאַטער און ביי דער יידישער פּרעסע אין ניו־יאָרק. ער האָט שוין ביז היינטיקן טאָג געשיקט אַהין דריי טעאַטער־שטיק און אַ גרויסע סעריע באַשרייבונגען פון די לעצטע געשעענישן אין רוסלאַנד. ער האָט, אמת, דערווייל באַקומען פון אַמע־

ריקע נאָר אַ קליינע סומע — אַ מין אַדערויף, ווייזט אויס; ער דער־וואַרט אָבער צו באַקומען פון דאָרטן זיין פולן האָנאָראַר, וואָס וועט קלעקן פאַר אונדז אַלעמען אויף שיפסקאַרטן קיין ניו־יאָרק מיט דער צווייטער קלאַס, און אפשר נאָך מיט דער ערשטער... זיצן דאָ אַן איבעריקן טאָג און אַרויסקוקן אויפן געלט — איז שוין מער קיין כוחות נישטאָ: די נערוון זענען צו פיל אָנגעשטרענגט. האָט ער טעלעגראַפירט צו ד״ר פישבערג, מע זאָל דאָס געלט אַרויסשיקן אין גאַליציע, קיין בראָד, ווו מיר וועלן מסתמא זיין גאָר אין גיכן, אפשר נאָך מאָרגן, אויב מיר וועלן ניט האָבן קיין שוועריקייטן ביי דער גרענעץ — און מיר וועלן זיכער ניט האָבן, ס׳איז פון די לייכטע זאַכן...

זיין אָפנהאַרציק־צוטרויליכער געשפּרעך מיט מיר, מיט וועלכן ער האָט מיך גלייך אַריינגענומען, ווי אַן עלטסטן זון, אין דער אינטימער מחיצה פון זיינע פאָטערלעכע זאָרגן, האָט מיך טיף געפרייט און טיף גערירט. אונדזער געשפּרעך איז אָבער גאַנץ אָפט געשטערט געוואָרן דורך באַגעגענישן און באַגריסונגען אויף דער גאַס. כמעט יעדער פאַר־בייגייער מיט אַ יידישן פנים האָט פריינדלעך געשמייכלט צו שלום־עליכמען, און אַ סך זענען געווען בעלנים זיך אָפּצושטעלן און שמועסן מיט אים. איך האָב דערווייל געכאַפּט אַ קוק אויף די קיעווער שיינע ברייטע גאַסן, וואָס לויפן גרויסשטאָטיש־רחבותדיק באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. איך האָב ביז אַהער געהאַט אַ גאַנץ שוואַכן באַגריף פון דער שטאָט קיִעוו; אַנשטאָט דעם האָט אין מיין פאָרשטעלונג העל גע־שיינט שלום־עליכמס שטאָט יעהופּעץ. און זעענדיק אַצינד, ווי ליכטיק די יעהופּעצער לייט קוקען אויף שלום־עליכמען, און וויסנדיק נאָך פון פריער, ווי וואַרעם שלום־עליכמס קינדער זענען איינגעגעסט אין זייער שטאָט, האָט מיר ווי אָנגעהויבן באַנג טאָן, וואָס שלום־עליכם וואַרפט אַוועק יעהופּעץ אין זיינע בעסטע יאָרן, געזעגנט זיך אָפּ אפשר אויף שטענדיק מיטן קוואַל פון זיינע העלסטע שאַפונגען, און לויט שלום־עליכמס אומזיכערע דערוואַרטונגען פון דעם ווייטן אומבאַקאַנטן אַמע־ריקע, האָט מיר דאָס האַרץ שטיל אַ ציטער געטאָן פאַרן גורל פון זיינע יונגע קינדער, וואָס זענען מיר שוין געוואָרן טייער... און פונקט ווי ער

וואָלט געהאַט אַ כוונה צו ענטפערן אויף מיינע געדאַנקען, האָט שלום־עליכם מיר גענומען באַווייזן אויפן וועג די איבערגעבליבענע סימנים פון דעם איבערגעלעבטן פאָגראָם: אָט דאָס הויז איז באַהאָלט געוואָרן פון סאָלדאַטישע קוילן, און אָט אין דעם הויף האָט מען געכאַפּט אַן אַלטן יידן און געשלאָגן ביז טויט, און אָט זענען די שוואַרצע צלמים, וואָס קריסטלעכע קרעמער האָבן געמאַכט אויף זייערע קלייטן. מע האָט זיי נאָך ניט פאַרפאַרבט — אַפּנים, ווייל מע וואַרט נאָך אויף פריילעכע טעג. זיי שרייען אַראָפּ פון די ווענט צו יעדן יידישן פאַרבייגייער: „מעמענטאָ מאָרי!" (געדענק דעם טויט!)...

ביי די יידישע קלייטן, ווו שלום־עליכם האָט זיך אויסגעקליבן „קאָרזינעס" פאַר דער רייזע, ווערט ער אַרומגערינגלט פון אַ וואַרעמען רעדל מיט יידן. מע באַגריסט זיך מיט אים היימיש־האַרציק און מע באַדויערט שטאַרק, וואָס ער פאָרט אַוועק פון קיעוו.

— אַפּנים, איר וואַרפט אונדז אַוועק, סאָלאָמאָן נאַאומאָוויטש, גאָר־ניט אויף קאַטאָוועס!

— אַזאַ זאַך לייגט זיך גאָרניט אויפן געדאַנק!

— וואָס פאַר אַ טעם וועט שוין יעהופּעץ האָבן אָן אייך!

— סיידן מיר זאָלן אייך נאָכפאָרן קיין אַמעריקע?

— אַדרבה, — זאָגט שלום־עליכם מיט אַ ווייכן שמייכל און אַ ביסל ווי פאַרלעגן, — טוט מיר דעם צוליב און פאָרט מיר טאַקע נאָך, וועט איר ביי מיר דאָרט זיין אָנגעלייגטע געסט!...

געבראַכט מיך צוריק אַהיים, לויפט שלום־עליכם ווידער אַוועק ערגעץ אין שטאָט אַריין צו באַזאָרגן צענדליקער זאַכן, און פאַר מיר בלייבט איבער די שווערע פליכט פון אַ חתן צו פאָרן מיט דער כלה זיך באַקענען מיט איר משפחה. נאָך אַ גליק, וואָס די משפחה טיילט זיך אויף צוויי טייל: אויף געוויינלעכע מענטשן און אויף אַריסטאָ־קראַטן — זענען די געוויינלעכע מענטשן אַליין געקומען אָנקוקען דעם חתן. די געוויינלעכע מענטשן זענען פרוי שלום־עליכמס שוועסטערקינ־דער, באַהסלעווער משכילים און שלום־עליכמס פאַרליבטע חסידים נאָך פון די יונגע יאָרן. איינער פון זיי איז, אַגב, דער עסטרייכישער וויצע־

קאָנסול אין קיִעוו, האָט ער שלום־עליכמען באַזאָרגט מיט אַן עסטרייכי־שער וויזע, און פאַר איין וועגס — שוין אויך מיט באַן־בילעטן און מיט נאָך פאַרשיידענע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער רייזע. דאָס זענען שטילע, איבערגעגעבענע, נוצלעכע קרובים, וואָס מע טרעפט ביי יעדער באַרימטער פערזענלעכקייט אין הויז. מיך האָבן זיי אויפגענומען מיט דער געהעריקער פריינדלעכקייט, אָן באַזונדערע קריטישע בליקן פון „כלהס צד״; ווי באַלד שלום־עליכם האָט מיך אַקצעפּטירט, איז מסתמא גוט.

צו די אַריסטאָקראַטן האָט מען שוין באַדאַרפט פאָרן זיך פאָר־שטעלן. די אַריסטאָקראַטן זענען אויך פון פרוי שלום־עליכמס צד: אירע אַ פלימעניצע, אַ טאָכטער פון אַ פאַרשטאָרבענעם ברודער, וואָס האָט זיך דערצויגן אונטער שלום־עליכמס השגחה. איר מאַן איז אַן אָנגעזע־ענער אַדוואָקאַט אין קיִעוו און איז אויך באַוווּסט מיט זיין יידישער געלערנזאַמקייט און כלל־טוערײ. מיך שרעקט אָבער נישט אַזוי דער מאַן, ווי זי אַליין. איך ווייס שוין, אַז אין די גוטע טעג פון שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָטעק״, בשעת זי איז געווען אַ רייכע שיינע כלה, האָט זיך דוד פרישמאַן אין איר פאַרליבט, געשריבן צו שלום־עליכמען בריוו פון אַן אומגליקלעכן פאַרליבטן, נאָר זי האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

מע נעמט אונדז ביידן אויף אין די פיין־מעבלירטע אַפּאַרטאַמענטן פאַרשיידן: די כלה — היימיש־האַרציק, דעם חתן — אָפיציעל־העפלעך. די באַלעבאָסטע איז אַ יונגע דאַמע מיט אַ פיינעם אינטעליגענטן, עטוואָס שאַרפן געזיכט. זי קוקט אויף מיר דורכן פענסנע שטרענג־פאָרשנדיק. און אפשר דאַכט זיך עס מיר אויס? אפשר האָב איך אַ טעות, נאָר איך טראַכט די גאַנצע צייט: אויב פרישמאַן האָט ביי איר ניט געהאַט קיין געווינט — וואָס פאַר אַ פּנים קאָן איך שוין האָבן אין אירע אויגן מיט מיינע צוואַנציק יאָר און מיט מיין שוואַרצן העמדל?...

צוריקגעקומען אין שלום־עליכמס הויז, געפינען מיר שוין דאָרט אַ גאַנצן חורבן: מע פאַקט זיך אין די נייגעבראַכטע „קאָרזינעס״, אין שלום־עליכמס לעדערנע וואַליזעס און אין דער „באַבושקאַס״ אַלטן,

גרויסן, געקאָוועטן קופערט. נאָר מע פּאַקט זייער שלעכט. קיין זאַך וויל ניט אַריינגיין. איך בין שוין אַ בעסערער פּאַקער. פּאַר מיינע עטלעכע יאָר וואַנדערן איבער פרעמדע שטעט האָב איך אין דעם באַקומען גרויס געניטשאַפט. איך שטעל זיך אַוועק פּאַקן, און שלום־עליכמס קינדער רינגלען מיך אַרום און באַוווּנדערן מיין קונסט. דאָס גיט מיר צו אַ געוויסע אינערלעכע שטאַרקייט: איך ווער דערמיט אָנערקענט ווי אַ נוצלעכער מיטגליד אין מיין נייער משפּחה.

דערווייל קומט אַריין דער קיִעווער ראַבינער, אינזשיניער שלמה לוריא. ער איז ניט נאָר אַ ראַבינער און אַ געוועזענער אינזשיניער פון דער רוסישער אייזנבאַן, נאָר אויך אַ געוועזענער העברעאישער דיכטער און איינער פון היינעס איבערזעצער אויף העברעאיש. ער איז שלום־עליכמס אַ נאָענטער פריינד און אַ בן־בית. ער באַקענט זיך מיט מיר, האַלט מיך ביי דער האַנט און רעדט צו שלום־עליכמען:

— אָט דאָס איז דער מחבר פון „מאָשקעלע חזיר”? איך האָב אים זיך פאָרגעשטעלט אַ סך פול־יעריקער. איז דאָך דער מאָהילעוו־פּאָדאָלסקער ראַבינער טאַקע נעבאַך געווען גערעכט!...

— איך אין זיינע יאָרן — לייגט צו שלום־עליכם פּאַר מיר אַ שבח, וואָס קלינגט פּאָטערלעך — האָב זיך קוים מיט צרות דערשלאָגן צו דרוקן מיינע ערשטע קאָרעספּאָנדענציעס אין דער „הצפירה”...

דער ראַבינער מאַכט־אויס אונדזערע פּאַפּירן. מסדר־קידושין־זיין וועט ער קומען פאַרנאַכט, ווען די משפּחה וועט זיך צוזאַמענקלייבן. פּאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, זאָגט ער צו שלום־עליכמען:

— איצט פאַרלאַנג איך מיין רח״ש! (חתונה־געצאָלט פּאַר רבנים, חזנים, שמשים).

שלום־עליכם פירט אים צו זיך אין קאַבינעט און ווייזט אים אויפן ביכער־שענקל:

— קלייבט אייך אויס וואָס אייער האַרץ גלוסט. דאָס איבעריקע גייט אויף פּאַדאָל, פּאַר די ציוניסטן.

ווי באַלד מע צאָלט דאָ רח״ש מיט ביכער, וויל חתנס צד אויך

צאָלן זיין חלק. איך לייג פאַר דעם ראַבינער אייניקע פון מיינע ביכער, וואָס איך פיר זיי אַרום מיט זיך נאָך פון דער היים.

— אָך, — זאָגט לוריא, — אויב איר האָט זיי שוין אויסגעלערנט אויף אויסוויינען, וועל איך זיי נעמען מיטן גרעסטן כבוד! זינט איך האָב אויפגעהערט צו שרייבן שירים, לייען איך אַלצדינג, וואָס אַנדערע שרייבן.

פאַרנאַכט זענען מיר שוין אַלע איינגעפּאַקט, און דאָס גרויסע עס־צימער איז יום־טובדיק צוגעקליבן און העל באַלויכטן. עס קומען זיך צונויף פּרוי שלום־עליכמס קרובים און אייניקע פון די נאָענטסטע פריינד. שלום־עליכם אַליין האָט ניט קיין קרובים אין קיִעוו. עס איז שוין אויך דאָ דער ראַבינער מיט די אָפּגעשטעמפּלטע חתונה־פּאַפּירן. שלום־עליכם האָט זיך איבערגעטאָן און איז ערנסט־פייערלעך, אינערלעך אויפגערודערט און אויסערלעך רואיק. ער רופט מיך אַוועק מיט אַ ווונק אין אַ זייטיקן חדר און פרעגט מיך, צי וועל איך אָנטאָן אַ צילינדער? אויב יאָ, האָט ער פאַר מיר אַ צילינדער.

— צו וואָס אַ צילינדער? — זאָג איך און דאָס האַרץ פאַלט מיר איין פאַר שרעק.

— כאָטש עפּעס אַן ענדערונג, ניט אינעם וואָכעדיקן היטל...

איך כאַפּ־אויף זיין ערנסטן, וואַרעמען, יום־טובדיקן בליק, און עס פאַרדריסט מיך שוין, וואָס מיט אונדזער יונגער איינגעשפּאַרטקייט האָבן מיר אים צעשטערט אַ גרויסע האַרמאָניע. קיין צילינדער טו איך ניט אָן, נאָר איך הייב אָן צו פאַרשטיין, אַז עס זענען פאַראַן מאָ־מענטן אין דעם מענטשנס לעבן, וואָס אַ וואָכעדיק היטל קאָן זיי פאַרשוועכן.

אַזוי ווי עס איז היינט חנוכה, דאָס צווייטע ליכטל, בענטשט שלום־עליכם קודם־כל חנוכה־ליכטלעך. איך בין ניט זיכער, צי ער טוט דאָס יעדעס יאָר; נאָר היינט האָט דאָס באַדאַרפט צוגעבן אַ באַזונדערע פייערלעכקייט צום פייערלעכן משפּחה־מאָמענט.

די כתובה פילט אויס שלום־עליכם אַליין מיט זיינע ליכטיקע, פּערלדיקע אותיות און מיט ליכטיקע גרינע טינט, און די צערעמאָניע

פון סידור־קידושין ווערט דורכגעפירט מיט אַלע תגן, אַפילו מיט אַ רוי־סישער דרשה פונעם ראַבינער. אין דער דרשה רעדט דער ראַבינער פון דעם אייביקן וואַנדערער ישראל און פון דער „שכינה", וואָס באַגלייט אים אויף זיין וואַנדער־וועג. ער רעדט אויך פון די צוויי שפּראַכן און פון די צוויי ליטעראַטורן ביי אונדזער פאָלק, וואָס ווערן היינט פאַר־איייניקט אין איין פאַמיליע־בונד... אַלע קינדער, מיט דער משפחה, מיט דער אַלטער יום־טובדיקער „באַבושקאַ", און שלום־עליכם מיט זיין פרוי אין מיטן, הערן אויס די דרשה מיט אָנגעשטרענגטע פּנימער. נאָר איין ליאַלי האַלט ניט אויס, קערט זיך אָפּ אָן אַ זייט און לאָזט אַ טרער.

און אָט איז שוין נאָכן טומל פון די מזל־טובס מיט די ווינטשע־וואַניעס, און גלייך הייבט מען אָן זיך געזעגענען מיט די גוטע פריינד און אַראָפּטראָגן דעם באַגאַזש. אונטן וואַרט שוין אַ שורה דראָזשקעס. מיר זעצן זיך אַלע אויס מיט דער גאַנצער משפחה און פאָרן צום וואָקזאַל.

אויפן וואָקזאַל, בשעת די באָהסלעווער קרובים באַזאָרגן דעם באַגאַזש, נעמט מיך שלום־עליכם אונטער דער האַנט און שפּאַצירט מיט מיר הין און צוריק צווישן עולם, דורך די אָנגעוואָרפענע וואַ־ליזעס און פּעקלעך. איך שפּיר די נאָענטע צוגעלאָזטקייט פון זיין פאַ־טערלעכן אָרעם און הער זיך צו מיט אַ גערירטן האַרצן צו דער טיפער וואַרעמקייט פון זיין שטים. ער רעדט צו מיר פון דער ליכטיקער צוקונפט, וואָס דערוואַרט אונדז ביידן אין אַמעריקע. עס וועט זיך דאָרט עפענען פאַר אונדז אַ פרייע, ברייטע, ליכטיקע וועלט, מיט ברייטע מעגלעכקייטן, מיט אַ רייכער פּרעסע, מיט אַ גוט־אַוועקגעשטעלטן טעאַטער, — מיר וועלן דאָרט ענדלעך קאָנען זיך צענעמען די הענט. ער ווייסט, אַז אַמעריקע ווערט דאָס צוקונפט־לאַנד פאַר יידן, אַהין גייט איצט אַ שטאַרקער שטראָם פון יידישער עמיגראַציע, און ער דאַרף דאָרט זיין, ער דאַרף גיין אַהין, וווהין דאָס פאָלק גייט. ער ווייסט, אַז דאָרט וועט ער ענדלעך געפינען דאָס, וואָס ער זוכט יאָרן־לאַנג. פון זינט ער האָט געמוזט אָפּשטעלן זיין „פאָלקסביבליאָטעק" חלומט ער פון אַן אייגענעם ווינקל, פון אַן אייגענער עכטער און ריינער פאָלקס־

צייטונג, און ער האָפּט, אַז איצט וועט זיין חלום מקוים ווערן דווקא אין אַמעריקע, און איך וועל אים אין דעם קאָנען העלפן. איך בין נאָך יונג, ערשט אַרויס אויף דער וועלט, מיין וועג איז פאַר מיר אָפן... ער מיינט ניט, אַז איך זאָל אויפגעבן העברעאיש — איך וועל קאָנען אַרבעטן אויף ביידע שפּראַכן, אויף העברעאיש נאָך אפשר מער ווי אויף יידיש, וואָרעם מיט העברעאיש וועל איך אין אַמעריקע זיין דער ערשטער אויפן פעלד... נאָר ניט אַראָפּפאַלן ביי זיך, זיך האַלטן מוטיק, קוקן דעם לעבן גלייך אין די אויגן אַריין — און אַרבעטן, אַרבעטן, אַרבעטן...

# אינהאַלט

## פעלער־אויסבעסערונג

זייט עז: אויסמעקן די פרעמדע שורה 26 און אריינשרייבן די ארויס־געפאלענע שורה:

מיין אייגענעם שרייבערשן כבוד, וואס איך פארשוועך אים דורך קנעלן

זייט צו, שורות 11—12: אויסמעקן די צוויי שורות און אנשטאט זיי אריינשרייבן פאלגנדיקס:

— דא שטא ווי, סאראק דיעוועט קאפעיעק נאליטשנימי פראטשקע זאפלאטיל! ניעאוזש־טא זאבילי? (וואס רעדט איר, ניין און פערציק קאפיקעס מזומנע דער וועשערין באצאלט! שוין זשע האט איר פארגעסן?)

זייט צח, שורה 25: אנשטאט און קיין שום שפור — אן קיין שום שפור

זייט קמ, שורה 16: אנשטאט איז שווער געווען — איז אים שווער געווען

זייט קעח, שורה 17: אנשטאט א גרויס דיקן — א גרויסן דיקן

זייט קצ, שורה 27: אנשטאט פוכיקע — פוכקע

זייט רמג, שורה 16: אנשטאט ער רעדט טאקע — ער רעדט. ער רעדט טאקע